

אפונהנדין דבושה



בליזובסקי נחמן

[redacted]

גוטליב יוסף, אסתר, שכנא, אריה



[redacted]

אפונהנדין שמעון





בסביץ יוסף



בסביץ רייזל



בסביץ סוניה



בסביץ יעקב ואמו



בסביץ דוד

בסביץ טייבל





משפחת גלויברמן

משפחת אייזנברג ללציצקי





וגר דוד



וגר דבירה



וגר הרשל, רבקה, חשל

נחמן וגר



וגר רחל, וגר שרה





(שמאל מלמעלה למטה)
דב מאיר ליפשיץ
משה ליפשיץ
חיים בן משה ליפשיץ



איידל ליפשיץ (ימין)





שמואל ואשתו ברכה ליפשיץ

איידל ויעקב בני משה ליפשיץ







מרגולין סנדר אחותו משה והילדים



משפחת סנדברג יעקב



מישלוב שמחה
(באמצע)

אברהם וצירל ליפשיץ



מרים ונח מישלוב
(למטה)





מוצולסקי רשקע, רייצע



מוצולסקי יוסף

משפחת פרבר דב





ישראל מאיר לחובסקי



איטקה רחל, אשת לחובסקי

משפחת פינקלשטיין








(למעלה מימין לשמאל)

**פינקלשטיין ישראל, אולשנסקי יעקב,**
**אולשנסקי ישראל**

(באמצע) **חיה ושלמה פינקלשטיין**

(למטה משמאל לימין)
**רבקה ולולה מונבז, פינקלשטיין ליפא**






(למעלה מימין לשמאל) **לייבל, דוד, זאב ברזדיבין, מיכלע, הינדע, פערל.**
(למטה מימין לשמאל) **אייזל, נישקע, ברוך**



חיה וניסן בוכליצקי



טורקניץ מרדכי

משפחת מגידוביץ



ילדי חיה וניסן בוכליצקי





לאה קלוז'ני



בני יצחק מגידוביץ גרשון, שייקה, אלקע, פייגלה

משפחת מגידוביץ יצחק



משפחת מגידוביץ אברהם





פינסקי יואל ובנו



רוקנין רייזל ולייזר

משפחת פישמן





יצחק־אריה, שרה ברינדל



פרצוב גצל

פרצוב יעקב, גלדה, אפרים, נות, נחמה, שרה רבקה





רשקה ויעקב רפפורט

משפחת קרבציק : מנדל ,שיינדל, שלמה, זלדה, דבורה, סנדר, ינטל, צפורה, אליעזר.





שוורצמן איטקה ובתה מריה



שוורצמן מרים

משפחת צעציק צבי





ליטמן קלוזני



ליטמן בן יוסף קלוזנ׳י

סוסניק חנה גיטל



שפר מרדכי



שפר זאב



# קדושי רובליה

הרב יונגשטין, אשתו מלכה ו־3 ילדיהם
בודומסקי משה, אשתו הינדה ובתם
בורשטין יהודה
ביגלמן אברהם צבי, אשתו ו־2 ילדיהם
ביגלמן איציק, אשתו וילדיהם
בשקין אשר, אשתו מרים וילדיהם
גומר שמואל, אשתו, בתם רחל ובנם בורה
גומר יהודה ואשתו
גינזבורג איסר, אשתו מלכה, בנם מאיר ולולי ובתם רייזיל
גינזבורג בועז, אשתו ובתם פרל עם 3 ילדיה
גינזבורג ליטמן, אשתו שיינדיל ו־5 ילדיהם
גינזבורג מאיר, אשתו וילדם
גינזבורג משה, אשתו וילדיהם
גינזבורג נח, אשתו וילדיו (בן יעקב)
גינזבורג שלמה, אשתו יונה ו־2 ילדיהם
גינגדל זלמן, אשתו ו־3 ילדיהם
גינגדל ליטמן, אשתו שינדיל ו־5 ילדיהם
זינגרמן מרדכי, אשתו שרה
זינגרמן חיה ברכה, בעלה אפרים גלוברזון ובנותיהם גישה וליפשה
זינגרמן גיטיל, בעלה ליביל לנדו ובנם יואל, אשתו חישקה ו־3 ילדיהם
כהן לאה אשת השו״ב
ליפשיץ אהרן, אשתו פיגל ובנם מאיר
ליפשיץ סוניה, אשתו חיה וילדיהם: שינדל, בילה, זלדה, דבושה, אשקה יחנה, אשר ועוד ילד, אמו דבורה
למקוביץ אהרן, אשתו חיה לאה וילדיהם יעקב, נחום וגרוניה
משפחת מחרסון
מורבניק מאיר, אשתו פשה ו־3 ילדיהם
מרר שלמה, אשתו מלכה ו־2 ילדיהם

מרר שלמה בן צבי, אשתו חוה, בתם צפורה, בנם צבי ועוד 2 ילדים
נוסנצוק בן ציון, אשתו וילדיו
נוסנצוק גניה וילדיה
נוסנצוק יוסף, אשתו רבקה, ילדיהם גולדה ויהושע
נוסנצוק משה, אשתו ו־2 ילדיהם
נוסנצוק יהודה, אשתו אשקה, ילדיהם אברהם ופשקה
פורטנוי איסר, אשתו רחל ו־3 ילדיהם
פורטנוי דוד, אשתו שרה וילדיהם
פורטנוי חנה פיגל, בתה רבקה וילדיה
פלוטניצקי איסר, אמו בילה, אשתו פיגיל, בנותיהם: זיסל, חוה ועוד אחת
פלוטניצקי ישראל, אשתו ו־3 ילדיהם
פלוטניצקי יוסף, אשתו ויכנה
פלוטניצקי נחום, אשתו רישה ו־3 ילדיהם
פישמן זליג, אשתו סוניה ו־3 ילדיהם
פרומקין יהודה ברוך, אשתו חוה ובתם רייכל
פרס חיה פריל, גנשה דוברושקה, יצחק, יעקב ומשה
פרידמן יעקב, אשתו מיכל ו־2 ילדיהם
צציק נח ליב, אשתו אלטה וילדיה
קוניק אסנת ובנותיה
רוזנצווייג חיים ליב, אשתו רבקה ובתם גולדה
רימר יהודה
רימר יעקב מיכל וחוה
רימר מרים ובתה חנה
רימר צביה, בעלה ו־3 ילדיהם
רימר משה פיביל, אשתו חיה ו־8 ילדיהם
שולמן אברהם, בתו פסיל, בעלה ו־3 ילדיה
שולמן מוט־ל ומשפחתו

## השם ינקום דמם

**אל מלא רחמים**, בורא ארץ ומרומים, שומע שועת עגומים, דיין אלמנות ואבי יתומים, אל נא תחשה ותתאפק לדם עמך השפוך כמים נגרים, המצא מנוחה נכונה על כנפי השכינה במעלות קדושים וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים לאלפי נשמותיהם של ישראל קדושים, אנשים ונשים, ילדים וילדות, עוללים וטף, שנהרגו, ושנשחטו, ושנחנקו, ושהוטבעו, ושנשרפו, ונקברו חיים, במדינות: פולניה, אוסטריה, בולגריה, בלגיה, בוקובינה, בסרביה, גליציה, גרמניה, דניה, הונגריה, הולנד, יוגוסלביה, יון, לטביה, ליטה, נורבגיה, צ׳כוסלובקיה, צרפת ויתר ארצות אירופה. כולם קדושים וטהורים וביניהם גבורי הרוח, גאונים, צדיקים, רבנים וחסידים וראשי ישיבות, ארזי הלבנון ואדירי תורה ותלמידיהם, יזכרם אלהינו לטובה ובגן עדן תהא מנוחתם, בעל הרחמים יסתירם בסתר כנפיו לעולמים ויצרור בצרור את נשמותיהם, ה׳ הוא נחלתם והוא ינקום נקמתם ויזכור לנו עקדתם ותעמוד לנו ולכל ישראל זכותם.

ארץ, אל תכסי דמם, ואל יהי מקום לזעקתם. בזכותם ישובו נדחי ישראל לאחוזתם והקדושים האלה תהא לזכרון־תמיד לפני ה׳ צדקתם. יבואו שלום וינוחו על משכבותם ויקיצו ויעמדו לקץ הימים לחיותם, ונאמר אמן.

גליקליך איז דער און געבענשט זאל דער ווערן
וואס וועט פאראייביגען אייערע טרערן
הייליגע, צוויטויזענט־יעריגע טרערן.
(חיים נחמן ביאליק, גלוסט זיך מיר ווײנען...)

ווען מיין קאפ וואלט מיט וואסער פול זיין
מיינע אויגן א קוואל טרערן פול
וואלט איך טאג און נאכט געוויינט
איבער די קדושים פון מיין געפייניגט פאלק.
(פון תנ״ך, ירמיהו, קאפ. 8 פסוק 23)

## פארווארט

אינ׳ם דאזיקן בוך זענען מיר זיך מתיחד מיטן הייליקן אנדענק פון אונזערע טייערע דאוויד־האראדאקער שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען אומגעבראכט געווארן אויף אזא אכזריותדיקן אויפן דורך די נאצישע רוצחים.

* * *

זאל דאס בוך דינען ווי א הייליקע אייביקייטס־מצבה פאר די לעבנס, וועלכע זענען פארשניטן געווארן אָן רחמנות און גלייכצייטיק, זאל דאס בוך זיין אן אומאפמעקבארער קין־צייכן אויף די שטערנס פון די, וואס האבן ווי ווילדע חיות פארגאסן אומשולדיק בלוט פון מענער, פרויען, קינדער, אלטע לייט, קראנקע־פרידלעכע און שוצלאזע יידן.

* * *

מיר האבן געמאכט א פרווו אויפלעבן און דורכפלעכטן אין דאזיקן בוך קאפיטלען פון שטעטלשן שאפונגס און ארבעטס־לעבן, ווי אויך געבן א בילד פון ברויזנדן, שפרודלידקן לעבנס־לוסט אין זיינע פארשיידענע פארמען און תקופות.

די קומענדיקע דורות, וועלן אין דאזיקן בוך, אזוי ווי אין אלע אנדערע יזכור־ביכער, געפינען אן אפשפיגלונג פונ׳ם יידישן לעבן אין די מזרח־אייראפייאישע גלות לענדער פון פארן גרויסן חורבן און אומקום.

דאס בוך פרעטענדירט ניט אפצושפיגלען דאס גאנצע פילזייטיקע און פילפארביקע יידיש לעבן אין דאוויד־האראדאק, ווייל אויך דאס, וואס ס׳געפינט זיך אין אים — איז בלויז א קליין טייל פון דער אריגינעלער דאוויד־האראדאקערווירקלעכקייט.

אונדזער שטעטל איז ניט קיין אויסנאם מיט איר אריגינעלקייט פון אלע אנדערע יידישע שטעטלאך אין פארמלחמהדיקן פוילן; אבער פאר די געבוירענע אין דאוויד־האראדאק און פאר די, וואס האבן דארט פארבראכט זייער יוגנט און א גרויסן טייל פון זייער לעבן, איז דאס שטעטל אן אומאויסשעפלאכער קוואל פון אומפארגעסלעכע איבערלעבונגען, פון דערינערונגען און דער־ציילונגען וועגן דעם, וואס איז אמאל געווען און פארשוונדן אויף אייביק.

* * *

מיר אונטערשטרייכן מיט גענוגטואונג, אז אונדזער שטעטל איז איינע פון די ווייניקע קהילות, וועמענ׳ס הויפט רוצחים פון צווישן דער ארטיקער ווייסרוסישער באפעלקערונג — די „האראדטשוקעס״ — זענען ארעסטירט און איינגעזעצט געווארן אדאנק די אומדערמידלעכע און מסירות־נפשדיקע אנשטרענגונגען פון אונדזער בן־עיר אהרון (ארצ׳יק) בר׳ דב מוראוועטשיק.

* * *

15 יאר זענען שוין פארביי, זייט דעם טראגיש־שוידערלעכן טאג פון י״ז באב תשי״א — דעם טאג פון מאסן־מארד אין אונדזער שטעטל און די ווּנד איז ניט פארהיילט געווארן און וועט קיינמאל ניט פארהיילט ווערן.

דאס איינציקע, וואס מיר האבן געקאנט אויפטאן, כדי צו פאראייביקן דעם אנדעק פון די קדושים, איז צו שטעלן די דאזיקע מצבה.

זאל, אלזא, די מצבה שיקן איר הארצרייסנדן וויי־געשריי צו די הימלען אויף דור דורות.

דער יזכור־בוך איז א פראדוקט פון קאלעקטיווער ארבעט פון אונדזער שארית הפליטה אין מדינת ישראל און אין די פארשיידענע גלות לענדער.

דאס געשילדערטע אין אים איז געשריבן געווארן דורך יידן פון א גאנץ יאר, וואס זענען קיינמאל ניט געווען און פרעטענדירן ניט צו זיין קיין שרייבער.

דעריין זעען מיר דעם באזונדערן ווערט פונ׳ם בוך, וואס איז אן אויסדרוק פון פשטות און אוממיטלבארקייט.

א יישר־כוח די אלע, אין ישראל און אין חוץ לארץ, וועלכע האבן געשריבן דערינערונגען, געקליבן דאקומענטן און בילדער, געווידמעט צייט, ענערגיע און מי, געשאפן די נויטיקע פאנדן און געהאלפן דער רעדאקציע אויסצופילן די, ארויפגעלייגטע אויף איר, הייליקע שליחות.

די רעדאקציע.

* * *

מיר דריקן אויס אונדזערע דאנקבארקייטס־געפילן און אנערקענונג די אלע, וועלכע האבן אונדז געהאלפן ארויסגעבן דעם יזכור־בוך צום אנדענק פון די קדושים פון דאוויד־הארადאק און אומגעגענד.

— דעם דאוויד־הארადאקער פרויען קאמיטעט אין דעטראיט און דער פרוי חנה שפילבערג־גראנאדיר, וועלכע האט א גרויסן חלק אין די אויפטועןן פונם קאמיטעט;

— דעם דאוויד־הארადאקער קאמיטעט אין ניו־יארק און דעם הער יעקב קיטאי, וועלכער האט פיל אויפגעטאן אויפן געביט פון זאמלען מאטעריאל און געלטער פארן בוך;

— אונדזערע חברים יצחק זעלדין־עידן, יוסף ליפשיץ און יעקב מאַר (קאָפּל מוראוועטשיק), וועלכע האבן זיך באטייליקט אין שרייבן, רעדאגירן, איבערזעצן און קארעגירן דעם בוך:

— די אלע, וועלכע האבן געווידמעט צייט און מי, כדי דאס בוך זאל דערשיינען.

זאל דאס בוך דינען פארן פרט און פארן כלל און פאר דער גאנצער, אין טרויער און ווייטיק, לעבענס־געבליבענער דאוויד־הארადאקער משפחה, אלס בוך פון לערע און פארטיפונג.

זאל דער דאזיקער אויפטו — דאס בוך צום אנדענק פון די דאוויד־הארადאקער קדושים — פארטרעטן אן אייביקייטס־מצבה ביזן לעצטן דור.

קאָמיטעט
פון די דאוויד־הארადאקער און אומגעגנד
אין ישראל

## די געשיכטע פון דאַוויד־האַראַדאַק

פאָרוואָרט

כ׳האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו געבן אין מיין דאָזיקער באַשרייבונג א געשיכטלעכע אָפּהאַנדלונג און א בילד פון אונדזער שטעטל דאַוויד־האַראַדאַק אין אַלגעמיין און פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין איר בפרט.

איך בין ניט קיין שרייבער און אוודאי ניט קיין היסטאָריקער, כ׳האָב אויך קיין פּרעטענזיעס ניט דערצו. איך ווייס ניט, דעריבער, אויף וויפיל ס׳וועט מיר געלינגען ריכטיק און אין דער געהעריקער אָרדענונג די געשיכטע פון דאַוויד־האַראַדאַק.

צו מיין דאָזיקער אַרבעט, האָב איך מיך באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן פון די „ייוואָ־בלעטער", מיט דער „געשיכטע פון ליטווישן ייִדנטום" פון ס. א. בערשאַדסקי, מיט י. שיפּער׳ס „די באַזעצונג פון ייִדן אין ליטע און פּוילן אין די אַמאָליקע צייטן, ביזן ענדע פון 18־טן יאָר־הונדערט" און מיטן זאַמלבוך „1000 יאָר פּינסק".

ליידער זענען מיר אָפּגעריסן פון די מאַטעריאַלן און אַרכיוון, וואָס וואָלטן אונז געקענט געבן א מער גענויעם און קלאָרן בילד פון דאַוויד־האַראַדאַק.

די געשיכטע פון שטעטל אין די לעצטע 70־80 יאָר, האָב איך געשעפּט פון די מונדלעכע דערציילונגען פון אונדזערע זקני העיר, פון מיינע פּערזענלעכע זכרונות און אויך פון די אַלע, וואָס האָבן געקענט עפּעס צוגעבן און דערגענצן.

איך האָב מיך, ווי וויט מעגלעך, באַמיט איבערצוגעבן בלויז פאַקטן און דאַטעס, אויס־מיידנדיק אָפּשאַצונגען. כ׳האָב מיך אויך באַמיט צו קאָנטראָלירן די ריכטיקייט פון די דאָזיקע פאַקטן.

כ׳בין זיכער, אַז מיין אַרבעט איז ניט קיין אויסשעפּענדע. מעגלעך, אַז געוויסע וויכטיקע געשעענישן האָבן ניט באַקומען זייער אָפּשפּיגלונג אין מיין דאָזיקער אַרבעט. ס׳קען זיין, אַז כ׳האָב געוויסע מאָמענטן געדאַרפט ברייטער און אויספירלעכער באַשרייבן און אַנדערע פאַרקירצן — פאַר די פעלערן און בלויזן בעט איך אַנטשולדיקונג פון די חשובע לעזער און לאַנדסלייט.

מיין דאָזיקע אַרבעט האָב איך געשריבן מיט א יראת הכבוד, מיט א ציטער אין האַרץ. איך האַלט פאַר מיין הייליקן פליכט צו פאַראייביקן אויפן פּאַפּיר די געשיכטע פון אונדזער שטעטעלע, ווו ס׳האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט אונדזערע עלטערן, געבויט זייערע נעסטן, אויפגעשטעלט משפחות, געהאַט זייערע מנהגים און געוווינהייטן, דורכגעמאַכט צייטן פון פרייד און פון ליידן און צום סוף אַזוי טראַגיש אומגעקומען צוזאַמען מיט דער איבערוועלטיגנדער מערהייט פון אייראָפּייאישן ייִדנטום דורך די מערדערישע היטלעריסטישע, מיט בלוט פאַרפלעקטע, הענט.

איך מיין, אַז כ׳וועל ניט זינדיקן מיט קיין לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם, אויב איך וועל וואַגן צו זאָגן, אַז דאַוויד־האַראַדאַק, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שטעטעלע, וואָס האָט זיך אונטערשיידט פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

א שטעטעלע, וואָס די ייִדן אין איר זענען געווען פרום און ניט פאַנאַטיש, און האָבן געזאָרגט פאַר ייִדישער און אַלגעמיינער בילדונג, מיט קיין אַרבעט האָבן זיך ייִדן ניט געשעמט, דאַגעגן איז געווען א חרפה צו זיין אַן עם־האָרץ.

אַ שטעטעלע, וואס איז געווען דורכאויס ציוניסטיש, מיט אַן אנטוויקלטער און טיכטיקער יוגנט, וועלכע האט געלערנט און געשטרעבט צו בילדונג און וויסן.

זי איז געווען די איינציקע אין גאנצן גלות, ווו די קינדער האבן אין די לעצטע פאר־מלחמה־יארן גערעדט צווישן זיך, מיט די עלטערן און אפילו מיט די גוישע דינסטן אויסשליסלעך עברית.

א שטעטעלע, וועלכע האט פארמאגט איינע פון די בעסטע „תרבות"־שולן אין פוילן, פיל קולטור אינסטיטוציעס און אנשטאלטן, ביבליאטעקן מיט ערנסטע לעזער און אלע פאר־לעזונגען און רעפעראטן זענען פארגעקומען ביי פול געפאקטע זאלן.

ס'איז א ווייטיק אין הארץ, צו שרייבן וועגן דעם אַלעם אין דער שפראך פון פאר־גאנגענהייט, וויסנדיק, אז דאס אלץ איז פארשווונדן און אומגעקומען אויף אזא טראגישן אופן.

זאל דעריבער די דאזיקע ארבעט, וועלכע איך ברענג יעצט פאר אייך, טייערע לאנדסלייט, דינען ווי א קליין באשיידן דענקמאל פאר אונדזערע קדושים.

## די אלגעמיינע געשיכטע פון דאוויד־הארא־דאק

מיר האבן ניט קיין קלארן ענטפער אויף די פראגן, ווען ס'איז אנטשטאנען די שטעטעלע, אין וואסערע אומשטענדן און ווען ס'איז אין איר אנטשטאנען דער יידישער ישוב.

איך וועל מיך באמיען, לויט די ווייניקע היסטארישע מאטעריאלן, וואס זענען וועגן דעם דא, לויט דער געאגראפישער לאגע פון שטעטל און לויט איר נאמען פעסטצושטעלן די אומגעפער, צום אמת, נאענטע דאטע.

דאוויד־הארא־דאק ליגט אין הארץ פון פאלעסיע, ביים טייך הארין (10 קילאמעטער פארן צונויפגיסן זיך פון הארין אין טייך פריפיעט). דער טייך הארין איז 570 קילאמעטער לאנג און ער פאראייניקט וואלין מיט פאלעסיע. א דאנק דער וואסער־פארבינדונג זענען וואלין און פאלעסיע געווען פאראייניקט מיט אוקראינע פון איין זייט און מיט ליטע פון דער צווייטער.

כדי צו דערנענטערן זיך צו דער תשובה אויף דער פראגע, ווען דאוויד־הארא־דאק איז אנטשטאנען, מוזן מיר נעמען צו הילף די געשיכטע פון פאלעסיע אין אלגעמיין, העלכע וועט אונדז אביסל באלייכטן די פראגע.

די ערשטע היסטאריש־קאנטראלירטע ידיעה וועגן פאלעסיע שטאמט פון יאר 988.

אין דער „כראניק פון סוזדאלער פערעיעסלאוו" ווערט אונטער דער דאטע ארומגערעדט די חלוקה פון רוסלאנד, וועלכע ווערט פאנאנדער געטיילט צווישן וולאדימיר ד'עם גרויסנס זין; דארט ווערט דערציילט, אז איינער פון זיינע זין — סוויאטאפאלק באקומט פינסק, טורעוו און דערעוויע.

אין יאר 1005 ווערט אין טורעוו געגרינדעט א קירכלעכער צענטער און אלע שטעט ארום, איינשליסלעך פינסק געהערן צו דער טורעווער ביסקאפיע.

אין יענער צייט האבן אלע רוסישע שטעט געליטן פון די אפטע טאטארישע אנפאלן. אין יאר 1185 ווערט טורעוו אזוי שטארק צושטערט דורך די טאטארישע אנפאלן „אז זי איז שוין מער קיינמאל ניט צוריקגעקומען צו איר פריערדיקן גלאנץ".

אין יאר 1240 מאכן די טאטארן חרוב די גאנצע געגנט, וואס איז געלעגן אויף דער רעכטער זייט פון הארין און פריפיעט. אלע איינוווינער זענען דאן אנטלאפן אויף דער צווייטער זייט טייך און איבערהויפט קיין פינסק, ווו ס'האבן זיך קאנצענטרירט דער טשערניגאווער פירשט מיכאיל מיט רעשטלאך פון זיין מיליטער און וואלינער פירשטן.

די טאטארן זיינען דעמאלט פארבליבן א לענגערע צייט אין פאלעסיע און לויט אלע ווארשיינלעכקייטן איז דאן דורך זיי געגרינדעט געווארן דאוויד־הארადאק. זיי האבן אויך אנגעשאטן דעם בארג ביים ברעג פון טייך, וועלכער האט זיי געדינט פאר א פעסטונג. אין שפעטערע יארן איז אויפן דאזיקן בארג אויסגעבויט געווארן א פראוואסלאווער קלויסטער.

אז דער בארג איז געווען א קינסטלעך אנגעשאטענער איז באשטעטיקט געווארן דורך די אויסגראבונגען, וואס די פאלאקן האבן דארט געמאכט אין יאר 1936־37 און געפונען אין די טיפענישן פארשיידענע כלים און קברים.




פונוואנען נעמט זיך דער נאמען דאוויד־הארადאק? וועגן דעם זענען דא פארשיידענע לעגענדעס:

איינע זאגט, אז דאס איז א נאמען נאך איינעם פון א פירשט׳ס קינדער: דאוויד.

די צווייטע לעגענדע — א פוילישע — זאגט, אז אָווידיוס איז דורכן אמאליקן רוים פארשיקט געווארן אין דער געגנט פון שווארצן ים און אז ער איז געשטארבן אין דאוויד־הארადאק און דעריבער טראגט די שטעטל זיין נאמען.

די דריטע לעגענדע זאגט, אז דאוויד איז געווען א פארשפרייטער נאמען צווישן די טאטארן און זיי האבן דאס א נאמען געגעבן דאוויד־הארადאק. אגב, ביז היינט צו טאג זענען געבליבן די שפורן פון דער טאטארישער ראסע אויף די דאוויד־הארადאקער מיעשטשאנעס, וועלכע הייסן „הארადטשוקעס". זיי אונטערשיידן זיך פון דער ארומיקער קריסטלעכער באפעל־קערונג מיט זייער ברייטער טאטארישער נאז, מיט דער העל־ברוינער פארב פון זייערע געזיכטער און מיט זייער קערפערליכן געבוי.

לויט אלע װאַרשײַנלעכקײטן איז דאַװיד־האָראַדאָק געגרינדעט געװאָרן אין ענדע פון 11־טן אָדער אָנהײב פון 12־טן יאָרהונדערט דורך די טאַטאַרן.

די ערשטע היסטאָרישע ידיעה װעגן דאַװיד־האָראַדאָק איז פון 14־טן יאָרהונדערט. לויטן דאַמאָלסדיקן טראַקטאַט צװישן די קרײַצלער און ליטװישן גרױספירשט װיטאָס, װאָס װערט אָנערקענט אַלס זעלבסטשטענדיקער הערשער פון ליטע, װערט בפירוש דערמאָנט אַז פּינסק, דאַװיד־האָראַדאָק און לודמיר (װלאַדימיר־װאָלינסק) גײען אַריבער פון װיטאָסעס הענט צום סטאַראָדובער פירשט זיגיסמונד קעיסטוטאָװיטש.

דאָס באַװײַזט, אַז צו יענער צײַט איז שוין דאַװיד־האָראַדאָק געװען אַ װיכטיקע שטאָט.

פון דאַן אָן איז דאַװיד־האָראַדאָק אָנגעשלאָסן צום פּינסקער פירשטנטום, װאָס האָט אין יענער צײַט אַרומגענומען גאַנץ פּאָלעסיע.

אין 15־טן יאָרהונדערט גײט אַריבער דאַװיד־האָראַדאָק צום פירשט יורי סעמיאָנאָװיטש אָלשאַנסקי, װעלכער איז געװען דער שטעלפאַרטרעטער פון ליטװישן גרױס־פירשט און פּױלישן קעניג קאַזימיר יאַגעללאָ.

נאָכן טויט פון פירשט יורי, װערט דער גרױספירשטלעכער פאַרטרעטער איװאַן סװיאַטאָ־סלאַװיטש און נאָך זײַן טויט גײט דאָס פּינסקער פירשטנטום אַריבער אויף אַ קורצער צײַט צו דער פּױלישער קרױן.

אין יאָר 1427 װערט די הערשערין פון פּינסקער פירשטנטום די פירשטין מאַריאַ, װעלכע האָט געהערשט צוזאַמען מיט איר זון װאַסילי ביזן יאָר 1495. נאָך װאַסיליס טויט, האָט זײַן אָרט פאַרנומען זײַן שװעסטער אַלענאַ מיט איר מאַן פיאָדאָר.

אין יאָר 1521 שטאַרבט דער פירשט פיאָדאָר און דאַן גײט דאָס פּינסקער פירשטנטום אַריבער צום קעניג זיגיסמונד דעם ערשטן. דעם 8־טן אָקטאָבער 1523 גיט איבער דער זעלבער קעניג זײַן פרוי באָנאַ ספאָרצאַ די געגנט פון פּינסק, קלעצק, דאַװיד־האָראַדאָק און ראַהאַטשאָװ.

אין דער תקופה פון באָנאַ ספאָרצאַס הערשאַפט האָט זיך פּאָלעסיע שטאַרק אַנטװיקלט. זי, באָנאַ ספאָרצאַ, האָט אַראָפּגעבראַכט פּױלישע קאָלאָניסטן און זײ באַזעצט אויף פרײַע באָדנס. זי האָט דורכגערײניקט די טײַכן, געגראָבן קאַנאַלן, זי האָט אײַנגעפירט אַ ספּעציעלן שטײַער פון פּינסקער אײַנװוינער אין דער פאָרם פון 12 פישערס, װעלכע האָבן געשאַפן אַ שטענדיקע קאָמוניקאַציע צװישן פּינסק, נאַבעל און דאַװיד־האָראַדאָק.

אין יאָר 1556 פאַרלאָזט די קעניגין באָנאַ ספאָרצאַ פּױלן און דערמיט ענדיקט זיך אויך איר הערשאַפט אין פּינסקער פירשטנטום.

דער פּױלישער קעניג און ליטװישער גרױספירשט זיגיסמונד אויגוסט נעמט דאַן איבער די דאָזיקע געגנט און מאַכט בטל דאָס פּינסקער פירשטנטום. דאָס פריערדיקע פּינסקער פירשטנטום װערט דאַן פאַראײניקט מיט כאָמסקער, זשאַבער און באָראַדיצער געגנט און זײ װערן אָנגעשלאָסן צום ליטװישן פירשטנטום.

אין יאָר 1569 איז געשען אַ װענדע־פּונקט אין די באַציאונגען צװישן פּױלן און ליטע. איז דאָזיקן יאָר איז אויף דער זיצונג פון לובלינער סיים באַשלאָסן געװאָרן צו שאַפן אָן ענגע פּאָליטישע אוניע צװישן פּױלן און ליטע. דער דאָזיקער באַשלוס האָט געעפנט די טירן פאַר פּױלישע אײַנפלוסן אין אַלע געגנטן פון ליטע.

די פּױלישע קולטור און איבערהויפּט דער קאַטױלישער קלער, האָט דאָס גלײַך אויסגענוצט און אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אין אַלע געגנטן. די אויפגאַבע איז געװען אַ דאָפּעלטע: פּאָלאָניזירן די עכט רוסישע געגנטן און גלײַכצײַטיק דערנענטערן זײ צום רוימיש־קאַטױלישן גלויבן.

מיט דער אונטערשטיצונג פון פּױלישן קעניג זיגיסמונד דעם 3־טן, האָט זיך דער קאַטױלישער קלער גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס ברען. זײ האָבן זיך אין זײער דאָזיקער

ארבעט ניט אפּגעשטעלט פאר קיין זאך. מ׳האט חרוב געמאכט פּראוואסלאווע קלויסטערס און מאנאסטירן, געטרודפט אלע בירגער פון פּראוואסלאווענעם גלויבן און מ׳האט זיי געוואלט אזוי־ארום ברענגען צום באוואוסטזיין, אז אין די ראַמען פון דער הערשענדער אַרדענונג, קענען זיי — אלס פּראוואסלאווע — קיין רו און זיכערקייט ניט האבן.

בכדי לייכטער אריבערצוציען די פּראוואסלאווע באפעלקערונג צום קאטאליציזם, איז דאן, צו דעם צוועק, געשאפן געווארן די אַזויגערופענע „קירכלעכע אוניע״, וועלכע האט געזאלט זיין א בריק צווישן ביידע קירכן. די „אוניע״ איז געגאנגען מיט דער פּראוואסלאווער קירך אויף אייניקע הנחות, איבערלאזנדיק איר די שפּראך מיט נאך עטלעכע מנהגים. דאגעגן האבן די „אוניאטן״ געהאט פיל רוימיש־קאטוילישע מנהגים און דאס וויכטיגסטע — זיי האבן אנערקענט דעם פּויפּסט פארן ראש פון זייער קירכע.

אלס ביישפּיל, וואס אילוסטרירט אויף א בולטן אופן דעם קאמף צווישן ביידע קירכעס, קאן דינען די געשיכטע פון מארק מיט די קראמען אין דאוויד־הארדאק.

ס׳איז א פאקט, אז אויפן ארט, ווו ס׳איז געשטאנען דער מארק, מיט די קראמען, איז אמאל געווען א פּראוואסלאווער בית־הקברות.

וויאזוי קומט דארט, אלזא, צו זיין א מארק און קראמען? ווער האט דאס דערלויבט?

דאס דערקלערט זיך נאר אויפן גרונד פון קאמף צווישן ביידע קירכעס. דאס איז דערלויבט געווארן דורך דער קאטוילישער מאכט, כדי אפּצווישן די שפּורן פון פּראוואסלאווענעם אייגנטום.

ווען אין דאוויד־הארדאק איז אנגעקומען דער ענערגישער גלח יוכניעוויטש, האט ער זיך גלייך גענומען פאררייכטן די עוולה, וואס איז געטאן געווארן דער פּראוואסלאווער קירכע און ער האט אינמיטן מארק אויסגעבויט א קלויסטער, וועלכער שטייט ביז היינט צו טאג.



דער קלויסטער אין דאוויד־הארדאקער מארק

הכנסיה הפרבוסלבית במרכז דויד־הורודוק

דער קאמף צווישן דער פראוואסלאוונער קירך פון איין זייט און דער רוימיש־קאטוילישער פון דער צווייטער איז געווען זייער א פארביטערטער און ער איז געבליבן שטארק איינגעקריצט אין זכרון פון בײדע טײלן פון דער באפעלקערונג.

שפורן פון דעם האבן מיר געפילט אפילו אין דער לעצטער צייט. נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאוויד־הארארק איז אריבער צו פוילן, האבן זיך דארט ווידער באוויזן די „אוניאטן", וועלכע מ'האט פאר די צארישע צייטן איבערהויפט שוין ניט געהערט. די פראוואסלאוונע גלחים האבן זיך אנגעהויבן פילן ניט אזוי פעסט הן מיט זייער הערשאפט אויף די מאסן און הן מיט זייערע גיטער. שטילערהייט האט זיך ווידער אנגעהויבן א קאמף צווישן ביידע קירכעס.

דער דאזיקער קאמף קעגן דער פראוואסלאוונער קירכע וואלט זיכער אנגענומען שארפערע פארמען, ווען ניט די מורא פון די פאלאקן, אז דאס וואלט געווען אייל אויף די רעדער פון די קאמוניסטישע פראפאגאנדיסטן אין יענער געגנט. (ווי באקאנט האט זיך דאוויד־הארארק געפונען אינגאנצן 30 קילאמעטער פון דער פויליש־סאוויעטישער גרענעץ).

אינטערעסאנט צו באמערקן, אז אין דעם רעליגיעזן קאמף צווישן דער פראוואסלאוונער קירך און דער קאטוילישער, האבן יידן שטילערהייט אונטערשטיצט דער לעצטער.

די תקופה פון דער לובלינער אוניע האט אריינגעבראכט אין פאלעסיע גרויסע ענדערונגען אין פאליטישן, רעליגיעזן און ווירטשאפטלעכן לעבן.

אין יאר 1648 זענען פארגעקומען גרויסע און בלוטיקע געשעענישן אויך אין דער געגנט פון פאלעסיע. דער קאזאקן אויפשטאנד אונטער דער אנפירונג פון באגדאן כמיעלניצקי האט ניט אויסגעמיטן פאלעסיע.

די פוילישע מלוכה האט קיינמאל פולשטענדיק ניט באהערשט אירע דרום־מזרח געגנטן. די סיבות דערפון זענען פארשיידענע און צוו. אנד. דער כאראקטער פון דער קאלאניזאציע, וואס די שליאכטע האט דארט געפירט.

אהין פלעגן מאסנווייז אנקומען אזעלכע, וועלכע האבן פארלאזן זייערע היימען צוליב פאליטישע, סאציאלע און רעליגיעזע רדיפות, אדער אזעלכע, וועלכע האבן געזוכט לייכטע פרנסות, אדער גאר פשוטע פארברעכער.

די אויפשטענדלער זענען ניט געבליבן איינזאם אין זייער קאמף. צו זיי זענען גלייך צוגעשטאנען די אונטערדריקטע פויערישע מאסן, וועלכע האבן געוואלט אראפווארפן פון זיך דעם געהאסטן, דורך זיי, שליאכטישן יאך.

דער דאזיקער אויפשטאנד האט אויך ארומגענומען פאלעסיע.

די יארן פון דעם קאזאקישן אויפשטאנד זענען מיט בלוטיקע אותיות פארשריבן אין דער יידישער געשיכטע — גזרות ת"ח ות"ט — יארן פון חורבן און צושטערונג פון מזרח־אייראפעיִשן יידנטום.

ס'זענען ניטא קיין קלארע ידיעות, וויאזוי ס'איז ארויס דער יידישער ישוב אין דאוויד־הארארק פון דעם חורבן.

עס איז אבער דא א באווייז, אז די דאוויד־הארארקער קהילה האט צוזאמען מיט נאך ארומיקע קהילות גענומען א הלואה כדי אויפצושטעלן די צושטערטע שטאטישע אנשטאלטן.

דאקעגן איז דא א גענויערע ידיעה וועגן אנטייל פון דאוויד־הארארקער קריסטן אין קאזאקישן אויפשטאנד. אין דער געשיכטע פון פינסק ווערט דערציילט, אז דעם גרעסטן חורבן האט דארטן אנגעמאכט דער אנפאל פון קאזאקן און טאטארן צוזאמען מיט דאוויד־הארארקער און טורעווער פויערים. דריי מאל, ווערט דערציילט, האט פינסק געליטן פון קאזאקישן אויפשטאנד, אבער דעם גרעסטן חורבן האט אנגעמאכט דער אנפאל, וואס איז פארגעקומען מיטן

אנטייל פון די דאוויד־האראדאקער גויים. דער יידישער ישוב אין פינסק איז דאן כמעט אינגאנצן פארניכטעט געווארן.

אין יאר 1707 האבן זיך באוויזן אין פאלעסיע די שוועדן. זיי זענען, אבער, צוליב די שווערע קאמוניקאציע מיטלען לאנג אין פאלעסיע ניט געווען. זיי האבן אפילו אנגעהויבן בויען בריקן איבער די טייכן, אבער זיי האבן דאס גלייך אויפגעהערט און פארלאזט די געגנט.

לויט ווי די דאוויד־האראדאקער זקני־העיר האבן דערציילט, איז אין דאוויד־האראדאק געקומען איינמאל א פאטרול פון 3 שוועדישע זעלנער. זיי זענען אריין אין א בראנפן־ברויז און גענומען טרינקען פון די גרויסע פעסער, וואס זענען דארט געשטאנען. איינער פון זיי האט זיך אזוי שטארק אנגעשיכורט, אז ער איז אריינגעפאלן אין א פאס בראנפן און איז דערטרונקען געווארן. די באפעלקערונג האט, מורא האבנדיק פאר דער נקמה פון די שוועדישע חיילות, זיך אויסבאהאלטן דריי מאנאטן אין די ארומיקע וועלדער. די שוועדן זענען אבער ניט געקומען, ווייזט אויס צוליב דעם, וואס זיי האבן בכלל פארלאזן פאלעסיע.

אין יאר 1793 קומט פאר די צווייטע טיילונג פון פוילן און דאוויד־הארדאק בלייבט ביי רוסלאנד ביזן יאר 1920. פון יאר 1920 ביז סעפטעמבער 1939 געהערט דאוויד־הארדאק צו פוילן. דעם 19־טן סעפטעמבער 1939 גייט אריין אין דאוויד־הארדאק די רויטע ארמיי. אין יולי 1941 ווערט דאוויד־הארדאק איינגענומען דורך די היטלעריסטישע חיילות און אין 1944 ווערט דאוויד־הארדאק צוריק פאראייניקט צו רוסלאנד.

## די קריסטלעכע באפעלקערונג

ווי ס'איז שוין אויבן דערמאנט געווארן, איז די דאוויד־הארדאקער קריסטלעכע באפעלקערונג, די א. ג. „הארדטשוקעס", געווען אן אויסנאם אין גאנץ פאלעסיע.

דער אלגעמיינער טיפ פון „פאלעשוק" איז לויט זיין כאראקטער געווען מילד, פלעגמאטיש און פעסימיסטיש געשטימט. דאקעגן איז דער „הארדטשוק" געווען ווייט פון מילדקייט, קעמפעריש און ענערגיש, קערפערליך פעסטער געבויט פון די ארומיקע קריסטן און זיין וווקס איז אויך געווען העכער. (אן אויסנאם האבן נאר געבילדעט די קריסטן פון דערבייאיקן דארף אלפין, וועלכע האבן, ווייזט אויס געשטאמט פון ליטווינער און האבן זיך ניט אסימילירט מיט דער ארומיקער באפעלקערונג).

די גרינגשעצונג און די שנאה פון די „הארדטשוקעס" צו די ארומיקע פויערים איז ניט געווען קיין קלענערע ווי צו די יידן. ס'איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז זיי האבן זיך קיינמאל ניט משדך געווען פון דער פרעמד. געשעפטליך פלעגן זיי ארומפארן איבערן גאנצן לאנד, אבער חתונה־האבן פלעגן זיי קומען אהיים אין דאוויד־הארדאק. צוליב דעם, האבן זיי זיך טאקע, יארן לאנג ניט אסימילירט און זייענדיק ווי דירעקטע יורשים פון די גרינדער פון דאוויד־הארדאק, פליסט אין זייערע אדערן קאזאקיש־טאטאריש בלוט.

זייער קאזאקיש־טאטארישער אפשטאם, האט זיך אויך געלאזט מערקן אין זייער ארט לעבן. זיי זענען ניט געווען קיין ערד ארבעטער און האבן ניט געהאט קיין איבעריקן דראנג דערצו. די גערטנער, וועלכע זייערע פרויען פלעגן באארבעטן, זענען געווען פארויסגעזען נאר פארן אייגענעם געברויך. אין פאל פון אן אויסערגעוויינלעכער גערעטעניש, פלעגן די פרויען פארקויפן די איבערגעבליבענע פראדוקטן פון די גערטנער אויפן מארק און דאס געלט האט געהערט צו די פרויען.

אין אלגעמיין, האבן די „הארדטשוקעס", אויסער א קליין פראצענט פון סוחרים און אויסגעשפראכענע פאכלייט, ניט געהאט קיין סטאבילע באשעפטיקונג. זיי האבן אלץ געטאן

און מיט אלעם זיך באשעפטיקט. דער גרעסטער טייל, האט געביטן זיין ארבעט לויט די סעזאנען פון יאר.

זיי האבן זיך פארנומען מיט פיש־פאנגעריי, זיי זענען געווען גרויסע פאכלייט ביי וואלד־ארבעט. ווינטער — ביים אויסארבעטן קליעפקע שפאלן און שליפערס און פרילינג ביים צוגרייטן און ארויספירן צו די ברעגעס אלע האלץ מאטעריאלן, וואס זענען ווינטער דורך זיי אויסגעארבעט געווארן אין די ארומיקע וועלדער. זיי זענען געווען גרויסע פאכלייט אויפן וואסער. גוטע פירער פון דאמף־שיפן, בארלינעס און פליטן, וועלכע זיי פלעגן דערפירן ביז דאנציג פון איין זייט און ביז ענדע דניעפער פון דער צווייטער.

די לעצטע יארן כון פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אז די וועלדער אין דער געגנט זענען קלענער געווארן, פלעגן זיי זיך פארדינגען אין ווייטערע געגנטן. עס זענען אין דאוויד־הארראדאק געווען ספעציעלע מעקליארעס וואס פלעגן האבן פארבינדונגען הן מיט וואלד־סוחרים און הן מיט וואסער־מענטשן און זיי פלעגן יעדן סוחר צושטעלן, וועלכע ארבעטער ער האט באדארפט.

זיי זענען געווען גוטע בויערס, פארבערס, מוליארעס, בויערס פון שיפן פון פארשיידענעם גרויס און איבערהויפט גוטע שוסטערס. זיי זענען אויך געווען פייאיקע סוחרים.

דער גרעסטער טייל פון די „הארראדטשוקעס" פלעגט אין פרילינג ארויספארן אויף ירידים פארקויפן זריעה, זומער פארקויפן איבערן גאנצן לאנד אייז־קרעם, הערבסט האנדלען מיט רויטע יאגעדעס, שוועמלעך און שטיוול און ווינטער זיך פארנעמען אין דערהיים מיט שוסטעריי.

כדאי צו באמערקן, אז זיי האבן זיך שטענדיק באמיט אויסצומיידן איבעריקע פארמיטלערס. צו שוסטעריי, פלעגן זיי אליין אויסארבעטן די רוי־מאטעריאלן און אין ערגסטן פאל פלעגן זיי די סחורה קויפן פון דער ערשטער האנט. זיי פלעגן אויך אליין פאָרן אויף ירידים איבער גאנץ פוילן און פארקויפן זייער סחורה.

דאס זעלבע איז געווען אין דער פלייש און וורשט בראנזשע. זיי פלעגן אליין פאָרן אין די ארומיקע דערפער איינקויפן פלייש, אליין אויסגעארבעט די סחורה און אליין פארקויפט. וורשט־געשעפטן האבן די „הארראדטשוקעס" געהאט אין אלע גרעסערע באן־סטאנציעס און שטעט פון פוילן.

דאס איז געווען א ספעציפיש „פאלק". וואנדערנדיק פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה איבער גאנץ רוסלאנד און אין דער צייט פון צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה איבער גאנץ פוילן, האבן זיי זיך אין ערגעץ ניט אסימילירט. ווו מ'האט זיי באגעגנט, האט מען זיי גלייך דערקענט, אדאנק זייער ספעציעלער קליידונג, שפראך און ארט לעבן.

פאר דער צייט פון צארישן רוסלאנד, האבן זיי געהאט דעם שטאנד פון „מיעשטשאנעס". דאס איז געווען א פיל העכערע שטופע פון פויערים־שטאנד און זיי האבן זיך דערמיט שטארק געגרויסט. זיי זענען געווען שטארק איבערגעבן דעם צארישן רוסלאנד און מאנארכיסטיש געשטימט.

ווען ס'איז נאכן דורכפאל פון דער רעוואלוציע פון 1905 געגרינדעט געווארן אין רוסלאנד די „שווארצע מאה", די ארגאניזאציע פון רעאקציע און טעראר, וועלכע האט געהאט פאר אן אויפגאבע צו שטיצן דעם צאר קעגן די רעוואלוציאנערן, איז אויך אין דאוויד־הארראדאק אנט־שטאנען א שטארקע און טעטיקע ארגאניזאציע פון דער „שווארצער מאה", וועלכע האט עקזיסטירט ביזן יאר 1917. זיי האבן אפילו אין א געוויסן זינטיק געמאכט א פרווו פון א פאגראם אויף יידן. נאר אדאנק דער ארגאניזירטער זעלבסטשוץ פון דער יידישער יוגנט בפרט און פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג בכלל, ווי אויך צוליב דער קעגנערשאפט פון דאמאלסדיקן

„אוריאדניק" אווטשינקאוו, וועלכער האט געהאט געשעפטס־פארבינדונגען מיט יידן, איז מען אפגעקומען בלויז מיט א פאר פארוווּנדעטע.

די מאנארכיסטישע שטימונג איז פארבליבן ביי די „האראדטשוקעס" אויך נאך דער רעוואלוציע פון יאר 1917. דאס בילד פון צאר איז נאך לאנג געהאנגען אין א סאך הייזער. קערענסקיס איבערקערעניש האבן זיי אויפגענומען זייער קאלט און פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע זענען זיי געווען אויסגעשפראכענע קעגנער.

ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט האבן זיי געשטעלט א באוואפנטן ווידערשטאנד דער רויטער ארמיי. (די יידן האבן זיי דאן אויך מיטגעהאלפן און דערפאר טייער באצאלט, אבער וועגן דעם אין א שפעטערדיקן קאפיטל). אין די ראיאן ארגאנען פון דער באלשעוויסטישער מאכט, איז די קריסטלעכע באפעלקערונג פון דאוויד־האראדאק געווען באצייכנט ווי אן אויסגעשפראכענער קאנטער־רעוואלוציאנערער עלעמענט.

פאר די 20 יאר הערשאפט פון דער פוילישער מאכט אין דאוויד־האראדאק (1920—1939) האבן זיך די „האראדטשוקעס" עקאנאמיש שטארק פארפעסטיקט. דאס האט זיי אבער ניט דערפירט צו אסימילאציע. טראץ דעם, וואס די פוילישע מאכט האט ניט דערמעגלעכט צו עפענען קיין רוסישע שול, טראץ דעם, וואס זייערע קינדער זענען געווען געצוווּנגען צו לערנען אין פוילישע שולן, האבן זיי זיך דאך געהאלטן ביי זייער ווייסרוסישער שפראך און ביים פראוואסלאווּנעם גלויבן. מיט זייערע קינדער פלעגן זיי לערנען אין די הייזער דעם רוסישן אלף־בית.

ווען די באלשעוויקעס זענען דעם 19־טן סעפטעמבער 1939 אריין צוריק אין דאוויד־האראדאק האבן זיי באגעגנט שפיזיקע, פול מיט שנאה און האס אויגן פון די „האראדטשוקעס". זיי האבן אויסער קליינע אויסנאמען, זיך ניט אנגעשלאסן אין דער קאמוניסטישער פארטיי און זיך ניט באטייליקט אין פאליטישן לעבן. זיי זענען געווען זייער אנטוישט, ווען זיי האבן זיך איבערצייגט, אז אנשטאט דעם געגארטן דורך זיי היטלעריסטישן רעזשים זענען גאר אריין די באלשעוויקעס. וואס מער די באלשעוויסטישע מאכט האט זיך באפעסטיקט און אנגעהויבן רעקווירן און נאציאנאליזירן, אלץ מער איז זייער שנאה צו דער מאכט געוואקסן, אלץ מער האבן זיי געווארט אויף היטלערן. זיי האבן דאס דעמאנסטרירט ביי די וואלן, וועלכע זענען אין נאוועמבער 1939 פארגעקומען אין מערב ווייסרוסלאנד, צו דער נאציאנאלער פארזאמלונג, וועלכע האט געדארפט באשליסן וועגן אנשלוס פון מערב ווייסרוסלאנד צו מזרח ווייסרוסלאנד. זיי האבן אין די וואל־אורנעס אריינגעווארפן צעטלען מיט אויפשריפטן ווי: „א טויט די קאמוניסטן און יידן", „נידער מיט די באלשעוויקעס", „זאל לעבן היטלער", א.א.וו.

זיי האבן ניט איינמאל געדראט די יידן, אז ווען היטלער וועט קומען וועלן זיי זיך מיט זיי אפרעכענען.

זיי האבן זייער ווארט געהאלטן. ווען אין אנהויב יולי 1941 האבן די באלשעוויקעס אפגעטראטן פון דאוויד־האראדאק און די היטלעריסטישע חיילות האבן אריינגעמארשירט אין שטעטל, זענען די „האראדטשוקעס" געווען די ערשטע אין גאנץ אייראפע, וועלכע האבן צוזאמען מיט די דייטשן, דורכגעפירט די ערשטע „אקציע" אין דאוויד־האראדאק. אויסמארדענדיק דעם 17־טן אב תש"י, אלע מענער פון שטעטל.

די גאנצע צייט פון דער דייטשישער אקופאציע, האבן זיי טריי געדינט די היטלעריסטן, געניסנדיק אויך פון פולשטענדיקן צוטרוי מצד דער היטלעריסטישער מאכט.

ווען אין יאר 1944, האט די רויטע ארמיי באפרייט דאוויד־האראדאק פון די מערדעריש־היטלעריסטישע אקופאנטן, האבן זיי שוין אין שטעטל קיין איין לעבעדיקן ייד ניט געפונען. זיי האבן אויך ניט געטראפן די גוישע אנפירער פון דאוויד־האראדאק, וועלכע זענען מיטגעגאנגען מיט דער אפטרעטנדער דייטשישער ארמיי.

# דער יידישער ישוב אין דאוויד־הארадאק

**ס'איז** שווער צו ענטפערן אויף דער פראגע, ווען ס'איז אנטשטאנען דער יידישער ישוב אין דאוויד־הארадאק. ס'איז ניט פארבליבן קיין איין היסטארישער דאקומענט, וועלכער זאל אונז קלאר מאכן די פראגע. דער פנקס פון דער קהילה, ווען ער זאל אפילו זיין, וואלט אונז אויך ניט קלוג געמאכט, ווייל ער איז אינגאנצן אלט געווען 200 יאר און עס זענען דא פיל פריערדיקע ידיעות וועגן דער עקזיסטענץ פון א יידישער קהילה אין דאוויד־הארадאק.

בכדי אומגעפער פעסטצושטעלן, ווען ס'איז געגרינדעט געווארן א יידישע קהילה אין אונדזערע געגנטן, מוזן מיר זיך שטיצן אויף דער געשיכטע פון די יידן אין ליטע און נאכפאלגן דאס אנטשטייַן פון יידישע ישובים.

אין ס. א. בערשאדסקיס היסטארישן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון ליטווישן יידנטום, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן אין יאר 1883 אין פעטערבורג און אין י. שיפער'ס „געשיכטע פון יידן אין פוילן ביזן סוף פון 18־טן יארהונדערט", וואס איז אין יאר 1914 ארויס־געגעבן געווארן אין מאסקווע ווערט אנגעוויזן, אז די יארן 1550—1500 זענען געווען יארן פון וווּקס פון יידישן ישוב אין ליטע. אין דער דאזיקער צייט, זענען געגרינדעט געווארן פיל נייע ישובים און די שוין עקזיסטירנדע זענען שטארק פארגרעסערט געווארן.

דער אימיגראציע שטראם פון יידן קיין ליטע איז געגאנגען אין דער ריכטונג פון מערב קיין מזרח. אזוי ארום, זענען די ערשטע ישובים אויפגעקומען אין מערב־טייל פון ליטע. ס'איז קלאר, אלזא, אז צ. ב. גראדנע, בריסק, לוצק און וולאדימיר וואלינסק זענען אויפגעקומען פריער פון דאוויד־הארадאק, לוניניעץ, סטאלין, א.א.וו.

(כדאי צו באמערקן, אז די קהילה אין וולאדימיר־וואלינסק, איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1388, און דאוויד־הארадאק צוזאמען מיט וולאדימיר וואלינסק זענען אומגעפער אין יענער צייט אריבער צום סטאראדובער פירשטנטום. ס'איז דעריבער ניט אויסגעשלאסן, אז אין יענער צייט איז שוין אין דאוויד־הארадאק געווען א יידישע קהילה).

דער אימיגראציע שטראם קיין ליטע איז שטארקער געווארן אין אנהויב פון 16־טן יאר־הונדערט צוליב די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאנד.

די נייע ישובים אין ליטע פלעגן אויפקומען אויף פאלגענדן אופן: ארום יעדן גרעסערן ישוב פלעגן זיך גרינדן קלענערע שטעטלאך; אזוי ארום זענען די יידן אריינגעדרונגען אלץ טיפער אין ליטע.

די יידישע היסטאריקער, זענען ביי דער מיינונג, אז לויט דער געאגראפישער קארטע פון אמאליקן ליטע, קען מען פעסטשטעלן, וועלכער יידישער ישוב איז עלטער. אין מערב ליטע זענען די ישובים עלטערע און אין מזרח ליטע — יינגערע.

ארויסגייענדיק פון דעם שטאנדפונקט קאן מען ניט רעכענען, אז א יידישע ארגאניזירטע קהילה איז אין דאוויד־הארадאק געווען פריער ווי אין פינסק.

אין פינסק איז געשאפן געווארן אן ארגאניזירטע יידישע קהילה אין יאר 1506. פאר־שטענדליך, אז אין דאוויד־הארадאק איז אן ארגאניזירטע יידישע קהילה געגרינדעט געווארן שפעטער. דאס שליסט אבער ניט אויס די מעגלעכקייט, אז איינצעלנע יידן זענען געווען אין דאַוויד־הארадאק פריער.

אין יענע צייטן, פלעגן יידן ארומפארן האַנדלען איבערן גאנצן לאנד. אויסער דעם, האבן זיי געהאלטן אין ארענדע בראנפן־מאנאפאלן, זאלץ־פארקויף, קרעטשמעס און אויך מלוכה־שטייערן. ס'איז מעגליך אלזא, אז אין דאוויד־הארадאק, וועלכע האט לויט אלע ווארשיינלעכקייטן,

עקזיסטירט נאך פון יאר 1190, האבן געוווינט יידן לאנג איידער ס'איז אנטשטאנען די ארגאני־זירטע יידישע קהילה דארט.

די ערשטע היסטארישע גענויע ידיעה וועגן דאוויד־האראדאקער יידישער קהילה איז פון יאר 1667. אין דעם יאר, האט די פינסקער קהילה גענומען ביים לאהישינער קלויסטער אַן הלואה פאר אירע נויטן און פאר די נויטן פון די ארומיקע קהילות. אלס ערבות פאר דער הלואה, איז דאן אנגעגעבן געווארן דאס גוטס פון די ארומיקע יידישע קהילות, צווישן וועלכע, עס איז דערמאנט געווארן אויך די דאוויד־האראדאקער קהילה.

דאס איז געווען נאך באגדאן־כמיעלניצקעס אויפשטאנד, וואס האט חרוב געמאכט דעם גאנצן יידישן ישוב אין מזרח־אייראפע. די אנטלאפענע פליטים האבן זיך אנגעהויבן צוריקקערן אין זייערע חרובע היימען, די ארעמקייט און נויט זענען געווען גרויס, אלץ האט מען געמוזט פונדאסניי אויפשטעלן און קיין געלט־מיטלען זענען ניט געווען. מ'האט געמוזט דעריבער, אנקומען צו די גויישע שכנים נאך הילף. די גויים זענען אנטקעגנגעקומען די יידן און זיי געליען געלט, ניט מחמת מענטשלעכע געפילן, נאר פשוט צוליב ריין קאמערציעלער אויסרעכנונג. זיי האבן געמאכט גאנץ גוטע געשעפטן אויף די דאזיקע הלואות. זיי האבן דערביי גענומען אלס גאראנטיע די בתי־מדרשים, די בעדער און אפילו דעם בית־הקברות. ניט איינמאל האט געטראפן, אז פאר ניט איינצאלן בלויז דעם פראצענט פלעגט מען פאנאנדערווארפן דעם בית־המדרש, אדער ניט לאזן באערדיקן א מת אויפן בית־הקברות. אויסער דעם, האט דאס געזעץ פארזיכערט דאס רעכט פון הלואה־געבער. פאר ני'ט צאלן קיין חוב, פלעגט מען באשטראפט ווערן מיט גרויסע שטראפן, אפילו מיט טויט־שטראף.

אין די ליטווישע געריכטס־אקטן פון יענער צייט, איז דא א גרויסע צאל טויט־אורטיילן, וואס זענען אר'ויסגעגעבן געווארן אויף יחידים, אויף חברות און אפילו אויף גאנצע יידישע ישובים. דאס באווייזט, ווי גרויס איז געווען די ארעמקייט פון די יידישע ישובים אין יענער צייט. אמת, די דאזיקע אורטיילן, זענען מער געבליבן אויפן פאפיר, ווייל פון ארויסגעבן דעם אורטייל ביזן אויספירן אים איז געווען א גרויסער מהלך. די פויליש־ליטווישע מלוכה, איז שוין דאן געווען דורכגעפרעסן פון אנארכיע, איר אויספירמאכט איז געווען פאראליזירט — און שטעלן א ווידערשטאנד דער אויספיר־מאכט איז געווען א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. דאס האבן געטאן אויך יידן — אבער נאר יחידים. די קהילה־שע חובות האט מען געמוזט צאלן.

אויפן געביט פון די דאזיקע חובות, זענען פארגעקומען גרויסע רייבונגען און חילוקי־דעות צווישן די קליינע קהילות מיט די גרויסע. מ'האט קיינמאל ניט געקענט דורכקומען צווישן זיך וועגן גרויס פון סכום, וואס יעדע קהילה דארף צאלן. ס'זענען פארגעקומען דין־תורות ביים ועד ארבע הארצות און די חילוקי־דעות האבן באקומען זייער אפקלאנג אפילו אין רעגירו'נגס־געריכטן.

די דאזיקע לאגע, האט זיך אבער שטארק געענדערט נאכן אויפשטאנד פון די קאזאקן. דער פרעסטיזש פון דער צענטראלער רעגירונגס־מאכט איז דאן שטארק געפאלן. די נויט אין אלע קליינע שטעטלאך איז געווען אומגעהויער גרויס און זיי זענען ניט נאר ניט געווען אימשטאנד צו צאלן שטייערן די צענטראלע קהילות, נאר זיי זענען ני'ט געווען בכוח אויפצובויען פונדאסניי זייערע אייגענע רואינירטע קהילות.

דאן טאקע, האט זיך אנגעהויבן דער קאמף פון די קליינע קהילות קעגן די גרויסע מיטן צוועק אראפצווארפן פון זיך זייער אפוטרופסות.

אין פינסקער געגנט האבן דעם קאמף אנגעהויבן די קהילות: דאוויד־האראדאק, סטאלין, סלוצק, טורעוו, כאמסק און דראהיצין

דער קאמף איז געווען א דויערנדער און זייער שווערער, ווייל אויף דער זייט פון די גרויסע קהילות איז געשטאנען די צענטראלע מאכט, וועלכע איז געווען פאראינטערעסירט

אז די שטייערן זאלן אויפגעמאנט ווערן אויף א צענטראליזירטן אופן. דער ליטווישער קריגס־מיניסטער האט דאן ארויסגעגעבן א באפעל, אז מען זאל די גרויסע קהילות געבן צוהילף סאלדאטן, וועלכע זאלן העלפן אויפמאנען די שטייערן ביי דיווידערשפעניקע קליינע קהילות.

די סאלדאטן האבן אבער ניט געהאלפן; ס'האבן ניט געהאלפן אויך די אפטע דין־תורות ביי די רבנים. צוליב דער שוואכקייט פון דער צענטראלער מאכט, צוליב די סעפאראטיסטישע שטרעבונגען פון דער פוילישער שליאכטע און איבערהויפט צוליב דעם נייעם באשלוס, וואס דער פוילישער צענטראל־סיים האט אין יאר 1764 אנגענומען, אז עס ווערט אפגעשאפן דער אלגעמיינער שטייער פון יידן און ווערט פארביטן אויף אן אינדיווידועלן אין דער הויך פון 2 גילדן פון א קאפ (אנהויבנדיק פון איין יאריקע קינדער) האבן די גרויסע קהילות פארשפילט דעם קאמף. די קליינע קהילות זענען געווארן, זעלבסטשטענדיק.

צוליב דעם נייעם שטייער־סיסטעם, איז אין דאמאלסדיקן פוילין־ליטע פארגעקומען א ציילונג פון דער יידישער באפעלקערונג, וועלכע גיט אונז אינטערעסאנטע ציפערן וועגן דער גרויס פון דער יידישער באפעלקערונג אין יענער צייט.

די ציילונג איז פארגעקומען אין יאר 1766 און אָט זענען די רעזולטאטן פון דער דאזיקער ציילונג (אויסשליסנדיק קינדער ביז א יאר) אין די פאלגענדע שטעט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דאוויד־הארадאק | — | 408 | נפשות |
| טורעוו | — | 316 | „ |
| הארадנע | — | 109 | „ |
| סטאלין | — | 408 | „ |
| יאנעווע | — | 422 | „ |
| דראהיצין | — | 510 | „ |

צו די דאזיקע ציפערן דארפן מיר זיך אבער באציען מיט רעזערוו, ווייל מ'דארף פארשטיין, אז צוליב שטייער־צוועקן איז די ציילונג ניט געווען אינגאנצן קיין ריכטיקע; אדער די יידן האבן אנגעגעבן קלענערע ציפערן, כדי צו צאלן וויניקער שטייערן, אדער די באאמטע האבן אנגעגעבן גרעסערע — כדי צו באקומען מער שטייערן. אלס באווייז, אז די ציילונג איז ניט געווען קיין ריכטיקע, קאן אונז דינען די צווייטע ציילונג, וועלכע איז פארגעקומען אין יאר 1784. די צווייטע ציילונג גיט אונז גאר אן אנדער בילד:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דאוויד־הארадאק | — | 386 | נפשות |
| טורעוו | — | 319 | „ |
| הארадנע | — | 47 | „ |
| סטאלין | — | 207 | „ |
| יאנעווע | — | 261 | „ |
| דראהיצין | — | 248 | „ |

עס לאזט זיך ניט גלויבן, אז אין משך פון 18 יאר זאל די צאל פון דער יידישער באפעלקערונג אין די אלע שטעטלאך פאלן. דאס דערקלערט זיך דערמיט, וואס די פוילישע מלוכה איז שוין דאן געווען אויפן שוועל פון אונטערגאנג און די באאמטע האבן ניט פינקטלעך אויסגעפירט זייער ארבעט ניט גלויבנדיק אליין אין דער נוצלעכקייט פון דער ציילונג.

אין אלגעמיין זענען די לעצטע יארן פון דער פוילישער הערשאפט געווען שווערע פאר די יידן אין ליטע. די צענטראלע מאכט איז געווען שוואך און דעמאראליזירט, די שטייערן גרויס, די ארטיקע שליאכטע האט געוועלטיקט יעדער אויף זיין שטייגער, די יידישע קהילות האבן זיך געריסן צווישן זיך און ס'איז געוואקסן די קאנקורענץ צווישן די יידישע סוחרים דאס אלץ האט פארארעמט די מאסן און די נויט איז געווען גרויס.

אין יענער צייט, זענען פארגעקומען 2 געשעעענישען, וועלכע האבן געהאט א גרויסע השפעה אויפן לעבן פון ליטווישן יידנטום. די ערשטע געשעעניש איז געווען פון אלגעמיין־פאליטישן כאראקטער, וואס האט געהאט איר אומדירעקטע ווירקונג אויפן לעבן פון די ליטווישע יידן, נעמלעך: אין יאר 1793 איז פארגעקומען די 2־טע טיילונג פון פוילן, און די געגנט איז אריבער צו רוסלאנד. דאס האט אריינגעבראכט א קאלאסאלע ענדערונג אין עקאנאמישן און קולטורעלן לעבן פון די יידן אין ליטע. די 2־טע געשעעניש איז געווען פון אן אינערלעך יידיש־רעליגיעזער באדייטונג — ס'איז אויפגעשטאנען די חסידישע באוועגונג.

די חסידישע באוועגונג האט זיך אנגעהויבן שטארק אנטוויקלען אין סוף פון 18־טן יארהונדערט. זי האט ארומגענומען גרויסע מאסן. זי איז געקומען אלס פועל־יוצא פון דער ארעמקייט פון די יידישע מאסן פון איין זייט און פון דער אינערלעכער יידישער רעאקציע — פון דער צווייטער. דאס איז געווען אויך א פראטעסט קעגן דער שווערער האנט פון קהלשן רעדל־פירער און תקיף.

די נייע תורה האט געפונען אן אפקלאנג אין די הערצער פון ארעמען יידישן דארפס־מענטש, ארענדאר און הענדלער.

אינטערעסאנט, אז די חסידישע באוועגונג האט אין דאוויד־הארעדאק קיין טיפן אפקלאנג ניט געהאט. ס'האט ניט געווירקט אויף דאוויד־הארעדאק די נאענטקייט פון פינסק, ווו ס'איז אגעוויסע צייט געווען רב ר' יצחק לוי (בארדיטשעוו). און דער באווסטער ר' אהרן הגדול ז"ל. אין פינסק איז פארגעקומען דער גרויסער קאמף צווישן די חסידים און מתנגדים — דאוויד־הארעדאק האט זיך אין דאזיקן קאמף ניט אריינגעמישט.

סטאלין, זשלאבין און דאמבראוויץ, זענען געקומען צו הילף די חסידים פון פינסק אין זייער קאמף קעגן דעם רב ר' אביגדור, וועלכער איז געשטאנען אין שפיץ פון קאמף קעגן די חסידים. זיי האבן פארבאטן ר' אביגדורן באזוכן זייערע קהילות. דאוויד־הארעדאק האט ניט פארבאטן.

ווי עס ווייזט אויס, איז אין דאוויד־הארעדאק געווען שטארק די השפעה פון ווילנער גאון, וועלכער איז געשטאנען אין שפיץ פון קאמף קעגן חסידיזם

אין דאוויד־הארעדאק פלעגט מען אין די רעליגיעזע הייזער, ביז צו די לעצטע יארן, אפהיטן דעם יארצייט פון ווילנער גאון און זיין בילד איז געהאנגען אין אסאך הייזער.

בכלל איז אין דאוויד־הארעדאק געווען שטארק די השפעה פון ליטווישן יידנטום. רבנים פלעגט מען ברענגען נאר פון ליטא, דאוויד־הארעדאקער בחורים פלעגן זיך לערנען אין די דארטיקע ישיבות. די השכלה באוועגונג און שפעטער דער ציוניזם זענען אויך געקומען פון ליטע. דאוויד־הארעדאק האט די נייע תורות אויפגענומען פריער ווי אלע שטעטלאך אין פאלעסיע.

דאוויד־הארעדאק האט, אלזא, אויסגעמיטן דעם שארפן קאמף צווישן מתנגדים און חסידים, וואס האט אין יענער תקופה פארשאפט פיל בייז בלוט דעם ליטווישן יידנטום. דערפאר אבער, איז אין דאוויד־הארעדאק געווען שטארקער ווי אין אלע ארומיקע שטעטלאך דער קאמף ארום די רבנים.

פון דעם איז ניט צו דרינגען, אז אין דאוויד־הארעדאק זענען בכלל קיין חסידים ניט געווען. ס'זענען געווען חסידים אויך אין דאוויד־הארעדאק. צווישן 5 בתי־מדרשים וואס דאוויד־הארעדאק האט פארמאגט איז געווען אויך א חסידישער בית־מדרש — די אזוי גערופענע „שטיבל". זייער צאל איז אבער פארהעלטניסמעסיק ניט געווען גרויס און קיין גרויסע השפעה האבן זיי אויך ניט געהאט.

מיר האבן ניט קיין גענויע ידיעות וועגן דער עקאנאמישער סטרוקטור פון די דאוויד־האראדאקער יידן אין די ערשטע יארן פון יידישן ישוב דארט. כדי זיך קלאר צו מאכן די פראגע, מוזן מיר זיך באנוצן מיט די מאטעריאלן פון די ארומיקע שטעטלאך און פון דער אלגעמיינער עקאנאמישער סטרוקטור פון גאנצן ליטווישן יידנטום.

מיר דארפן געדענקען, אז די ליטווישע מאכט, האט געעפנט אירע טויערן פאר די איינוואנדערנדע יידן פון דייטשלאנד ניט צוליב הומאנע געפילן, נאר ווייל דאס איז געווען אין הסכם מיט זייער פאליטיק, וועלכע האט געזען אין די יידישע איינוואנדערער אן עלעמענט, וואס וועט אויפלעבן און אקטיוויזירן די אפגעשטאנענע ווירטשאפט פון לאנד.

דערפאר טאקע, האבן זיי די יידן געגעבן גרויסע רעכט. יידן האבן זיך גערעכנט פאר פרייע מענטשן (ניט קעניגלעכע דינער), צוגלייך מיט דער שליאכטע און באיארן. פאר אומ־ברענגען, אדער פארוונדן א ייד האט געקומט טויט־שטראף. מען האט זיי ניט געטארט שטערן אין זייערע תפילות, שבת האט מען זיי ניט געטארט רופן אין געריכט און ניט מאנען קיין חובות. זיי האבן געמעגט האנדלען מיט וואס זיי האבן געוואלט און זיך פריי באוועגן איבער גאנץ ליטע.

אין אמאליקן ליטע האט די רעגירונג אליין ניט געמאנט קיין שטייערן. זי פלעגט דאס אוועקגעבן אין ארענדע. פארשטענדליך, אז יידן זענען געווען די ארענדארן.

כמעט אין אלע שטעט און שטעטלאך זענען יידן געווען ארענדארן פון: אויפמאנען שטייערן, בראנפן־מאנאפאל, ביר און מעד, סיי אין הורט און סיי אין דעטאיל, זאלץ־מאנאפאל, די שטאטישע וואָג, די קרעטשמעס און די צאל־קאמערן. דאס לעצטע איז געווען א שטייער אויף סחורות, וואס יעדער סוחר האט געמוזט צאלן נאך איידער ער האט פארקויפט די סחורה. „מיטא" האט זיך דער שטייער גערופן. די סחורה האט מען געמוזט פירן דורך די וועגן, ווו ס'זענען געווען די צאל קאמערן.

דאס זענען געווען אין יענער תקופה די יידישע פרנסות.

אַמוואַרשיינלעכסטן, אז פון דעם האבן זיך דאן אויך מפרנס געווען די דאוויד־האראדאקער יידן.

דאוויד־האראדאקער יידן האבן זיך שוין דאן ווארשיינלעך פארנומען אויך מיט האנדל פון האלץ ארטיקלען, ווי קליעפקע, מאטעריאל אויף בויען שיפן, פאטאש און סמאלע, מיט וועלכע די געגנט איז געווען רייך.

יידן האבן זיך אויך פארנומען מיט ערד־ארבעט און מיט האדעווען קי. דאוויד־האראדאקער יידן, האבן ביז דער לעצטער צייט זיך נוהג געווען צו האלטן א קו אדער מער. אויך מיט גערטנערייַ האבן זיך יידן פארנומען.

צוליב די שטארקע צעכן באגרענצונגען, וואס האבן געהערשט, ווי אויך צוליב זייער שטרענג רעליגיעזן כאראקטער, זענען אין יענער צייט קיין יידישע בעלי־מלאכות ניט געווען. ערשט נאך דעם קאזאקישן אויפשטאנד, ווען גרויסע טיילן פון לאנד זענען חרוב געווארן און ס'איז געווארן א גרויסער מאנגל אין בעלי־מלאכות האט דער קעניג יאן קאזימיר אין יאר 1669 דערלויבט יידן צו ארגאניזירן זיך אין צעכן. ערשט דאן האבן זיך די יידן, וועלכע זענען שטארק רואינירט געווארן פון קאזאקישן אויפשטאנד אנגעהויבן לערנען מלאכה.

מ'דארף אויך צוגעבן, אז דער לעבנס־ניוואו איז אין יענער צייט געווען זייער א נידעריקער. מ'פלעגט גיין זייער ארעם געקליידעט, שטיוול פלעגט מען טראגן נאר שבת און ווינטער. זומער פלעגט מען גיין בארוועס.

אין די בלאטעס פלעגט מען גיין אין זאקן. די קליידונג איז געווען נאר פון לייוונט. פלייש פלעגט מען עסן נאר שבת און אמאל דאס אויך ניט.

2 דער האנדל אין 19־טן יארהונדערט — ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה:

נאך דער נאפאלעאנישער מלחמה איז אריינגעטראטן א בעסערונג אין דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פון פאלעסיע. רוסלאנד איז דאן ארויס אלס זיגערין און גרויס־מאכט אין אייראפע, זי האט ביסלעכווייז אנגעהויבן צוריק בויען דאס לאנד און איבערהויפט דרום־רוסלאנד. ס'האט זיך אנטוויקלט אין אוקראינע א גרויסע בוי־באוועגונג פון נייע קאלאניעס, פון ים־פלאט אויפן שווארצן ים און פון באן ליניעס. דער נאענטסטער קוואל פון האלץ פאר די אלע ארבעטן האט זיך געפונען אין פאלעסיע. ס'האט זיך אנטוויקלט א ברייט־פארצווייגטער האנדל מיט אוקראינע.

דאס האט, פארשטייט זיך, געווירקט אויך אויף דאוויד־הארַאדאק, וועלכע איז געלעגןביים טייך הארין און אין צענטער פון וואלד מאטעריאלן. אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט, האט זיך אין דאוויד־הארַאדאק אנגעהויבן אויסבילדן א סוחרים קלאס פון וואלד פראדוקציע און די אזוי גערופענע וואסער־מענטשן.

די דאוויד־הארַאדקער וואלד־סוחרים, זענען, אויסער געציילטע, קיין גרויסע גבירים ניט געווען, אבער זיי און די אזוי גערופענע וואסער־מענטשן, האבן צוזאמען געבילדעט א גאנץ הויך אנטוויקלטן סוחרים שטאנד. דער וואלד־האנדל איז ניט געווען קיין איינפאכער — ער האט געפאדערט פיל קענטניס און פאכמענישקייט. ביים קויפן די רוי־מאטעריאלן האט מען געדארפט פאכמעניש באטראכטען די קוואליטעט, מאכן א גענויע קאלקולאציע פון אויס־ארבעטונג, פון טראנספארט א.א.וו.

די וואסער מענטשן, דאגעגן, האבן זיך פארנומען מיט די אזוי גערופענע „בארלינעס" — „בארלינשטשיקעס" האבן זיי געהייסן. די „בארלינע" איז געווען דער קאמוניקאציע מיטל אויפן וואסער.

אין די גאר אלטע צייטן, פלעגט מען זיך באנוצן מיט „באידאקעס" — דאס זענען געווען ברייטע און שווערע שיפן. זיי זענען אבער ניט געווען באקוועם און אין מיטן פון 19־טן יארהונדערט האט מען זיך שוין מיט זיי ניט באנוצט. מען האט זיך דאן אנגעהויבן באנוצן מיט „בארקעס" און „בארלינעס".

די „בארקעס" זענען געווען מערסטנטייל אפענע, זייער בוי איז געווען פאלגענדער: 19—15 סאזשען די לענג, 8—7 ארשין די ברייט און 28—24 ווערשאק די טיף. זיי פלעגן פירן א משא פון אומגעפער 5000־4 פוד, ד.ה. 80 טאן. די „בארקעס" זענען מערסטנטייל באנוצט געווארן אויף צו פירן ברעטער־האלץ און ברעטער.

די „בארלינעס" דאגעגן, זענען געווען געדעקטע. זייער גרויס: 20—17 סאזשין די לענג, 3 סאזשען די ברייט און 2 ארשין די טיף. זיי זענען געווען געטיילט אויף 3 אדער 4 קאמערן, אין וועלכע מ'פלעגט פירן פארשיידענע סחורות. אזא בארלינע האט באשעפטיקט ביז 18 ארבעטער מיט אַן „אטאמאן" (קאפיטאן) בראש.

פרילינג פלעגן זיי מערסטנטייל זיך אנלאדן מיט ברען־האלץ, אדער אנדערע האלץ־מאטעריאלן און מיטן שטראם שווימען ביז קיעוו און לעצטנס אויך ביז יעקאטערינאסלאוו. א רייזע פון דאוויד־הארַאדאק ביז קיעוו, פלעגט ביי נארמאלע באדינגונגען דויערן 2 וואכן. זומער צייט פלעגן די „בארלינעס ארבעטן ביי די ברעגעס פון דניעפר, ביים אריבערפירן פאר־שיידענע משאות פון איין פונקט צום צווייטן.

הערבסט־צייט פלעגן זיי זיך אנלאדן מיט פארשיידענע שפייז ארטיקלען פון דער רייכער אוקראינע, אדער מיט זאלץ און קעגן שטראם זיך לאזן קיין דאוויד־הארַאדאק. אזא צוריקפאר

פלעגט דויערן ביז 40 טעג. ניט איינמאל פלעגט טרעפן, אז דער ווינטער איז אנגעקומען צו פרי און מ׳איז געווען געצווונגען צו בלייבן אין וועג. אין אזא פאל, איז מען שוין, פאר־שטענדלעך, געווען ווייט פון פארדינסטן.

דער דאזיקער האנדל איז ניט געווען קיין לייכטער. 8 ביז 9 מאנאט אין יאר פלעגט מען זיין אפגעריסן פון דער היים. מען איז געווען אפהענגיק פון וועטער־צושטאנד, ווי: ווינטן, הויך פון וואסער אין די טייכן א.א.וו. (אויך דער מסחר האט געפאדערט גרויסע פאכמענישקייט און קענטעניש).

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער מסחר געווען פאר די שטעטלעך, וואס זענען געלעגן ביי די ברעגעס פון די טייכן א וויכטיקער מקור פון פרנסה. דאס איז געווען א ברייט־פאר־צווייגטער האנדל מיט מעקלארעס, אגענטן און סקלאדעס.

די גרויסע סוחרים פלעגן אליין אויפקויפן סחורה און פארקויפן דער לעצטער האנט — די קלענערע פלעגן ציען זייער פרנסה פון טראנספארט.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאנען די משפחה ברעגמאן פון דאוויד־האראדאק, וועלכע האט אין סוף פון 19־טן יארהונדערט געפירט גרויסע געשעפטן. די ברעגמאנס האבן געהאט א סאך אייגענע בארלינעס און פון מאל צו מאל פלעגן זיי דינגען אויך פרעמדע אויף אריבערצופירן זייערע סחורות. זיי האבן אין א סאך פונקטן געהאט זייערע סקלאדעס. לעצטנס האבן זיי אויך געהאט אן אייגענעם דאמף־שיף מיטן נאמען „מאנטיפיארי״. זייערע אגענטן, וועלכע זענען געווען צוזייט איבערן גאנצן וועג פון פינסק ביז יעקאטערינאסלאוו, פלעגן פאר זיי קויפן און פארקויפן, צוגרייטן ארבעטער און שפייז־ארטיקלען פאר די ארבעטער, און אויך אינפארמירן וועגן די פרייזן פון תבואה, צוקער, זאלץ א.א.וו. זיי פלעגן אויך אינפארמירן וועגן צושטאנד פון די האלץ רעזערוועןן אין אוקראינע.



דער הארין

דאס איז געווען א גרויסע פירמע, וועלכע האט געפירט פארצווייגטע געשעפטן און גענאסן דערביי פון אן אומבאגרענעצטן קרעדיט און צוטרוי.

דער וואסער האנדעל האט געשאפן אין דאוויד־הארעדאק אינדוסטריע פון שיף־בויעריי, פון וואס פיל יידן און קריסטן האבן געהאט פרנסה בכבוד.

אט דער קלאס פון וואלד־סוחרים און וואסער־מענטשן, האט געהאט א שטארקע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון שטעטל און איבערהויפט פון דער יוגנט. די עלטערן האבן זיך באמיט צו געבן זייערע קינדער, ניט נאר א יידישע דערציונג, נאר אויך אן אלזייטיק־וועלטלעכע בילדונג, ווי עס האבן געפאדערט זייערע געשעפטן.

א דאנק דעם פארצווייגטן און זיך אנטוויקלענדיקן וואסער־האנדל און האלץ מסחר אין פאלעסיע בכלל און אין דאוויד־הארעדאק בפרט, איז אין אנהויב פון 19־טן יארהונדערט אנט־שטאנען א יידישער ישוב אין נירטשע.

נירטשע איז אן ארט, וואס ליגט ביים איינגוס פון טייך הארין אין פריפיעט און איז 12 קילאמעטער ווייט פון דאוויד־הארעדאק. די וואסער־קאמוניקאציע פון דאוויד־הארעדאק מיט אוקראינע, פון פינסק מיט אוקראינע, פון פינסק מיט דאוויד־הארעדאק, ווי אויך די וואסער־פארבינדונג אויף צוריקוועגס, האט געמוזט דורכגיין דעם דאזיקן פונקט. אין יענער צייט ווען ס'האט זיך אנגעהויבן אנטוויקלען דער האנדל פון פאלעסיע מיט אוקראינע און די וואסער־קאמוניקאציע איז געווען די ביליגסטע און איינציקע, איז נירטשע געווארן פון סוחרישן שטאנד־פונקט, זייער א וויכטיקער ארט. ס'איז געווען א פונקט, וואס האט געקענט געבן א גרעסערע צאל משפחות פרנסה בריוח.



חלק מיוצאי נירצה בד. הורודוק
אטייל פון די נירטשער יידן אין דאוויד־הארעדאק

גלייך נאָך דער מפּלה פון נאַפּאָלעאָן אין 1812, ווען רוסלאַנד האָט אָנגעהויבן פאַרהיילן די וווּנדן פון דער מלחמה, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע בוי און אַנטוויקלונגס־אַרבעט און ווען דער מסחר האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען — אין יענער צייט, איז אויך אַנטשטאַנען דער יידישער ישוב אין נירטשע.

אָן אייגנאַרטיקער ישוב איז דאָס געווען. אָנגעהויבן האָט ער זיך פון איין משפחה — יוסף מאַראַוואָטשיק — וועלכע האָט זיך אין פאַרלויף פון די קאַרגע 100 יאָר פון דער עקזיסטענץ פון נירטשער ישוב פאַנאַנדערגעוואַקסן און האָט דערגרייכט, אין מאָמענט פון ליקווידאַציע פון דאָזיקן ישוב, אַ צאָל פון 100 נפשות. דאָס זענען געווען זין און טעכטער, שניר און איידעמס אייניקלאַך און אוראייניקלאַך פון דעמזעלבן יאָסל מוראַוואָטשיק.

די מוראַוואָטשיקעס האָבן געפירט אַן אייגנאַרטיקן לעבן פון האַלבע פויערים און האַלבע סוחרים אין נירטשע. זייער עקזיסטענץ איז געווען באַזירט אויף גערטנערײַ (אַליין באַאַרבעט), אויף פיש־פאַנגערײַ, אויף האָדעווען קי און איבערהויפּט אויף האַנדל מיט וואַלד און האָלץ־אַרט קלעצער. זיי פלעגן אַליין אַרויספירן צום ברעג פון טייך ברען־האָלץ וואָס די פּאַראַכאָדן־געזעלשאַפטן פלעגן אָפּקויפן, אָדער זיי פלעגן שיקן מיט די טראַנספּאָרט־שיפן ברען־האָלץ קיין קיעוו. זיי פלעגן אויך צושטעלן שפּייז־אַרטיקלען פאַר די אַרבעטער אויף די פּאַראַכאָדן, פּליטן און באַרלינעס. זיי האָבן אויך צוגעשטעלט שפּייז־אַרטיקלען פאַר די רייזנדע אין די פּאַסאַזשיר־פּאַראַכאָדן.

די איינוווינער פון נירטשע זענען געווען טיפּן פון געזונטע פאָלקס־מענטשן. זיי האָבן געהאַט אַ טאָגטעגלעכן קאָנטאַקט מיט די יידן פון דאַוויד־האָראָדאָק און אַדאַנק דער באַר־רונג מיט פאַרשיידענע מענטשן פון סוחרים־שטאַנד, זענען זיי אויך ניט געווען קיין פאַרגרעבטע דאָרפס־מענטשן. פאַר די קינדער פלעגן זיי ברענגען די בעסטע מלמדים, וועלכע האָבן, אגב, זייער גערן געפאָרן אַהין.

די ערד אויף וועלכער זיי זענען געזעסן און וועלכע איז דורך זיי באַאַרבעט געוואָרן האָט געהערט צום פירשט ראַדזיוויל. אים פלעגן זיי צאָלן אַרענדע־צינזן.

ווי געזאָגט, האָט דער ישוב אין נירטשע עקזיסטירט קנאַפּע 100 יאָר. אין יאָר 1906 איז דער דאָזיקער ישוב ליקווידירט געוואָרן און אַלע איינוווינער פון נירטשע זענען אַריבער וווינען אין דאַוויד־האָראָדאָק.

די סיבה פון דער ליקווידאַציע פון יידישן ישוב אין נירטשע איז געווען פאָלגענדע:

דער פירשט ראַדזיוויל האָט זיך אויסגעקליבן דאָס אָרט אויף צו מאַכן אַ טאַרטאַק. ער איז געווען זיכער, אַז אויפן דאָזיקן וויכטיקן קאָמוניקאַציע־פּונקט וועט ער מאַכן גוטע געשעפטן.

ס׳האָבן ניט געהאָלפן די אויסערגעוויינלעכע באַמיאונגען פון די נירטשער יידן אָפּצושרייען די גזירה. זיי האָבן באַקומען אַנטשעדיקונגען פון פירשט און מיט גרויס פאַרדרוס פאַרלאָזן דאָס אָרט ווו זיי האָבן אין פאַרלויף פון קאַרגע 100 יאָר געלעבט און געהאַט פּרנסה בריוח.

לכתחילה איז דאָס געווען אַ גרויסע טראַגעדיע פאַר די דאָזיקע יידן. זיי האָבן געמוזט אין שטאָט פונדאַסניי אָנהויבן בויען אַ לעבן און זוכן אַן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. דערנאָך, אָבער, זענען זיי געווען פון בייט שטאַרק צופרידן. זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אין שטאָט, פאַר די אַנטשעדיקונגען האָבן זיי געקויפט הייזער און אין 1914, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָלטן זיי במילא געמוזט פון דאָרטן אַנטלויפן — דאַן וואָלט דאָס געווען, נאַטירלעך, אָן אַנטשעדיקונגען.

דער פירשט האָט, דאַקעגן, ניט געמאַכט קיין גוטן בייט, ווייל דער טאַרטאַק האָט זיך ניט אַנטוויקלט און ער האָט אים געמוזט ליקווידירן.

אַ וויכטיקן אָרט האָבן אין דאַוויד־האָראָדאָקער לעבן פאַרנומען די קראָמען. האַבנדיק

א קריסטלעכע באפעלקערונג, וואס דאט פאר איר געברויך אלץ געקויפט, (די „הארעדטשוקעס״ זענען מערסטנטייל געווען סוחרים און ארבעטער), און האבנדיק דערצו א גרויסע דארפישע אומגעגנט — איז געווען אן ארט פאר פיל קראמען אין שטעטל. ס׳האט זיך טאקע מיט דער צייט אויסגעבילדעט א גרויסער קרעמער־קלאס. אמת, קיין גרויסע גבירים זענען צווישן זיי (אויסער אייניקע) ניט געווען און אן דער הילף פון די בענק און קרעדיט־געזעלשאפטן, וואלט די מערהייט פון זיי ניט געקענט עקזיסטירן (די קאנקורענץ צווישן די קרעמער איז ניט געווען קיין קליינע) — פונדעסטוועגן האבן זיי זיך דורכגעלעבט, מער אדער ווייניקער, בכבוד.



פינה בשוק החדש בדויד־הורודוק
א ווינקל פון נייעם מארק אין דאוויד־האראדאק

פיל משפחות האבן אין דאוויד־הארעדאק געלעבט פון פלייש־האנדל. די שטעטל האט געהאט ארום זיך א גרויסע פויערישע סביבה, פיל לאנקעס מיט גראז („פאשע״) און די געגנט איז רייך געווען אין סטאדעס פון קי און אקסן. דאוויד־הארעדאקער קצבים, פלעגן אויפקויפן, פארן שטאטישן געברויך און אויך עקספארט (קיין ווארשע הויפטזעכלעך) די דאזיקע קי מיט אקסן.

צווישן די דאוויד־הארעדאקער קצבים זענען געווען גרעסערע סוחרים, וועלכע פלעגן פארן קיין אוקראינע און איבערהויפט אין פאלטאווער געגנט, אויפקויפן דארט טראנספארטן מיט אקסן און שיקן זיי קיין ווארשע. אינטערעסאנט, אז די דאזיקע טראנספארטן, ווי אויך זייערע באגלייטער פלעגן דעם גאנצן וועג מאכן צופוס.

דאס איז געווען א ריזיקאלישער האנדל, ווייל קיין נארמאל־איינגעשטעלטע פרייזן זענען ניט געווען, — זיי זענען געווען אפהענגיק פון צופיר און אנבאט פון סחורה אין ווארשע. ניט איינמאל פלעגט טרעפן, אז די רווחים פון איין העלפט טראנספארט, וועלכער איז פארקויפט געווארן אין א געוויסן טאג, פלעגן קוים קלעקן אויף צו דעקן דעם היזק, וואס מ׳האט געהאט פון דער צווייטער העלפט טראנספארט, וואס איז פארקויפט געווארן אויף צומארגנס.

די גרעסטע מערהייט קצבים, האט זיך אבער מיט האנדל ניט פארנומען. זיי פלעגן זייער ברויט פארדינען זייער שווער. 3—4 טעג אין וואך האט מען זיך ארומגעדרייט אין די

ארומיקע דערפער כדי עפּעס צו קויפן. דאס ברענגען אהיים איז אויך ניט געווען פון די לייכטע זאכן, ביים פארקויפן איז פארגעקומען א געוויסע קאנקורענץ צווישן די קצבים און ניט איינמאל איז אויך טריף געווארן א בהמה.

דער פלייש־האנדל האט אריינגעטראגן זייער א סאך געלט און האט שטארק צוגעהאלפן צו דער אנטוויקלונג פון דער געגנט און איבערהויפּט פון די פויערים. ער האט אויך געשאפן א באזיס פאר גארבערייען, אין וועלכע ס'האבן זיך אויסגעארבעט די גרויסע קוואנטומס פעל פון דער סביבה. פון די אויסגעארבעטע פעלן, פלעגן פראדוצירט ווערן אין דאוויד־האראדאק דורך די ארטיקע שוסטערס שטיוול פאר דער גאנצער אומגעגנט.

דער פלייש־האנדל האט אויך געגעבן חלב, פון וואס ס'איז אויסגעארבעט געווארן זייף און ליכט.

גאנץ גרויס איז געווען אין דאוויד־האראדאק דער פיש־האנדל, וואס איז געווען א מקור פון פרנסה, הן פאר די קריסטן — די פיש־פאנגער און הן פאר די פיש־סוחרים. דערביי איז צו באמערקן, אז די פיש־הענדלער האבן זיך ניט פארנומען מיט פארקויפן פיש אויפן ארט. דאס פלעגן טאן די פיש־פאנגערס אליין — די קריסטן. די פיש־הענדלער, פלעגן אויפקויפן פון די קריסטן דעם עודף פון פיש, וואס די שטעטל איז ניט געווען בכוח צו קאנסומירן און שיקן דאס אין ווארשע.

ס'זענען געווען א 6—7 יידישע סוחרים, וואס פלעגן אפדינגען ביים קניאז ראדזיוויל די אזיערעס. די קריסטן פלעגן דארט כאפן די פיש און די יידישע סוחרים האבן דאס געשיקט קיין ווארשע. דאס איז געווען ניט קיין לייכטער מסחר, אבער א גאנץ רייכער.

אין דאוויד־האראדאק, איז געווען א גרויסע גרופע בעלי־עגלות, וואס פלעגט ארומפארן איבערן גאנצן לאנד. פון דאוויד־האראדאק איז מען געפארן מיט פורן קיין פינסק, מינסק, ווילנע, בראדי און אדעס.

אזוי ווי אין אלע שטעטלעך, זענען זיי אויך אין דאוויד־האראדאק געווען ארגאניזירט אין א „קאמפאניע" און געארבעט בשותפות. צוזאמען מיט אלע פאלעסיער בעלי־עגלות, האבן זיי זיך באטייליקט אין תענית, וואס זיי האבן גוזר געווען, ווען עס האט זיך אין יאר 1888 געעפנט די פאלעסיער באן־ליניע.

ס'איז וויכטיק אגב צו אונטערשטרייכן, אז די אנטוויקלונג פון באן־וועזן האט ביז היינט־צו־טאג אויסגעמיטן דאוויד־האראדאק. די שטעטל האט ביז היינט ניט קיין באן־פארבינדונג. די נאענטסטע באן־סטאציע איז פון איין זייט געווען לאכווע — 25 קילאמעטער ווייט פון דאוויד־האראדאק און פון דער צווייטער זייט האריין־סטאלין — העכער 30 קילאמעטער פון דאוויד־האראדאק.

אין יאר 1898 האט זיך ארגאניזירט א גרופע פון 5 בעלי־עגלות און געקויפט א קליין פאראכאדל מיטן נאמען „וויון", וועלכער פלעגט קורסירן צווישן דאוויד־האראדאק און נירטשע, צושטעלנדיק דאוויד־האראדאקער פאסאזשירן צום גרויסן פאראכאד, וואס האט קורסירט צווישן פינסק און קיעוו. ניט אלע בעלי־עגלות האבן געהאט צוטרוי צום דאזיקן געשעפט און דערפאר האט טאקע די מערהייט פון זיי ניט געוואלט צושטיין צום שותפות. די ערשטע יארן, האבן נאך די בעלי־עגלות, וואס האבן געקויפט דעם פאראכאד, ווינטער געארבעט מיט די פערד. ביסלעכווייז האט זיך אבער דאס געשעפט אנטוויקלט, זיי האבן געשטעלט נאך א פאראכאד קיין סטאלין און גארין און זיי האבן אינגאנצן אוועקגעווארפן דעם פריערדיקן פאך. שפעטער זענען צום דאזיקן שותפות צוגעשטאנען אויך פינסקער יידן און ס'איז איינגעשטעלט געווארן אויך א פאראכאד־קאמוניקאציע פינסק—דאוויד־האראדאק.

די ערשטע וועלט־מלחמה האט די „פאראכאדטשיקעס" שטארק ניט אנגערירט און נאכדעם

װ׳ דאװיד־האראדאק איז אריבער צו פױלן האט זיך זײ אויך אײנגעגעבן צו באקומען די פאראכאדן, װאס זענען פארבליבן אין די רוסישע טײכן.




דער פאראחאד פריסטאן

נאך דער מלחמה, װען אוקראינע איז אפגעשלאסן געװארן אדאנק דער נײער סאװיעטיש־פױלישער גרענעץ, זענען די אנטװיקלונגס־מעגלעכקײטן געװארן א סאך אײנגעשרומפענער און ס׳זענען געבליבן בלויז די קורסיר־ליניעס דאװיד־האראדאק—סטאלין א.ן דאװיד־האראדאק—פינסק. די עקזיסטענץ פון די „פאראכאדטשיקעס" איז אבער געװען געזיכערט אויך פון די דאזיקע 2 ליניעס.

נאך דער װעלט־מלחמה, אז עס האט זיך אנגעהױבן אנטװיקלען די אויטאמאביל־קאמוניקאציע, האט זיך ארגאניזירט א גרעסערע גרופע בעלי־עגלות, געקויפט אן אויטא און אנגעהױבן קורסירן מיט אים אויף דער ליניע דאװיד־האראדאק—גארין. דאס מאל, אבער, האט זיך דער פרוװ ניט אײנגעגעבן. די סיבה דערפון איז געװען א צװײיענדיקע: א. די גרויסע אמארטיזאציע פון אויטא אויף די שלעכטע פאלעסיער װעגן און ב. די גרויסע שטײערן, װאס די׳ רעגירונג האט ארויפגעלײגט.

די בעלי־עגלות אין דאװיד־האראדאק זענען געװען גוט ארגאניזירט. זײ זענען געװען אײנגעטײלט אין 2 גרופן. אײנע, װעלכע האט געארבעט אין שטאט, איבערהויפּט בײם פאנאנדערפירן די סחורות, װאס פלעגן אנקומען מיט די פאראכאדן אין די געשעפטן און סקלאדעס, און די צװײטע גרופּע פלעגט פארן צום באן קײן לאכװע און סטאלין און װינטער פלעגן זײ אויך פארן קײן פינסק. זײ האבן אלע געארבעט בשותפות און מיט די פארדינסטן, פלעגט מען זיך יעדע װאך טײלן.

ס׳איז געװען ניט קײן לײכטע פרנסה, אבער, אויסער געצײלטע האבן זײ געהאט פרנסה בכבוד און אײניקע צװישן זײ זענען געװען גאנץ פארמעגלעכע.

* * *

בעלי־מלאכות :

דאוויד־הארадאק איז געווען א שטעטל מיט פיל בעלי־מלאכות, וואס האבן געארבעט זעלבסטשטענדיק. קיין ספעציעלע ארטיקלען, וועלכע זאלן זיין כאראקטעריסטיש נאר פאר דער שטאט, האט מען אין דאוויד־הארадאק ניט פראדוצירט. האבנדיק, אבער, אבאפעלקערונג פון אומגעפער 10 טויזנט נפשות און א גרויסע דארפישע סביבה, איז דארט געווען אנ׳ארט פאר פיל פאכלייט, וואס האבן ארבעטנדיק פאר דער אָרטיקער באפעלקערונג געהאט א בכבודיקע עקזיסטענץ.

די הויפט פאכן פון די דאוויד־הארадאק בעלי־מלאכות זענען געווען פאלגענדע :

שניידערס, וועלכע האבן זיך געטיילט אויף 2 קאטעגאריעס ; אזעלכע, וועלכע האבן געארבעט פאר דער קריסטלעכער באפעלקערונג לויט באשטעלונגען, אדער אנגרייטן פארטיקע זאכן און ארויספירן זיי אויף ירידים אין שטאט און אין דער ארומיקער דארפישער סביבה און אזעלכע, וועלכע האבן אויסגעארבעט איידעלערע זאכן פאר דער יידישער באפעלקערונג.

שוסטערס, וועלכע האבן געארבעט נאר פאר יידן און אביסל אויך פאר קריסטן, די קריסטלעכע באפעלקערונג איז געווען באזארגט מיט שטיוול הויפטזעכלעך דורך די קריסטלעכע שוסטערס, וועלכע האבן זייער פראדוקציע פאַרקויפט ניט נאר דער אָרטיקער קריסטלעכער באפעלקערונג נאר פאנאנדערגעפירט איבערן גאנצן לאנד.

שמידן און שלאסארעס, וועלכע האבן הויפטזעכלעך געארבעט פאר דער פויערישער באפעלקערונג. זיי פלעגן שמידן וועגענער, מאכן אקער־אייזנס און העק און מאכן אויך פאר־שיידענע „שמידאכץ״ פאר דער בוי־ארבעט אין שטאט.

דער גרעסטער טייל בעלי־מלאכות איז געווען פארנומען ביי דער בוי־ארבעט. דאס זענען געווען : בויערס, סטאליארעס, מויער־מייסטערס, גלעזער, פארבערס און דאך־דעקערס (גאנטארעס).

אויך ביי שיף־בויעריי האבן יידן געפונען אן ארבעטס־פלאץ. די גרעסטע מערהייט ארבעטער ביי שיף־בויעריי זענען אבער געווען קריסטן.

געווען איניקע, וועלכע האבן געהאט 2 פאכן, איינעם אויף זומער און דעם צווייטן אויף ווינטער.

דאס זענען אומגעפער די פאכן, אין דאוויד־הארадאק ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

צווישן די בעלי־מלאכות זענען געווען פארשיידענע שיכטן. געווען צווישן זיי גאנץ פארמעגלעכע, איניקע האבן קוים געהאט צום דורכלעבן זיך און די גרעסטע מערהייט האט געפירט א באשיידענעם, אבער א זיכערן און באלעבאטישן ארט לעבן.

די דערפער ארום דאוויד־הארадאק

דאוויד־הארадאק איז געווען ארומגערינגלט מיט זייער פיל דערפער, אין וועלכע ס׳האבן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה געוווינט יידן. די יידן האבן עקזיסטירט פון מלאכה און האנדל מיט דער אָרטיקער פויערישער באפעלקערונג. ווי לאנג די דאזיקע דערפער עקזיסטירן, קאן מען גענוי ניט פעסטשטעלן. בלויז וועגן צוויי דערפער זענען דא איניקע היסטארישע באווייזן ; דאס איז אלשאן, וואס איז געגרינדעט געווארן דורכן פירשט יורי אלשאנסקי, וועלכער האט געהערשט אין פינסק אין די יארן 1492—1447 און אלפין, וואס איז א נאמען נאך א ליטווישן באיאר, וועלכער האט אין יאר 1341 געהערשט אין פאלעסיע.

יידן האבן זיך אנגעהויבן באזעצן אין די דאזיקע דערפער נאך דער באפרייאונג פון די פויערים. אין אלגעמיין האבן די יידן אין די דערפער געפירט זייער א באשיידן לעבן ; זייער

לעבנס־ניוואָ איז ניט געווען פיל העכער פון דער ארומיקער פויערישער באפעלקערונג. די הויפט זארג פון די יידן איז געווען באפרידיקן די רעליגיעזע באדערפעניש און דערציען די קינדער. ביי דער קלענסטער צאל משפחות אין דארף, האבן זיך די יידן דאך באמיט צו האלטן אַ מלמד פאר די קינדער.

אייניקע האבן געשיקט זייערע קינדער זיך לערנען אין שטאט. א צייט פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך אנגעהויבן פארקלענערן די צאל יידן אין די דערפער. די יוגנט האט ניט געוואלט בלייבן אין דארף, ס׳האט איר אימפאנירט די שטאט. דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט נאך מער פארשנעלערט דעם טעמפא פון ארויספאר פון די דארפישע יידן אין שטאט אריין.

ס׳זענען דאן אינגאנצן ליקווידירט געווארן די יידישע ישובים אין די פאלגענדע דערפער: נירטשע, חוואַרסק, האלעץ, ליאדעץ, ביקאיסק, גרויס־ארלי און וויעלעמיטשע. אין פאלגענדע דערפער זענען יידן געבליבן: אלשאן, רעמלע, כאראמסק, קליין־ארלי, סעמיהאסטיטשע, טערעבליטשע, אזדאמיטשע, מאלישאוו, קאראטיטשע, טאלמאטשאוו, לודקע, קאלק און כאפון. פארשטענדליך, אז זייער צאל איז אין פארגלייך מיט דער פארמלחמהדיקער צייט פיל פאר־קלענערט געווארן. ס׳האט זיך כמעט ווי ניט געענדערט די צאל יידן אין אלפין, וועלכע האט זיך שוין גערעכנט פאר א פארשטאט פון דאוויד־הארא‏דאק. דאס דארף רובליע, האט געהאט א יידישע באפעלקערונג ווי פון א קליין שטעטעלע. הארט פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען דארטן געווען 80 משפחות מיט א רב און 2 בתי־מדרשים.

דארט איז געווען אן אנטוויקלטע און ציוניסטיש געשטימטע יוגנט. די החלוץ ארגאניזאציע איז דארט געווען זייער שטארק און דער ערשטער החלוץ צוזאמענפאר אין פאלעסיע איז אין יאר 1924 פארגעקומען אין רובליע.

די יוגנט האט, ניט זעענדיק פאר זיך קיין צוקונפט אין דארף, אנגעהויבן אויסוואנדערן. דער גרעסטער טייל פון זיי האט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אדאנק דעם טאקע, איז יעצט דא אין לאנד א פארהעלטניסמעסיק גרויסע צאל רובליער יידן.

* * *

די אויבנדערמאנטע קורצע שילדערונג וועגן דער עקאנאמישער סטרוקטור פון דאוויד־הארא‏דאק ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה ווייזט אונז, אז די שטעטל האט ניט פארמאגט קיין גאר גרויסע גבירים צווישן די סוחרים און אויך ניט קיין גרויסע ארעמקייט צווישן די בעלי־מלאכות. אין אלגעמיין איז דער לעבנס־סטאנדארט אין יענער צייט ניט געווען קיין הויכער און די פאדערונגען ניט קיין גרויסע.

זומער איז אין שטעטל געווען שטיל. דער גרעסטער טייל פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג איז געווען פארנומען אין פעלד, די יידישע סוחרים זענען אויך געווען אויף די טייכן. די בעלי־מלאכות האבן געארבעט אין דארף. אזוי ארום, איז זומער געווען שטילשטאנד אין שטעטל.

הערבסט־צייט פלעגט אלעס אנהויבן אויפלעבן. ס׳האבן זיך אנגעהויבן די ירידים, דער פויער פלעגט ברענגען אין שטאט אריין דעם עודף פון זיינע פראדוקטן און איינקויפן פאר זיך אויף ווינטער. ס׳פלעגן אנהויבן קומען די באר־לינעס פון אוקראינע מיט מעל, זאלץ און פאר־שיידענע שפייז־ארטיקלען, וואס מ׳האט פארקויפט אין שטאט און אומגעגנט. ס׳פלעגן זיך אויפקומען די וואלד־סוחרים און וואסער־מענטשן כדי אפצושליסן די רעכענונגען פון פאר־גאנגענעם יאר און מאכן נייע געשעפטן. די קריסטלעכע שטאטישע באפעלקערונג פלעגט זיך אויך צונויפקומען אויף ווינטער און אלץ איינקויפן. דערצו איז ביי זיי ווינטער געווען דער סעזאן פון חתונות. דאס אלץ האט אויפגעלעבט די שטעטל און דעם האנדל אין איר. אויב

דערווינטער איז געווען א נארמאלער און די וועגן (די וואסער און די יבשה וועגן) האבן זיך איינגעשטעלט אין דער ריכטיקער צייט, איז שטארק אויפגעלעבט געווארן דער וואלד־האנדל וואס איז געווען א גרויסער קוואל פון פרנסה פארן שטעטל.

אט אזוי האט דאוויד־הארადאק געפירט יארן לאנג א נארמאל לעבן ביז ס׳איז אויס־געבראכן די ערשטע וועל־מלחמה, וועלכע האט א טרייסל געגעבן די פון יארן איינגעפונדעוועטע פארמען פון לעבן.

## ד.־הארადאק אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

**דער** אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט געמאכט אן אומגעהויער שווערן איינדרוק אויפן שטעטל. די מאביליזאציע, וועלכע האט ארומגענומען גרויסע טיילן פון דער באפעלקערונג, די געוויינען פון די, דורך דער מאביליזאציע, צעשיידטע משפחות, די נייע קריגס־געזעצן, די גרויסע קוויאנטומס פערד און וועגענער, וואס מ׳האט רעקוויזירט פאר די נויטן פון דער מלחמה — דאס אלץ האט געגעבן צו פארשטיין, אז ס׳נעמט אן אן ערנסטן כאראקטער. „מומחים״ האבן אפילו פארויסגעזאגט, אז מער ווי צוויי־דריי מאנאטן וועט די דאזיקע מלחמה ניט אנהאלטן, — מ׳איז אבער געווען צערודערט.

דער איינדרוק איז געווען א דערדריקנדער צוליב דעם, ווייל זייט כמיעלניצקי׳ס צייטן, האט די שטעטל קיין קריג ניט געדענקט. די שוועדישע מלחמה האט דאוויד־הארадאק אויס־געמיטן, נאפאלעאנישע חיילות האבן דאוויד־הארადאק פאר די אויגן ניט געזען, וועגן דער רוסיש־טערקישער מלחמה האט מען אין שטעטל בלויז געהערט און דאס זעלבע איז אויך געווען אין דער צייט פון רוסיש־יאפאנישן קריג.

די ערשטע צייט, נאכדעם, ווי די מאביליזירטע זענען אוועק אין מיליטער, האט מען די מלחמה אין שטעטל ניט אזוי שטארק געפילט. ערשט שפעטער, נאכדעם ווי די רוסן האבן אנגעהויבן ליידן גרויסע מפלות אויפן גאליציאנער פראָנט איז דערפילט געווארן דער גאנצער גרויל פון דאזיקן קריג.

דער הויפט־קאמאנדיר ניקאלאי ניקאלאיעוויטש האט געגעבן א באפעל, אז די יידן פון סוואלקער, לובלינער און כעלמער גובערניעס, מוזן אין פארלויף פון 24 שעה פארלאזן זייערע היימען. דורך דאוויד־הארადאק האבן אנגעהויבן דורכפארן הונגעריקע, נאקעטע און אומ־גליקלעכע יידישע פליטים. דער דאזיקער אומבאהאלפענער אויסזען פון די יידישע פליטים, האט געמאכט א דערשיטערנדן איינדרוק אויף די דאוויד־הארადאקער יידן. פארשטייט זיך, אז ס׳איז גלייך ארגאניזירט געווארן א הילפס־קאמיטעט און די גאנצע יידישע באפעלקערונג האט מיט ליבע אויפגענומען די פליטים, זיי געגעבן הילף, איינגעארדנט זיי אין שולן און פריוואטע הייזער און באזארגט זיי מיט קליידונג און עסן.

אין דערזעלבער צייט, האבן דורך דאוויד־הארადאק אנגעהויבן דורכפארן די עוואקואירטע דייטשן פון וואלינער געגנט, וועלכע זענען ארויסגעטריבן געווארן דורך דער מיליטערישער מאכט. זיי זענען געקומען אין דאוויד־הארადאק מיט זייערע אייגענע וועגענער און פונדאנען האט מען זיי אויף שיפן געפירט מיטן טייך טיפער אין רוסלאנד. ווארטנדיק אויף שיפן, האבן זיי זיך געוואלגערט אויף די ברעגעס פון טייך אין שטאט און דאס האט געבראכט צו עפידע־מישע קראנקהייטן, וואס האבן באדראט אויך די איינוווינער פון דאוויד־הארადאק.

ס׳האבן זיך אנגעהויבן ווייזן אנטלאפענע פון בריסק און פון פינסק. אויך דאוויד־הארადאקער יידן האבן אנגעהויבן טראכטן וועגן עוואקואציע. דער „סלאנימער״ רב ז״ל און נאך אייניקע משפחות זענען טאקע ארויסגעפארן. פיל משפחות האבן אפגעקויפט פערד און

וועגענער פון די ארויסגעטריבענע דייטשן און געגרייט זיך אין וועג אריין. אנדערע ווידער זענען געפארן דוקא קיין פינסק מיטן צוועק צו פארבלייבן ביי די דייטשן, כדי אויסצומיידן מאביליזירט צו ווערן אין מיליטער.

דער פראנט האט זיך אלץ מער דערנענטערס. די פאניק איז געווארן גרויס. אין שטאט האבן זיך באוויזן קאזאקן. מ׳האט אראפגענומען די גלאקן פון די קלויסטערס, כדי זיי זאלן ניט אריינפאלן אין דייטשישע הענט. ביינאכט האט מען געהערט הארמאטן שיסעריי. די דייטשן האבן, אבער, פארנעמענדיק דעם 16־טן סעפטעמבער 1915 פינסק, געבליבן דארט שטיין. נאכדעם, ווי ס׳איז דורכגעגאנגען א קנאפער מא:אט און דער פראנט האט זיך ניט גערירט און נאכדעם, ווי די הערבסט־רעגנס און די בלאטעס האבן זיך אנגעהויבן האט מען אין דאוויד־הארדאק פארשטאנען, אז דער פראנט וועט זיך איבער ווינטער ניט רירן און מ׳האט זיך צוביסלאך אנגעהויבן צופאסן צו דער לאגע.

אינצווישן זענען אנגעקומען ניט קיין פריילעכע גרוסן פון די דאוויד־הארדאקער עוואקואירטע. די יידן, וועלכע האבן ביי די דייטשישע פליטים געקויפט פערד און וועגענער, כדי ס׳זאל זיין מיט וואס צו עוואקואירן זיך האבן דאס צוריק פארקויפט. מ׳האט זיך אנגעהויבן צוגעווינען צו דער נאענטקייט פון פראנט. די אנוועזנהייט פון מיליטער גארניזאנען אין שטעטל האט געגעבן א פרישן מקור פון פרנסה. מ׳האט מיט זיי געמאכט גוטע געשעפטן און די עקאנאמישע לאגע האט זיך פיל פארבעסערט.

די דאזיקע לאגע האט אנגעהאלטן איבער א יאר, ביז ס׳איז אין אנהויב פון יאר 1917 אויסגעבראכן די קערענסקי־רעוואלוציע.

* * *

אפילו אין פארווארפענעם ווייטן פון צענטער דאוויד־הארדאק, האט מען דערפילט די נייע, אפפרישנדע ווינטן וועלכע האבן אנגעהויבן בלאזן אין ווייטן פעטערבורג. פון מויל צו מויל, אין דער שטיל, מיט גלאנציקע אויגן פון דערווארטונג, זענען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז דער געהאסטער צארישער רעזשים אין רוסלאנד גייט צוגרונט. יידן האבן אין דער שטיל תפילה געטאן, אז ס׳זאל זיין אמת. אט קומט אן א ידיעה, אז פירשטן האבן אין פעטערבורג פארסמט ראספוטינען, אט זאגט מען, אז אין קייזערלעכן הויף איז אומרואיק. מ׳דערווארט פון טאג צו טאג נייע בשורות, אבער ס׳גלויבט זיך דאך ניט, אז דאס געגארטע וועט פארווירקלעכט ווערן... צי איז דען מעגלעך, אז דער איינגעפונדעוועטער, זייט הונדערטער יארן צאריזם, וועט צוזאמענגעבראכן ווערן? איז דאס ניט קיין פוסטער טרוים?...

און אט קומט אן אן איבערראשנדע ידיעה. די ניט צענזורירטע רוסישע צייטונג, וועלכע איז אנגעקומען אין שטעטל האט דערציילט אז צאר ניקולאי האט זיך אפגעזאגט פון טראָן לטובת זיין זון.

ס׳האט זיך ניט געלאזט גלויבן. מ׳האט מורא געהאט הויך וועגן דעם ריידן — אפשר איז דאס, חס ושלום אליגן. אט האט אבער פאסירט א געשעעניש אין שטעטל, וועלכע האט אלעמען איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער דערפרייענדער ידיעה. דער „אוריאדניק" אווטשיניקאוו, דער קייזערליכער פארשטייער אין שטעטל, איז ארויס אין מארק און האט פאר אלעמען אין די אויגן אראפגעריסן פון זיין מונדיר די עפאלעטן...

ס׳איז אוממעגלעך צו באשרייבן די גרויסע פרייד, וואס האט דאן ארומגענומען גאנץ רוסלאנד. פארשטענדלעך, אז פילפאכיק גרעסער איז געווען די שמחה פון די יידן, וועלכע האבן פריי געעפנט די טויערן פון אירע שטעט און אמטן פאר אלע בירגער. די ערשטע האניג־פריי געגעפנט די אויערן פון אירע שטעדט און אמטן פאר אלע בירגער. די ערשטע האניג־חדשים פון דער רוסישער רעוואלוציע אין אנהויב פון יאר 1917 האבן געגעבן א גרונד צו

גלויבן, אז מ׳שטייט פאר א נייער עפּאָכע פון גלייכהייט, פריינטשאפט און ברידערלעכקייט צווישן פעלקער און לענדער און אז אונטער די פליגלען פון דער דאזיקער רעוואלוציע, וועלן זיך אין דעם גרויסן רוסלאנד, קאנען פריי אנטוויקלען, עקאנאמיש און קולטורעל אלע אָן אויסנאם נאציאנאלע מינדערהייטן.

דער ענטוזיאזם איז געווען גרויס, די שמחה איז געווען אומגעהויער און אזוי האט מען זיך דערוואַרט ביזן פייערן דעם אינטערנאציאנאלן ארבעטער יום־טוב — דעם 1־טן מאי אין דאוויד־האראדאק.

דער 1־טער מאי 1917 אין ד.־האראדאק

די צוגרייטונגען צום יום־טוב זענען געווען אין פולן ברען. ס׳איז געגרינדעט געווארן א ספּעציעלער געמיינזאמער 1־טער מאי קאמיטעט פון יידן און קריסטן. א ספּעציעלע דעלעגאציע איז ארויסגעשיקט געווארן צום הוסארן־קאוואלערן פּאָלק, וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון דאוויד־הארדאק כדי איינצולאדן זיי מיט זייער ארקעסטער אויפן יום־טוב. אין פלאן איז געווען פארויסגעזען, אז דער ארקעסטער זאל אויף דער פייערונג שפילן די מארסעליעזע און די התקוה. ס׳האט זיך אבער ארויסגעוויזן אז דער ארקעסטער האט ניט קיין נאטן, ניט פון איינעם און ניט פון צווייטן הימן. צוהילף איז דאן געקומען דער מוזיקאנט וועלוול קרעפּעל, וועלכער האט אנגעשריבן די נאטן פון התקוה און אדאנק דער הילף פון די אלטע רעוואלוציאנערן פון 1905 זענען אויך צוזאמענגעשטעלט געווארן די נאטן פון מארסעליעזע. אמת, דאס וואס דער ארקעסטער האט דערנאך געשפילט (לויט די צוזאמענגעשטעלטע נאָטן) איז ניט געווען שטארק ענלעך צו דער מארסעליעזע — די כוונה איז אבער געווען א גוטע און אלע האבן „פארשטאנען״, אז דאס דארף זיין די מארסעליעזע...

אין טאג פון ערשטן מאי, איז אין שטעטל געווען פולשטענדיקער יום־טוב און אלע האבן אין אים אנטיילגענומען.

צוערשט איז די דעמאנסטראציע געגאנגען אין קלויסטער. יידן, וואס פלעגן שטענדיק דורכגיין ביים בארג, אויף וועלכן ס׳איז געשטאנען דער קלויסטער, מיט א געוויסן כּחד, זענען אהין פריי אריין מיט די רויטע פענער. דארט האט מיט דער צערעמאניע אנגעפירט א קריסט, מישא טוקין (אדאנק דער רעוואלוציע, איז ער באפרייט געווארן פון טורמע, וווּ ער האט געדארפט אפקומען א שטראף פון 15 יאר).

ארויסגייענדיק פון קלויסטער איז פארגעקומען א קליינער אינצידענט: אַן אלטע פויערטע איז געשטאנען אויפן קליין בריקל, וואס האט געפירט צום קלויסטער און האט געשריען: „פרייט זיך, פרייט זיך, איר וועט נאך זוכן און זיך בעטן ביי אונדזער טאטן ניקאלאי, ער זאל קומען און מאכן ביי אייך ארדענונג״. מ׳האט איר, פארשטייט זיך, באלד צוגענומען און איר שטארק אויסגעלאכט...

פון קלויסטער, איז מען אוועק, להבדיל, אין שול אריין. דארט האט באגעגנט די דעמאנ־סטראציע הרב ראווינסקי ז״ל מיט ספרי־תורות און האט איינגעלאדן דעם גענעראל מיט די אפיצירן אין שול אריין. דער ארקעסטער האט געשפילט די מארסעליעזע און התקוה. דער רב האט געהאלטן א דרשה און צווישן אנדערע צוגעזאגט אין נאמען פון דער יידישער באפעלקערונג, אז זי וועט צוזאמען מיטן גאנצן רוסישן פאלק מלחמה האלטן מיטן אויסערלעכן שונא ביזן אנטגילטיקן נצחון. ער האט אויך צוגעגעבן, אז אלע יוגנטלעכע, וועלכע האבן פאר ניקאלאיס רעזשים, זיך ניט צוגעשטעלט צום מיליטער, וועלן יעצט פרייוויליק גיין אין דער ארמיי.

נאך דער גאסן־דעמאנסטראציע איז פארגעקומען אן אויפנאמע פאר די אפיצירן. מ׳האט

צוגעגרייט א מיטאג און נאכן מיטאג זענען פארגעקומען טענץ ביי די קלאנגען פון מיליטערישן ארקעסטער.

דעם ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דאוויד־האראדאק האבן יידישע מיידלעך געטאנצט מיט רוסישע אפיצירן.

אין אוונט איז אין „אופראווע" פארגעקומען א מיטינג. אין נאמען פון די יידן איז ארויס־געטראטן אנצל זייטשיק (ניט קיין דאוויד־האראדאקער, וועלכער איז צופעליק דאן געווען צוגאסט ביי זיינע קרובים). ער האט מיט גרויס באגייסטערונג גערעדט וועגן גרויסן היסטארישן מאמענט, וועלכן מ'לעבט דורך, און וועגן דער פריינטשאפט און ברידערלעכקייט צווישן פעלקער, וואס די רעוואלוציע האט מיט זיך געבראכט. ער האט גערעדט מיט פיל פאטאָס און ענטוזיאזם און אלס אויסדרוק פון ברידערלעכקייט, האט ער זיך צוקושט מיטן גוי יעסיפ אנאשקא, וואס איז נעבן אים געשטאנען. דאס האט געמאכט א געוואלדיקן איינדרוק אויף אלע אנוועזנדע. פיל מענטשן האבן געוויינט פון פרייד.

דער 1־טער מאי 1917 איז געווען דער גליקלעכסטער טאג אין דער גאנצער געשיכטע פון דאוויד־האראדאקער יידישן ישוב. אט איז פארווירקלעכט געווארן דער טרוים פון „וגר זאב עם כבש" — ממש משיח'ס צייטן...

ווער וואלט דאן געגלויבט, אז אין 25 יאר ארום, אין אנהויב הערבסט 1941, וועט דער זעלבער יעסיפ אנאשקא און די אלע „האראדטשוקעס", וועלכע זענען אנוועזנד געווען אויפן דאזיקן מיטינג, אז אט די אלע וועלן מיט סאדיסטישער פרייד און שמחה פירן זייערע יידישע שכנים, מיט וועלכע זיי האבן געלעבט הונדערטער יארן צוזאמען, צו דער שחיטה...

* * *

אין יענער צייט, האט זיך שטארק אנטוויקלט די ציוניסטישע און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט אין דאוויד־הארדאק. דאס וועט אבער געשילדערט ווערן אין א באזונדער קאפיטל. ס'איז כדאי בלויז צו באמערקן, אז די עקאנאמישע לאגע האט זיך דאן שטארק פארבעסערט. יידן האבן זיך דאן געקאנט פריי באוועגן און קיין פרנסה האט ניט געפעלט.

די האניג־חדשים פון דער רעוואלוציע זענען אבער שנעל אדורך און ס'איז אנגעקומען די גרויע ווירקלעכקייט. דער פראנט האט זיך פון ארט ניט גערירט, די מלחמה האט אנגעהויבן דערעסן און מיאוס ווערן, אלע קערענסקיס אפענסיוועס זענען דורכגעפאלן, דאס פאלק איז געווען מיד און האט ניט געוואלט מלחמה האלטן, די דעמאראליזאציע אין דער ארמיי איז געווען גרויס. סאלדאטן האבן זיך באוויזן אין שטאט און אנגעהויבן פארקויפן רעוואלווערן, ביקסן און אפילו מאשין־געווער. די באלשעוויקעס האבן צוטריבן די גרינדונגס־פארזאמלונג און פאר־כאפט די מאכט.

די לאגע אין שטאט איז געווארן אומרואיק, קיין שטארקע מאכט איז אין דאוויד־הארדאק ניט געווען — אלץ האט זיך דערוויל געפירט לויטן סיסטעם פון פריערדיקן רעזשים.

אין הערבסט 1918, זענען די דייטשן אריין אין שטאט. דאוויד־הארדאק האבן זיי דאן פאראייניקט צו אוקראינע. קיין שטארקע ענדערונג אין עקאנאמישן לעבן פון דאוויד־הארדאק האט דאס ניט אריינגעבראכט, ווייל די שטעטל איז אויך פריער געווען עקאנאמיש פארבונדן מיט קיעוו און אוקראינע. פאר די דייטשן האט מען זיך געפילט אביסעלע זיכערער, מ'האט מיט זיי אנגעהויבן צו האנדלען און געמאכט ניט קיין שלעכטע געשעפטן. לאנג האט אבער די דייטשישע הערשאפט אין דאוויד־הארדאק ניט אנגעהאלטן. אין דייטשלאנד איז אויסגעבראכן די רעוואלוציע און דאס דייטשישע מיליטער האט אנגעהויבן פארלאזן אוקראינע.

אין אוקראינע האט זיך באוויזן פעטלורא מיט זיינע חיילות און ס'האבן זיך אנגעהויבן

פאגראמען אויף יידן. די פעטלוראווצעס האבן אבער אויסגעמיטן דאוויד־האראדאק. ס׳האט זיך אפילו איין טאג באוויזן א גרופע דאמבראוויצער שקצים, וועלכע האבן זיך א נאמען געגעבן פעטלוראווצעס, זיי זענען אבער גלייך ארויס פון שטעטל.

די שטאט איז געבליבן אָן א מאכט. די באן־קאמוניקאציע איז געווארן ניט נארמאל און געפערלעך. פיל דאוויד־האראדאקער יידן זענען פארבליבן אין פארשיידענע שטעט פון אוקראינע און ניט דערגרייכן אהיים. אלע געשעפטן האבן זיך אפגעשטעלט און קיין איבעריקע ארבעט איז אויך ניט געווען.

לאכווע, פון איין זייט, איז געווען פארנומען דורך די דייטשן, סטאלין, פון דער צווייטער — דורך די פעטלוראווצעס, בלויז דאוויד־האראדאק איז געווען אָן א מאכט. די ענינים פון שטאט זענען געפירט געווארן דורך דער ארטיקער מוניציפאליטעט צו וועמענס הילף ס׳זענען געשטאנען עטלעכע פאליציי־לייט.

ס׳דארף באמערקט ווערן, אז קיין אנפאלן אדער גנבות זענען דאן אין שטאט ניט געווען. די מוניציפאלע מאכט האט זיך פארנומען מיט אויסגלייכן ערד־סכסוכים צווישן די פויערים, מיט אריבערפירן ערד פון איין נאמען אויפן צווייטן און מיט ארויסגעבן מעטריקעס, אדער שיינען פון חתונה׳ס און גטן צווישן די קריסטן. די יידן האבן די אלע פארמאליטעטן דערליידיקט ביים רב.

כאראקטעריסטיש פאר יענער צייט, איז אן אריגינעלע שטראף, וועלכע איז דורך דער דאמאלסדיקער ארטיקער מאכט ארויפגעלייגט געווארן אויף א דאוויד־האראדאקער ייד, בערל אייזנבערג, פאר ניט אפהיטן דאס געזעץ. מ׳האט אים געכאפט טרייבנדיק בראנפן — „סאמאגאן“. אין יענער אומרואיקער צייט, איז אויך דאס געזעץ געווען אין דאוויד־האראדאק אפגעהיט. די שטראף איז געווען פאלגענדע: מ׳האט אים אויף זיינע אקסלען אויפגעהאנגען די קעסלען, אין וועלכע ער האט געקאכט דעם בראנפן, א שטאטישער גוי, אדאם פאוו איז געגאנגען פארויס מיט א פויק און געפויקט און אזוי האט מען בערל אייזנבערג געפירט איבער אלע גאסן פון שטאט ביים אלגעמיינעם געלעכטער פון די איינוווינער.

אט אזוי האט דאן די שטעטל געפירט א רואיק לעבן — א רואיק אינזעלע אין א שטורמישן ים פון מלחמה — און די באציונגען צווישן די יידן און די קריסטן אין שטעטל זענען געווען פרידלעכע און נארמאלע.

די דאזיקע רואיקייט האט אבער לאנג ניט אנגעהאלטן.

די באלשעוויסטיש־מיליטערישע כוחות האבן פארנומען לאכווע און לוניניעץ און דאן האט פאסירט א געשעעניש וועלכע האט אויפגעטרייסלט און איבערגעריסן די אידיליע אין דאוויד־האראדאק.

די דאמאָלסדיקע פירער פון שטעטל, הן די קריסטלעכע און הן די יידישע, האבן דאן געמאכט א פעלער, פאר וועלכן די שטעטל האט זייער טייער באצאלט הן אין מענטשלעכע און הן אין מאטעריעלע קרבנות...

## די שטראף-עקספעדיציע („קאראטעלן אטריאד“)

די באלשעוויסטיש־מיליטערישע אפטיילונג, וואס איז געשטאנען אין לוניניעץ, האט ארויס־געשיקט א גרופע סאלדאטן אין דער ארומיקער געגנט, כדי צו רעקווירירן שפייז פארן מיליטער. זיי זענען אויך געקומען קיין דאוויד־האראדאק. אין וויסאקע, א 4 קילאמעטער פון דאוויד־האראדאק זענען דאן געווען פריצישע סטאדעס קי, וועלכע די באלשעוויקעס האבן געוואלט רעקווירירן.

ס׳איז ביז היינט ניט פארשטענדלעך, וואס האט באוויגן די „האראדטשוקעס“ צו שטעלן

אווידערשטאנד די באלשעוויקעס און נאך מער ניט פארשטענדלעך איז, פארוואס די יידן האבן דאן צוגעשטאנען צום ווידערשטאנד.

ס'איז אבער א פאקט, אז מ'האט ארגאניזירט א ווידערשטאנד. מ'איז אוועק צום גלח און געווירקט אויף אים, ער זאל קלינגען אין די גלאקן פון קלויסטער און ווירקן אויף די גויים זיי זאלן זיך קעגנשטעלן, און ניט לאזן ארויספירן די סטאדעס קי פון שטאט.

די מאטיווירונג פארוואס מ'דארף זיך קעגנשטעלן איז געווען פאלגענדע: אויב מ'וועט לאזן היינט צונעמען די פריצישע קי, וועט מען מארגען קומען און צונעמען אויך פריוואטע.

די יידן און איבערהויפט די יוגנט האבן צוגעהאלפן ארגאניזירן דעם ווידערשטאנד. מיט געמיינזאמע כוחות האט מען טאקע געשטעלט א ווידערשטאנד און ניט געלאזט ארויספירן די קי. דערביי איז פארגעקומען א קליינע שיסעריי צווישן די קעמפנדע צדדים און אלס רעזולטאט איז דערהרגעט געווארן דער קריסטלעכער מיטגליד פון רעווקאָם, דעניס, און איין זעלנער איז פארוואונדעט געווארן.

מ'האט פארויסגעזען, אז די באלשעוויסטישע מיליטערישע מאכט וועט אויף דעם ווי געהעריק רעאגירן. די שטימונג איז געווען א קריגעריש. מ'האט צענומען דעם בריק אויף כוואראסקער וועג, געמאכט באריקאדן און געווארט אויפן שונא. גלייכצייטיק האט מען אוועק־געשיקט א דעלעגאציע קיין סטאלין, וווּ ס'זענען געווען די „פעטלוראווצעס" און געבעטן ביי זיי הילף. די „פעטלוראווצעס" האבן, אבער, קיין הילף נישט געקאנט געבן, ווייל זיי אליין האבן זיך געגרייט אפצוטרעטן.

איך מיט מיין ברודער זענען דאן געווען אין לונייעץ און געהאט דארט א רעסטאראן.

איך מיט מיין ברודער זענען דאן געווען אין לוניעץ און געהאט דארט א רעסטאראן.

מיר האבן געקאנט דעם שטאב, וואס האט געשיקט די גרופע סאלדאטן צו רעקווירירן די קי. זיי האבן געוווּסט, אז מיר זענען דאוויד־הארארקער און זיי זענען געקומען זיך פרעגן וואס איז דאס פאר א שטעטל.

זיי האבן ניט געקענט פארשטיין די סיבה וואס האט געבראכט די יידן צו שטעלן א ווידערשטאנד די באלשעוויקעס. אין יענער צייט איז דאס ווירקלעך געווען א טירוף הדעת. די באלשעוויקעס האבן טאקע עקאנאמיש רואינירט דעם יידישן מיטלשטאנד, אבער זיי זענען דאן געווען די איינציקע, וואס האבן געקעמפט קעגן אנטיסעמיטיזם און קעגן אלע באנדעס, וואס האבן פאגראמירט יידן. אין יענער צייט זענען דוקא טויזנטער יידן אריין אין דער רויטער ארמיי, כדי צו קעמפן קעגן די באנדעס.

דער שטאב אין לוניניעץ איז באשטאנען פון זייער ווילע גרויס־רוסישע סטודענטן, וועלכע זענען געווען ווייט פון אנטיסעמיטיזם. אין שטאב זענען אויך געווען יידן. אדאנק די דאזיקע יידן האט די שטעטל נאך גוט אפגעשפילט, ווייל אנדערש וואלטן געפאלן פיל מער קרבנות.

זיי האבן ארויסגעשיקט קיין דאוויד־הארארק א שטארקע דיסציפלינירטע אפטיילונג סאלדאטן מיט הארמאטן. די שטעטל האט זיך, פארשטענדליך, גלייך אונטערגעגעבן. די יוגנט איז אנטלאפן.

די שטראף עקספעדיציע איז אריין אין שטאט. די זעלנער האבן באקומען פרייע הענט צו נעמען אלץ וואס זיי ווילן, אויסשליסנדיק, נאטירלעך, דאס אנרירן מענטשן. דערצו האט רעכט געהאט נאר דער קאמענדאנט און פאליטישער קאמיסאר, וועלכער איז אגב געווען א ייד.

3 פון די דאוויד־הארארקער בירגער — 2 קריסטן און 1 ייד — בייצל יודאוויטש ע"ה (לויט דער פראפארץ פון דער באפעלקערונג) זענען דורך דער שטראף עקספעדיציע דערשאסן געווארן. אויסער דעם האבן זיי איגנאנצן אויסגעליידיקט די שטעטל. מ'האט צוגענומען אלץ,

וואס ס'האט זיך נאר געלאזט ארויספירן. ס'זענען דאן געווען אין שטעטל פיל שפייז־רעזערוון, וואס מ'האט איבערן זומער אנגעפירט פון אוקראינע. דאס אלץ איז רעקוויזירט געווארן. מ'האט אפילו אראפגענומען שיינע שיך פון די פיס. די אלע רעקוויזירטע זאכן איז די דאוויד־האראדאקער באפעלקערונג געווען פארפליכטעט אליין צושטעלן צום באן אין לאכווע און לונינייעץ.

דער חורבן איז געווען גרויס און איבערהויפט איז געווען גרויס דער טרויער נאך דעם אומשולדיקן קרבן ב. יודאוויטש, וועלכער איז געווען אן אנגעזעענער מענטש און איז אומזיסט געפאלן צוליב א נארישן, ניט אויסגערעכנטן שריט, וועלכער איז ניט געווען אין די יידישע אינטערעסן.

דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געווארן אויפן קריסטלעכן בית־הקברות און דארט האט מען קובר געווען ב. יודאוויטשן. אין א פאר וואכן ארום, האב איך אין לונינייעץ ארויס־באקומען א דערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאכט צו ברענגען דעם קדוש צו קבר ישראל.

אט אזוי, האט דאוויד־הארא‏דאק אפגעצאלט פארן פרווו פון קעגנשטעלן זיך דער מאכט. דאס שטעטל האט נאך דעם פאל פיגורירט אויף דער שווארצער ליסטע פון די באלשעוויקעס און די „הארא‏דטשוקעס" זענען געווארן טויט שונאים פון דער באלשעוויסטישער מאכט.

די באלשעוויסטישע מאכט האט זיך פארשטארקט אין דער געגנט. די עקאנאמישע לאגע איז אבער געווארן זייער א שווערע. דאס שטעטל איז פאראריעמט געווארן. ס'זענען ניט געווען קיין מעגלעכקייטן פון האנדל, ס'איז אויך ניט געווען קיין ארבעט. מענטשן האבן אנגעהויבן ליידן הונגער. מ'האט זיך געלאזן איבער די דערפער, כדי צו בייטן קליידונג אויף שפייז. קיין געלט, אויסער גאלד, האט דער פויער ניט געוואלט נעמען. מיט שוועריקייטן האט מען געקראגן א פוד קארן.

אין יענער צייט, האט מען זיך אנגעהויבן ארגאניזירן אין ארטעלן (קאאפעראטיוו), גענומען שטיקלעך באדן און אליין געזייט קארן מיט קארטאפל. קיין באדן האט, פארשטענדלעך, ניט געפעלט.

די באלשעוויסטישע מאכט האט דאן דערקלערט א מאביליזאציע. אויסער געציילטע, האט זיך אבער קיינער ניט געוואלט מאביליזירן. ס'זענען דערגאנגען קלאנגען, אז די פאליאקן זענען ניט ווייט און דעריבער האט קיינער ניט געוואלט זיין ווייט פונדערהיים. בכדי ניט צו גיין אין מיליטער, האט מען זיך פארשריבן אויף וואלד־ארבעט אין סיענקעוויטש. די דאזיקע ארבעט האט באפרייט פון מיליטער־דינסט. הונדערטער דאוויד־הארא‏דאקער יוגנטלעכע האבן זיך דאן פארשריבן אויף דער דאזיקער ארבעט, ווו זיי האבן צוגעגרייט ברען־האלץ פאר די באנען.

אין א מאנאט ארום, אבער, האבן זיך די באלשעוויקעס אנגעהויבן עוואקואירן און אין דאוויד־הארא‏דאק זענען אריין די פאליאקן.

### 1921—1920 — ד.־דאראדאק גייט איבער פון האנט צו האנט

מיט א געפיל פון מורא און שרעק האבן די דאוויד־הארא‏דאקער יידן אויפגענומען די פאליאקן. די קלאנגען וועגן האלטן זיך פון פוילישן מיליטער, איבערהויפט פון די „האלערטשיקעס" לגבי די יידן, די דערגאנגענע קלאנגען וועגן א פאגראם אין לעמבערג האבן געגעבן א גרונד צו זיין שטארק באזארגט. ס'איז אנגעקומען די טרויעריקע און דערשיטערנדע ידיעה, אז אין פינסק האבן די פאליאקן דערשאסן אָן א גרונד און אָן שולד 35 יידישע יונגעלייט! איז טאקע ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס פאר די באלשעוויקעס האבן די יידן אין דאוויד־הארא‏דאק געלעבט זייער שווער, כמעט האלב הונגעריק, האט מען דאך מיט זארג געקוקט אין דער נייער צוקונפט.

די פאליאקן זענען אריין אין דאוויד־הארא‏דאק. יידן האבן זיך באמת ניט צו ווארפן זיך אין די אויגן. דער רעזשים אין שטעטל איז געווען זייער א שווערער. צוערשט האבן זיי

פאַרמשפּט צום טויט קראַפּיווקען, א ייד וועלכער איז פאר די באלשעוויקעס געשטאנען אין שפּיץ פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאריין אין שטעטל. מ'האט געכאפּט אויף צוואנגס־ארבעט. די געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע טעטיקייט איז גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרן. א מורא האט ארומגענומען די גאנצע שטאט.

א ביסל שפּעטער איז דער רעזשים געוואָרן עטוואס מילדער. ס'האבן זיך אנגעהויבן הערן פּראָטעסטן פון אמעריקע קעגן די רדיפות אויף יידן, מארגענטוי איז געקומען אויף אן אויס־פאָרשונג קיין פּינסק, ס'איז אויך אַראָפּגעקומען א סיים־קאָמיסיע — די רדיפות האבן זיך אביסל אָפּגעשטעלט.

דאַוויד־האַראָדאָקער יידן האבן זיך אנגעהויבן צופּאסן צום נייעם לעבן. דער פראָנט איז אוועק ווייט — אזש ביז קיעוו. ס'האט זיך געשאַפן א מעגלעכקייט צו פאַרבינדן זיך מיט פּינסק. מ'האט צוביסלעך אנגעהויבן האנדלען. דער הויפּט אַרטיקעל איז געווען זאַלץ. מיטן דאָזיקן אַרטיקל האט מען דאַן געמאָסטן דעם ווערט פון אַלע סחורות. פאר א פוד זאַלץ, האט מען באַקומען 3 פוד קאָרן.

ס'האט זיך איינגעשטעלט א פאַרבינדונג מיט אמעריקע. ס'זענען אנגעקומען דעלעגאַטן מיט הילף; פון קרובים האט אנגעהויבן אנקומען אונטערשטיצונג; דער „דזשאָינט" האט אנגעהויבן זיין טעטיק; ס'איז געשאַפן געוואָרן אן אמעריקאַנער קאָמיטעט, וועלכער האט געטיילט פּראָדוקטן און קליידונג צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג; ערב פּסח איז אנגעקומען פארן קאָמיטעט מעל אויף מצות און די מצות זענען דערנאָך פאַרטיילט געוואָרן צווישן דער באַפעלקערונג; ס'האבן זיך געעפנט די שולעס; דאס געזעלשאַפטלעכע לעבן האט זיך אנגעהויבן אַנטוויקלען — ס'איז געגרינדעט געוואָרן דאס יתומים־הויז. לאַנג האט דאס אבער ניט געדויערט. אנהויב זומער פון יאָר 1921 האט זיך אין דער לופט ווידער דערשפּירט פּולווער. די פּאָליאַקן האבן נעבן קיעוו געליטן א מפּלה און גענומען מיט אימפּעט לויפן צוריק.

ס'האבן זיך אנגעהויבן קאָשמאַרפולע טעג פאר די יידן פון דאַוויד־האַראָדאָק. צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד, באַטאָג און באַנאַכט, זענען דורך דער שטאָט דורכגעגאַנגען די אָפּטרעטנדע טיילן פון דער פּוילישער אַרמיי. מענטשן האבן זיך מורא געהאט צו ווייזן אין די גאַסן. צולעצט האבן די פּאָליאַקן פאַרבּרענט דעם בריק און געבליבן שטיין אויף יענער זייט טייך. יענער טאָג איז געווען דער ערגסטער. אין פאַרלויף פון דאָזיקן טאָג, פלעגן זיך די פּוילישע זעלנער אַריבערכאַפּן איבערן טייך און זיך לאָזן איבער די הייזער ראַבירן. ערשט באַנאַכט איז געוואָרן רואיק. די באָלשעוויקעס זענען צוגעגאַנגען ביז צום שטאָט און אינדערפרי זענען זיי אַריין אין דאַוויד־האַראָדאָק.

מיט געמישטע געפילן האט די יידישע באַפעלקערונג אויפגענומען די נייע מאַכט. פון איין זייט איז מען געווען צופרידן, וואָס מען איז אויסגעלייזט געוואָרן פון דער פּוילישער מאַכט, וועלכע האט באַוויזן פאר דער קורצער צייט פון איר הערשאַפט אַרויסצווייזן איר אַנטיסעמיטישן פּרצוף. איבערהויפּט איז מען געווען צופרידן, וואָס ס'האט זיך סוף־סוף געענדיקט די שפּאַנונג פון לעצטן מאָנאַט. פון דער צווייטער זייט, אבער, איז דאַוויד־האַראָדאָק מיטן אַריינטרעטן פון דער רויטער אַרמיי, אָפּגעשלאָסן געוואָרן פון דער אויסערלעכער וועלט. ס'איז איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונג מיט אמעריקע און ס'איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער וועג קיין ארץ־ישראל, וווהין פיל יוגנטלעכע האבן זיך געגרייט עולה צו זיין.

איבער נאַכט, כמעט, זענען פאַרשוואונדן געוואָרן אַלע לעבנס־מיטלען, וועלכע זענען אין דער צייט פון דער פּוילישער הערשאַפט געווען אין א גענוגנדער מאָס. די לאַגע איז געוואָרן א שווערע. דער האַנדל האט זיך אָפּגעשטעלט און קיין אַרבעט איז נאָך דערווייל ניט געווען. די מאַכט איז געווען אין מיליטערישע הענט. מ'האט אנגעהויבן, וואָס אן אמת, אָרגאַניזירן

ארטעלן און קאאפעראטיוון, דערוויל, אבער, האט מען מערסטנטייל זיך פארנומען מיט מיטינגען, פארזאמלונגען און קאנצערטן. ווי פלעגט מען דאן זאגן אין דאוויד־הארֹאדאק?: „ס'איז ארעם און פריילעך".

ס'איז, אבער, ניט אדורך קיין לאנגע צייט און איידער מ'האט זיך באוויזן ארומקוקן איז דערגאנגען די ידיעה, וועגן דער מפלה, וואס די רויטע ארמיי האט געליטן הינטער ווארשע. ס'איז ווידער געווארן אומרואיק. די רויטע ארמיי האט אנגעהויבן גאנץ שנעל אפטרעטן. דער כאאָס איז געווען גרויס.

אויף דער יידישער באפעלקערונג איז אנגעפאלן א שרעק, ווען זי האט דערהערט, אז צווישן די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער אנגרייפנדער פוילישער ארמיי גייען די באלאכאוועצעס.

דאס איז געווען א רוסיש־מיליטערישע אפטיילונג פון די „ווייסע" אונטער דער אנפירונג פון גענעראל בולאק באלאכאוויטש, וועלכע האט צוזאמען מיטן פוילישן מיליטער געקעמפט קעגן דער רויטער ארמיי. אפטרעטנדיק צוזאמען מיטן פוילישן מיליטער פון הינטער קיעוו זענען זיי טרויעריק־באריִמט געווארן מיט די גרויסע שחיטות, וועלכע זיי האבן איינגעארדנט אויף דער יידישער באפעלקערונג אין וואלין.

חול־המועד סוכות 1921 זענען די באלשעוויקעס אפגעטראטן און הושענה־רבה באנאכט זענען אריין אין שטאט די טיילן פון בולאק באלאכאוויטשעס מיליטער.

די שרעק איז געווען זייער גרויס. די יוגנטלעכע און איבערהויפט די פרויען האבן זיך אויסבאהאלטן און קיינער האט ניט געוואגט זיך באוויזן אין גאס. אייניקע, מער דרייסטע, וועלכע האבן געפרוווט ארויסגיין, זענען פול מיט שרעק גלייך צוריקגעלאפן. די באלאכאוועצעס, באצירטע, מיט פעדערן אין די קאקארדעס און מיט אויסגעהאפטענע סקעלעטן־קעפ אויף די היטלען, זענען ווי גיריקע חיות ארומגעלאפן איבער די גאסן.

די ערשטע, וועמען זיי האבן שטארק צושלאגן, זענען געווען הרב ר' דודל זצ"ל און מאטל דער קרעמער וועלכע, זענען שמיני־עצרת פרי געגאנגען אין בית־המדרש דאוונען. דערנאך האבן זיי אנגעהויבן ראבירן די הייזער און שלאגן די יידן.

מיטאג־צייט זענען אריין גרעסערע טיילן מיליטער, וועלכע מ'האט איינגעקווארטירט אין יידישע הייזער. די יידן האבן זיי באדינט און אויסגעהאלטן מיט דער האפנונג, אז זיי וועלן ניט דערלאזן אנדערע סאלדאטן אריינקומען ראבירן. אין פיל הייזער איז טאקע געווען אזוי. ס„זענען אבער אויך געווען הייזער, ווו די זעלנער האבן צוערשט אויסקעקוקט וואס אין שטוב טוט זיך און פארן אוועקגיין האבן זיי אדער אליין אדער א'נטערגעשיקט אנדערע זעלנער און צוגענומען די ווערטפולע זאכן.

באזונדער שווער איז געווען די לעצטע נאכט פון זייער זיין אין שטאט, איידער זיי זענען אוועק אויפן פראנט. יענע נאכט זענען געפאלן קרבנות, אייניקע פרויען געשענדעט און אסאך יידישע הייזער צעראבירט.

די עטלעכע וואכן, מיט די באלאכאוויצעס אין שטאט, זענען געווען שרעקלעכע און קאשמארפולע פאר דער יידישער באפעלקערונג. מ'האט זיך פאר דער דאזיקער צייט געפרוווט פארבינדן מיט דער פוילישער מיליטער מאכט, אבער די עטלעכע פוילישע אפיצירן, וואס זענען געווען אין שטאט, האבן גארניט געוואלט און אפשר אויך ניט געקאָנט אויפטאן.

אין די דאזיקע פאר וואכן פלעגט זיך די לאגע פון מאל צו מאל בייטן. ס'זענען עטלעכע מאל דורכגעגאנגען דורך דאוויד־דאראדאק טיילן מיליטער וועלכע זענען באשטאנען פון געוועזענע רויט־ארמייער, וואס זענען אריינגעפאלן אין געפענגעניש צו די פאליאקן. זיי האבן זיך פרייוויליג מאביליזירט אין באלאכאוויטשעס ארמיי מיטן אויסשליסלעכן צוועק צו דערגרייכן זיך אהיים. די דאזיקע טיילן האבן זיך געהאלטן קארעקט.

דורך דאוויד־הארַאדאק איז אויך דורכגעגאנגען דער שטאב פון באלאכאוויטשעס ארמיי מיט בולאק באלאכאוויטש אין דער שפיץ. ווען די דאוויד־הארַאקער יידן האבן זיך באקלאָגט פאר אים אויף דער האלטונג פון זיינע זעלנער האט ער געענטפערט, אז ער האט באפוילן ניט צו ראבירן די ציוויל באפעלקערונג; ער איז אבער ניט שולדיק אין דעם, וואס ס׳זענען דא פיל יידישע קאמוניסטן קעגן וועלכע זיינע זעלנער קעמפן...

ווען די לעצטע טיילן פון באלאכאוויטשעס ארמיי זענען שוין אוועק פון שטאט און ס׳האט געדארפט אריין דאס פוילישע מיליטער, האט מען געמיינט, אז דער קאשמאר איז שוין אדורך. ליידער איז נאך אבער באשערט געווען, אז די דאוויד־הארַאדאקער יידישע באפעלקערונג זאל דורכלעבן טויט־שרעק און אפקומען מיט אויסקויפן זיך דורך א גרויסער געלט סומע.

נאכן פארלאזן דורך די באלאכאווצעס דאוויד־הארַאדאק, איז צוריקגעקומען א קליינע אפטיילונג פון זייער רייטער־מיליטער, צוגעפארן צום הרב ראווינסקי ז״ל, אים, און צו אים נאך א גרופע יידן, ארעסטירט און אויפגעפאדערט, אז אין משך פון 2 שעה זאל מען זיי געבן 100 טויזנט רובל. אויב ניט וועלן אלע דערשאסן ווערן. דעם רב האבן זיי באפרייט, כדי ער זאל אויפקלייבן דאס געלט אדער ווערטפולע זאכן.

ס׳האט אנגענומען א שוידער צו זען דעם רב, ווי ער איז געגאנגען איבער די גאסן מיט 2 טארבעס אנגעהאנגען אויף בײדע זייטן און מיט געוויין אויפגעפאדערט, אז יעדער זאל געבן וויפיל ער קאן. די יידן האבן אנגעהויבן טראגן גאלדענע פינגערלעך, קייטאלעך, זייגערלעך, יעדער איינער וואס ער האט נאר געקאנט און דערמיט האט מען זיך אויסגעקויפט פון די באנדיטישע הענט.

אגעוויסע מאראלישע סאטיספאקציע האבן די דאוויד־הארַאדאקער יידן שפעטער דער־לעבט. די באלאכאווצעס, אוועקגייענדיק ווייטער, האבן געליטן א מפלה און זיי האבן געמוזט צוריקטרעטן. אין דער צייט, אבער, איז אפגעשלאסן געווארן דער ריגער שלום־טראקטאט און די פויליש־סאוויעטישע גרענעץ איז באשטימט געווארן צווישן טורעוו און דאוויד־הארַאדאק. ביי דער פוילישער גרענעץ, האבן די פאליאקן אנטוואפנט די אפטרעטנדע טיילן פון די באלא־כאווצעס און אַן געווער זענען זיי אויפן וועג צו די קאנצענטראציע־לאגערן אדורך דאוויד־הארַאדאק. די יידן זענען דאן ספעציעל ארויס אין די גאסן און אפגעלאכט און אפגעשפּאָט פון די דאזיקע באנדיטן.

מיט דעם האט זיך פארענדיקט דער טרויעריקער קאפיטל פון דער באנדע, וועלכע האט געבראכט צו הונדערטער יידישע קרבנות און עקאנאמיש רואינירט טויזנטער יידישע משפחות.

## אונטער דער פוילישער הערשאפט (1921 — 1939).

**דאוויד־הארַאדאק** איז לויטן ריגער שלום־טראקטאט פארבליבן אין די גרעניצן פון פוילן. די גרענעץ איז דורגעגאנגען אין דארף מאלישאוו, 20 קילאמעטער פון שטעטל.

די עקאנאמישע לאגע איז געווען זייער א שווערע. די שטעטל איז צעראבירט געווארן דורך די באלאכאווצעס און פאראָרעמט געווארן דורך דער מלחמה.

די פאליאקן האבן איינגעפירט אין שטאט א שטרענגן קריגס־רעזשים. נאך 8 אזייגער אוונט האט מען ניט געטארט ארויסגיין פון שטוב. ארויספארן אויסערן שטאט אָן א ספעציעלער דערלויבעניש איז געווען פארבאטן. צוליב דער נאענטקייט פון דער גרעניץ זענען קאנטרא־לירט געווארן די באוועגונגען פון דער באפעלקערונג. די שטאט איז אפגעריסן געווארן פון אוקראינע, מיט וועלכער זי איז געווען עקאנאמיש פארבונדן. אין די באדינגונגען פון שטרענגן קריגס־רעזשים איז שווער געווען זיך צופאסן צום נייעם לעבן.

ערשט אין א האלב יאר ארום איז מילדער געווארן דער רעזשים און ס׳איז געווארן עטוואס לייכטער. מ׳האט זיך פרייער געקאנט באוועגן און ס׳איז געווארן לייכטער דער פארקער. דער „דזשאינט״ האט אנגעהויבן זיין הילפס־טעטיקייט. ס׳זענען געקומען דעלעגאטן פון אמעריקע, וועלכע האבן צוו. אנד. געבראכט אויך הילף פון אמעריקאנער קרובים פאר דאוויד־האראדאקער איינוווינער. זיי האבן אויך דערמעגלעכט די משפחות, וועמענס פאטערס און מענער זענען שוין פון פריער געווען אין אמעריקע, עמיגרירן קיין אמעריקע.

ס׳האט זיך דאן אנגעהויבן א גרויסער עמיגראצע שטראם. נאך די גרויל איבערלעבונגען אין צייט פון קריג, האט מען ניט געוואלט פארבלייבן אין דאוויד־הארדאק. צוערשט איז דער עמיגראציע שטראם געגאנגען קיין אמעריקע. דערנאך, אז ס׳איז שווערער געווארן צו פארן קיין אמעריקע, איז מען געפארן קיין קאנאדע, קובא, ארגענטינע. מ׳איז געפארן ווו ס׳האט זיך נאר געלאזט. ס׳האט זיך אויך געגרינדעט א החלוץ־גרופע, כדי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אבער צוליב די געשעענישן אין יאר 1921 אין ארץ־ישראל, איז די עליה אפגעשטעלט געווארן און די גרופע איז געבליבן אין דאוויד־הארדאק.

די עקאנאמישע לאגע האט זיך צוביסלאך אנגעהויבן פארבעסערן. ס׳איז פארגעקומען די דעוואלואציע פון פוילישן מארק און סחורה האט אנגעהויבן ווערן טייערער פון טאג צו טאג. כמעט אלע האבן דאן אנגעהויבן האנדלען. קראמען זענען געוואקסן ווי שוואמען נאך א רעגן. מ׳האט אנגעהויבן פארדינען „מיליאנען״.

אט אזוי האט זיך דאס געצויגען ביז דער סטאביליזאציע פון דער פוילישער מטבע. די ווערטלאזע מארקן, זענען פארביטן געווארן אויפן פולווערטיקן פוילישן זלאטי. די גאנצע וואקכאנאליע האט זיך געענדיקט. אלע נייע סוחרים זענען צוריק ארויסגעשטויסן געווארן פון האנדל און ס׳איז געווארן שווער צו פארדינען א גראשן. דערצו איז נאך צוגעקומען דער באוווסטער שטייער־סיסטעם פון דאמאלסדיקן פוילישן פינאנס־מיניסטער גראבסקי, וועלכער האט ארויפגעלעגט אויף די יידישע סוחרים און האנטווערקער אומגעהויער הויכע שטייערן און זיי שטארק פארארעמט.

אינצווישן האט זיך ארגאניזירט דאס געזעלשאפטלעכע און פאליטישע לעבן אין שטעטל. ס׳זענען אויפגעשטאנען פאליטישע פארטייען, יוגנט באוועגונגען, ס׳האבן זיך געגרינדעט געזעלשאפטלעכע, קולטורע און וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. די יידישע באפעלקערונג פון דאוויד־הארדאק און איבער הויפט די יוגנט האט זיך מיט ברען, טעמפעראמענט און אויסערגעווינלעכער איבערגעבנהייט ארייגעווארפן אין דער דאזיקער ארבעט. ס׳איז געגרינדעט געווארן אנ׳העברייאישע „תרבות״ פאלקס־שולע, וועלכע איז מיט דער צייט געווארן, איינע פון די בעסטע אין פוילן. ס׳זיינען געגרינדעט געווארן בענק, ווי די „פאלקס־באנק״ און „סוחרים־באנק״. ס׳האט זיך אנטוויקלט א שיינע און פארצווייגטע ארבעט ארום דעם יתומים־קאמיטעט. ס׳זענען אויפגעשטעלט געווארן ביבליאטעקן, ספארט־קלובן, דראמאטישע קרייזן, א.א.וו. מיר וועלן זיך, אבער, יעצט ניט אפשטעלן גענויער אויף די אלע אינסטיטוציעס, — וועגן דעם, וועלן מיר באזונדער שילדערן אין די שפעטערדיקע קאפיטלען.

נאך דער פילסודסקי איבערקערעניש האט זיך די לאגע אנגעהויבן מער סטאביליזירן. די יידן האבן געפירט א מער־ווייניקער רואיקן לעבן. מ׳האט זיך מפרנס געווען פון מסחר און מלאכה. דאס לעבן איז אבער געווען מאנאטאן און ניט אינטערעסאנט.

דאס קומען צו דער מאכט פון היטלערן אין דייטשלאנד, האט נאך מער פארשטארקט, דעם אזוי אויך עקזיסטירנדן אנטיסעמיטיזם אין פוילן. ס׳האבן זיך אין די פוילישע שטעדט אנגעהויבן פאגראמען אויף אידן, מ׳האט אנגעהויבן שיקאנירן די יידישע סטודענטן, ס׳איז איינגעפירט געווארן די נייע טרויעריק־בארימטע „אָוושעם״־פאליטיק אין ווירטשאפט־לעבן, ד.ה.

די פאליטיק פון באיקאט פון יידישן סוחר, קרעמער, האנדווערקער, און פאבריקאנט. קיין דאוויד־האראדאק זענען ספעציעל אראפגעבראכט געווארן עטלעכע פאליאקן, וועלכע האבן געעפענט קראמען און קאנקורירט מיט יידישע קרעמער, די לופט איז געווארן אנגעזאפט מיט זאאלאגישן אנטיסעמיטיזם און טראץ דעם, וואס אין דאוויד־האראדאק איז דער דאזיקער אנטיסעמיטיזם ניט געקומען אין אזא בולטער פארם צום אויסדרוק, ווי ס׳איז געווען אין אנדערע פוילישע שטעט (דאס דערקלערט זיך דערמיט, וואס אין דאוויד־האראדאק האבן די פאליאקן געבילדעט 10—5 פראצענט פון דער באפעלקערונג און די איבעריקע 95%—90 זענען געווען יידן און ווייסרוסן — די „האראדטשוקעס״, וועלכע האבן זיך אליין אויך געפילט באוולט פון דער פוילישער מאכט), טראץ דער רואיקייט אין שטעטל, זענען אבער די יידן געווען שטארק באאומרואיקט.

באזונדערס האפנונגסלאז איז געווען די לאגע פון דער יוגנט. די, וועלכע האבן געקענט זענען מיט אלע וועגן אוועק פון שטעטל, די מערהייט האט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און די וועלכע האבן ניט געקענט, צוליב די עליה־באגרענעצונגען, עולה זיין (זיי זענען געווען די איבערוועגנדע מערהייט פון דער שטעטלשער יוגנט), האבן פאר זיך קיין אויסוועג ניט געזען.

די יידן האבן געווארט אויף בעסערע צייטן, ניט וויסנדיק און ניט גלויבנדיק, אז זיי וועלן קומען. מ׳איז געווען פארביטערט און פול מיט האס צו דער פוילישער אנטיסעמיטישער מאכט.

אינצווישן האט זיך אבער מיט ריזן שריט אנגעהויבן דערנענטערן די סכנה פון א פויליש־דייטשישער מלחמה. היטלער האט, נאך זיינע „פריינטשאפט״־זשעסטן צו פוילן און נאכדעם, ווי ער האט מיט זיין אנטיסעמיטישן גייסט פארסמט די אטמאספער אין פוילן און אפגעצויגן אזוי ארום די אויפמערקזאמקייט פון די פאליאקן פון דער אמתער סכנה, וועלכע דראָט זיי, אנגעהויבן ארויסשטעלן זיינע טעריטאריאלע פאדערונגען פון פוילן.

די סכנה פון א מלחמה האט זיך דערנענטערט פון טאג צו טאג, פון שעה צו שעה און פון מינוט צו מינוט.

די יידן האבן דערפילט, אז ס׳רוקט זיך אן א שווארצע כמארע. מ׳האט פארגעסן די אלע ביזאהעריקע חשבונות מיט די פאליאקן, מ׳האט זיך געשטעלט צום דינסט פון דער פוילישער מאכט, כדי צו קעמפן האנט ביי האנט קעגן געמיינזאמן שונא.

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 — פרייטיק פרי — האבן די היטלעריסטישע חיילות באפאלן פוילן. די יידישע באפעלקערונג פון פוילן, און בתוכם די דאוויד־האראדאקער יידן, האבן זיך געשטעלט צום קאמף מיט דעם היטלעריסטישן שונא.

ס׳האט זיך דערנענטערט דער אנהויב פון טרויעריקן סוף פון יידישן ישוב אין דאוויד־הארארדאק.

מיר וועלן יעצט איבעררייסן די כראנאלאגישע שילדערונג פון די געשעענישן אין דאוויד־הארדאק — מיר וועלן דאס טאן אין סוף פון אונזער דאזיקער ארבעט — און מיר וועלן איבערגיין צו שילדערן די פאליטישע, געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע אנשטאלטן אין שטאט פאר דער צייט פון צווישןביידע וועלט־מלחמות.

## פאליטישע, קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע אנשטאלטן אין ד.־הארדאק

א. די ציוניסטישע באוועגונג:

**דאוויד־הארדאק** איז געווען ציוניסטיש געשטימט נאך פון די צייטן פון די חובבי־ציון.

ווי ס׳איז שוין פריער דערמאנט געווארן, איז די שטעטל געשטאנען אונטער דער השפעה פון ליטווישן יידנטום. פון דארט איז אין דאוויד־הארדאק געקומען די השכלה־באוועגונג אין סוף פון 19־טן יארהונדערט; פון דארט איז אויך געקומען די ציוניסטישע באוועגונג.

פרץ סמאלענסקין׳ס „התועה בדרכי החיים״ און אברהם מאפו׳ס „אהבת ציון״ און „אשמת שומרון״ האבן צוזאמען מיטן ש״ס באצירט די שענק פון א סאך דאוויד־האראדאקער הייזער.

אין דאוויד־האראדאק האט מען געלייענט די העברעאישע פרעסע. די הצפירה׳ס האט מען געקליבן און איינגעבונדן. נחום סאקאלאוו׳ס ערב־שבתדיקע ארטיקלען פלעגט מען ניט נאר לייענען, נאר לערנען. מ׳האט זיך אויך באמיט צו דערציען אין ציוניסטישן גייסט דעם יונגן דור. צו דעם צוועק האט מען געבראכט אין דאוויד־האראדאק די בעסטע לערער, וועלכע האבן איינגעפירט דעם אזוי גערופענעם „חדר מתוקן״, וווּ מ׳האט געלערנט עברית בעברית. נאך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען אין דאוויד־האראדאק געווען יוגנטלעכע קרייזן, וועלכע האבן גערעדט צווישן זיך אוסשליסלעך עברית. אין יאר 1915 האבן דאוויד־האראדאקער יוגנט־לעכע איינגעארדנט, לויט זייער אייגענער איניציאטיוו, אן אומלעגאלע אזכרה נאך ד״ר הערצל.

די קרן־קיימת מארקעס, האט מען אין דאוויד־האראדאק פארקויפט אויף חתונות גלייך ווי זיי זענען אנטשטאנען. שמעון לייכטמאן און שלמה ראזמאן, פלעגן אויף יעדער חתונה קומען פארקויפן די דאזיקע מארקעס. ערב יום־כיפור פלעגט מען זיצן אין אלע שולן מיט קערות פארן קרן הישוב. ווער ס׳פלעגט מנדב זיין 25 קאפיקעס איז זיין נאמען געווען אפגעדרוקט אין ספעציעלן בוך. דער „סלאנימער״ רב זצ״ל — פלעגט מנדב זיין א רובל. „

צוליב דער מלחמה און צארישן רעזשים, איז שווער געווען צו אנטוויקלען א ברייט־פארצווייגטע ציוניסטישע טעטיקייט; אונטער פארשיידענע אויסריידן, אבער, פלעגן פארקומען פארזאמלונגען און פייערונגען אויף פארשיידענע ציוניסטישע טעמעס.

א שטארקע ציוניסטישע ארבעט האט זיך אנגעהויבן נאך דער קערענסקי איבערקערעניש פון פעברואר 1917. עס זענען אזוי ווי פון א לעטארגישן שלאף אויפגעשטאנען, די אין משך פון יארן פארבארגענע פאלקס־כוחות און וועלנדיק אָנכאַפּן די דורכגעלאזענע יארן פון אומטעטיקייט, זיך מיט דעם גאנצן ברען, מיט דער גאנצער ענערגיע, פול מיט האפענונג און גלויבן אין די גרויסע מעגלעכקייטן, וואס די רוסישע רעוואלוציע גיט פארן יידישן פאלק, אריינגעווארפן אין דער ציוניסטישער טעטיקייט. די גאנצע באפעלקערונג פון שטעטל איז דאן געווען געזעלשאפטליך און פאליטיש טעטיק. צו זיין אן אומפארטייאישער איז דאן געווען א חרפה. פאקטיש זענען דאן קיין אומפארטייאישע כמעט ניט געווען. מ׳האט אזוי ווי, פארלאזן די דאגות פרנסה און עקזיסטענץ און זיך פארנומען מיט פארטייאישער ארבעט.

מיטן גאנצן ברען האט מען זיך אריינגעווארפן אין דער וואל־קאמפאניע צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג וואס איז דאן פארגעקומען אין רוסלאנד. מ׳האט ארגאניזירט די יידישע קהילה, געעפנט א גרויסע העברעאישע שולע, געגרינדעט א ביבליאטעק, אויפגעשטעלט קאאפעראטיוון און געווען טעטיק אויף אלע געביטן פון שטאטישן און קהילה־לעבן.

שטילער איז געווארן דאס געזעלשאפטלעכע לעבן; ווען די באלשעוויקעס האבן פאר־כאפט די מאכט. אבער, ווי נאר די דייטשן זענען אריין אין דאוויד־האראדאק, האט זיך צוריק אנגעהויבן די ציוניסטישע טעטיקייט. אין יענער צייט איז אנגעקומען די בשורה וועגן דער באלפור־דעקלאראציע און דאס האט נאך מער אויפגעמונטערט די ציוניסטישע טעטיקייט.

דאס האט אבער ניט לאנג געדויערט. די דייטשן האבן אפגעטראטן, די באלשעוויקעס זענען צוריק אריין און ס׳איז ווידער אפגעשטעלט געווארן די גאנצע ציוניסטישע ארבעט.

ווי נאר ס׳איז אדורך די שטורמישע צייט פון דער פויליש־באלשעוויסטישער מלחמה און ס׳האט זיך אין דאוויד־האראדאק איינגעשטעלט די ציווילע מאכט, האט צוריק אויפגעלעבט אן אינטענסיווע ציוניסטישע טעטיקייט.

דער ערשטער באזוך פון קרן־היסוד פארשטייער ד״ר חיימזון אין יאר 1923 איז פאר־וואנדלט געווארן אין א גראנדיעזער דעמאנסטראציע פארן ציוניזם. די אקציע פארן קרן־היסוד

איז דורכגעפירט געווארן מיטן אנטייל פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג אין דאוויד־הוראדאק. ס'איז ניט געווען קיין איין יידישע משפחה, אפילו די ארעמסטע, וועלכע האט ניט דעקלארירט פארן קרן־היסוד.

נאך שטארקער איז געווען דער איינדרוק פון באזוך פון קרן־קיימת פארשטייער, י. מנוח, פון דגניה. אין שטעטל האט דאן געהערשט א פולשטענדיקע יום־טוב שטימונג. עפעס א קלייניקייט! א ארץ־ישראל דעלעגאט! מ'איז סתם געווען נייגעריק א קוק טאן אויף אים. מ'האט געוואלט זען, ווי ס'זעט אויס אן אמתער יידישער ערד ארבעטער. אן אומגעווייגלעכער ענטוזיאזם האט דאן ארומגענומען אלע איינוווינער פון שטעטל. די יידן אין דאוויד־הוראדאק האבן דאן פשוט געאטעמט מיט ארץ־ישראל־לופט. דער באזוך פון י. מנוח האט געשטארקט דעם יידישן גייסט און באוווסטזיין. דאס איז געווען דער ער'שטער אונדירעקטער קאנטאקט מיט א יידישן פויער פון ארץ־ישראל און דאס האט צוגעגעבן מוט, נאציאנאלן שטאלץ און זעלבסט־ווירדע דעם דאוויד־הוראדאקער ייד.



הגדוד השני למען הקהק"ל בדויד־הורודוק
דער צווייטער „גדוד" פארן קרן קימת אין דאוויד־הוראדאק

מיטן באזוך פון י. מנוח איז ארגאניזירט געווארן דער „גדוד הקרן־הקיימת" אין שטעטל, וועלכער האט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האט געפירט א ברייט־פארצווייגטע ארבעט פארן קק"ל און האט קאנצענטרירט ארום זיך ציוניסטן (לייען: די יידישע באפעלקערונג) פון אלע ריכטונגען — יונג און אלט.

צו' יענער צייט, האט זיך אויך אנגעהויבן די עליה קיין ארץ־ישראל און פון דאוויד־הוראדאק זענען דאן געפארן חלוצים און אויך גאנצע משפחות ווי: א. י. שאפער, נח גראנאדיר, א. טורקעניטש, א. שאסטאקאווסקי און יבדלו לחיים ל. דושניק, ד. רימאר, א. לאכאווסקי, ש. מעסטער, ז. פאין, און אנד.



**החלוצים הראשונים מדויד־הורודוק**

מימין לשמאל: 1. שושנה צפורין־לב ז״ל, 2. ברוך בליז׳ובסקי, 3. אסתר אלפינר—בית אריה, 4. זלמן גלויברמן ז״ל



**הועד של ההסתדרות הציונית בדויד־הורודוק — שנת 1922**

**קאמיטעט פון אלגעמיינע ציוניסטן אין דאוויד־הארадאק — יאר 1922**

מימין לשמאל: 1. סורוקין, 2. ראובן מישלוב, 3. לייבל לחובסקי, 4. יוסל ווקס, 5. יענקל גלמן, 6. שלום קוויטני, 7. מאיר מורבצ׳יק, 8. יהושע יצחק מטורין.



קן „השומר ־הלאומי״ בדויד־הורודוק״
השומר־הלאומי״ ארגאניזאציע אין דאוויד־הוראדאק,




קן הנער־הציוני בדויד גרודק
ציוניסטישע יוגנט־ארגאניזאציע אין ד. הוראדאק

מיטן איינשטעלן זיך פונם נארמאלן געזעלשאפטלעכן לעבן אין דאוויד־הארדאק האבן אנגעהויבן טעטיק זיין די פאליטישע פארטייען אין שטעטל. די ערשטע, וועלכע האבן באנייט זייער טעטיקייט זענען געווען די אלגעמיינע ציוניסטן און די צעירי־ציון. דאס זענען געווען די צוויי הויפט־פארטייען אין שטעטל אין פארלויף פון דער גאנצער צייט פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. זיי ביידע זענען געווען די איינפלוסרייכסטע, אין צאל חברים די גרעסטע און אין טעטיקייט די אקטיווסטע.

די אלגעמיינע ציוניסטן, באנייענדיק זייער טעטיקייט, האבן זיך מיט ברען אריינגעווארפן אין א פארצווייגטער אויפקלערונגס־ארבעט. זיי זענען געווען טעטיק אין קרן־היסוד, קרן־קימת, זיי האבן פונדאסניי דערעפנט זייער ביבליאטעק, וועלכע איז אין די צייטן פון פויליש־באלשעוויסטישן קריג געווען ניט טעטיק, זיי האבן אפגעהאלטן אפטע פארזאמלונגען און רעפעראטן, זיי האבן מיטגעהאלפן צו דער אנטשטייונג פון דער „תרבות״־שולע אין דאוויד־הארדאק און שפעטער אויך געגרינדעט זייער יוגנט באוועגונג „השומר הלאומי״ (דערנאך „הנוער הציוני״). די אלגעמיינע ציוניסטן האבן אקטיוו אנטיילגענומען אין די פארשיידענע וואל־קאמפאניעס אין שטעטל, ווי: וואלן צום סיים, שטאט־ראט וואלן, קהילה־וואלן, וואלן צו די ציוניסטישע קאנגרעסן א.א.וו. א געוויסע צייט איז אויך געווען אין שטעטל א קבוץ־הכשרה פון „הנוער הציוני״. דאס זענען געווען יוגנטלעכע פון „הנוער הציוני ניט קיין דאוויד־הארדאקער, וועלכע האבן זייער הכשרה־צייט געדארפט דורכמאכן אין דאוויד־הארדאק. דער דאזיקער קבוץ־הכשרה האט אבער ניט עקזיסטירט קיין לאנגע צייט — בלויז איין יאר — 1934 — צוליב דעם, וואס ס׳איז געווען א מאנגל פון ארבעט אין שטעטל. די יוגנטלעכע פון



**ועד־הסניף של מפלגת „פועלי־ציון (צ.ס.)״ בדויד־הורודוק — שנת 1927**

**פארטיי־קאמיטעט פון „פועלי־ציון (צ.ס.) אין דאוויד־הארדאק — יאר 1927**

יושבים: (מימין לשמאל) 1. חיים לנסקי, 2. ברוך סלומיאנטקי 3. יוסף ליפשיץ, 4. יצחק־לייב זגר, 5. מאיר ליפשיץ, 6. ירחמיאל רימאר. עומדים: 1. ישה כגן, 2. יעקב אלפינר.

דאזיקן קיבוץ זענען אוועקגעפארן אין הכשרה קיבוצים פון אנדערע שטעט און דארטן געווארט אויף זייער באשטעטיקונג צו עליה.

די רייען פון די אלגעמיינע ציוניסטן האבן זיך איבערהויפט רעקרוטירט פון די פאר־מעגלעכע בעלי־בתים.

די בעלי־מלאכות, האנטווערקער, ארבעטער און איבערהויפט די יוגנטלעכע האבן געבילדעט די רעזערוון פאר דער צעירי־ציון פארטיי.

אויך די צ.ס., אזוי ווי די אלגעמיינע ציוניסטן, האבן גלייך נאכן איינשטעלן זיך פון נארמאלן לעבן אין דאוויד־הארַאדאק באנייט זייער טעטיקייט און זיך גלייך געשטעלט פעסט אויף די פיס.

צ.ס. איז גלייך ביים אנהויב פון איר טעטיקייט געווען א יוגנטלעכע פארטיי, ד.ה. אז אירע אקטיוויסטן קאדרן, ווי אויך אירע חברים זענען געווען יונגע מענטשן אין עלטער פון 18 ביז 25 יאר. דאס האט צוגעגעבן דינאמיק איר אַרבעט און דאס האט זיך טאקע געפילט אין יעדער אקציע אירער.

פול מיט יוגנטלעכן ברען און טעמפעראמענט, פול מיט זעלבסטזיכערקייט און יוגנטלעכן אידעאליזם האבן זיך די חברה אריינגעוואָרפן אין דער פארטייאישער אַרבעט שטרעבנדיק ארומצונעמען וואס ברייטערע קרייזן און ניט לאזנדיק קיין איין געביט פון געזעלשאפטליכן לעבן אָן זייער השפעה און איינפלוס.

רעפעראטן, פארזאמלונגן, וואלן, אוונט־קורסן, קרן־קיימת אַרבעט, צוזאמענפארן, צוזא־מענפליען א.א.וו. זענען געווען זייער טאג־טעגלעכער ברויט. דער לאקאל איז געווען יעדן אוונט פול געפאקט מיט חברים וועלכע זענען גרייט געווען צו טאן יעדע ארבעט, וואס וועט אויף זיי



ארויפגעלייגט ווערן. צ.ס. האט טאקע ווירקלעך אנטוויקעלט א שיינע, ברייט־פארצווייגטע טעטיקייט אויף אלע געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן.

צ.ס. האט מיט גרויס דערפאלג דורכגעפירט די געצייג קאמפאניע אין דאוויד־הארעדאק. דאס איז געווען די ערשטע גרויסע, דעמאנסטראציע פארן ארבעטנדן ארץ־ישראל און אלע האבן מיט פרייד געגעבן געצייג פאר די ארץ־ישראל ארבעטער.

א ספעציעל אויסגעטיילטע קאמיסיע פון צ.ס. האט זיך פארנומען מיט געבן הילף די חלוצים, וואס זענען געקומען פון ראטן־רוסלאנד.

לויט דער איניציאטיוו פון צ.ס. איז באנייט געווארן די טעטיקייט פון יתומים־קאמיטעט.

צ.ס. האט אין יאר 1923 געגרינדעט אין דאוויד־הארעדאק דעם „החלוץ" און אין יאר 1924 איז געגרינדעט געווארן דער קיבוץ־הכשרה אין ליסאוויטש.

אין יאר 1925 האט פוע"צ (צ.ס.) געגרינדעט א ביבליאטעק א.נ. פון י. ל. פרץ, וועלכע האט זיך זייער גוט אנטוויקלט הן אין דער צאל ווערטפולע ביכער און הן אין דער צאל לעזער. אין די לעצטע פאר יאר פון פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאס געווען די איינציק אפענע און טעטיקע ביבליאטעק אין שטעטל.



**הועד הראשון של „פרייהייט" בדויד־הורודוק — שנת 1926**

**דער ערשטער "פרייהייט"־קאמיטעט אין דאוויד־הארעדאק — יאר 1926**

יושבים: (שורה א' מימין לשמאל) '. זיוה מגידוביץ, 2. חייצ'יק לנסקי,

(שורה ב") 1. שמואל צ'צ'יק, 2. יוסף ליפשיץ, 3. שיינדל צפורין.

עומדים: רחל צפורין, 2. חנן גוטליב, 3. צבי דורצ'ין, 4. משה־אהרן אלפינר.

די יוגנט ארגאניזאציע פון פוע"צ (צ.ס.) „פרייהייט", וועלכע איז דורך דער פארטיי געגרינדעט געווארן אין יאר 1926 האט אנטוויקלט א שיינע דערציאונגס־ארבעט צווישן דער יוגנט, געהאלפן זי צו לערנען פאכן, גלייכצייטיק געבראכט צו דער עליה פון פיל יוגנטלעכע.




כינוס ראשון של „פרייהייט" — מחוז פינסק בדויד־הורודוק — 1928

ערשטער „פרייהייט" צוזאמענפאר פון פינסקער־קרייז אין דאוויד־האראדאק 1928



פלוגת חוטבי־עצים של קבוץ־הכשרה „הפועל המזרחי״ בדויד־הורודוק שנת 1933
א האָלץ־העקער גרופע פון קיבוץ „הפועל המזרחי״ אין דאוויד־הוראדאק יאר 1933



קן „השומר־הצעיר״ בדויד־הורודוק — 1932
„השומר־הצעיר״—ארגאניזאציע אין דאוויד־הוראדאק — 1932



**קבוץ־הכשרה חקלאי של „החלוץ המזרחי" מדויד־הורודוק ב„דוברין" שנת 1924**
**לאנדווירטשאפטלעכער קבוץ פון דאוויד־הוראדאקער „החלוץ־המזרחי" אין דאָברין יאר 1924**

יושבים : (שורה ראשונה מימין לשמאל) 1. משה פרידמן, 2. שרגא (פייבל) שצקי, 3. מוטיל דוברוביצקי.
(שורה שניה) 1. משה דוברוביצקי, 2. משה ברוכין, וולוול לחובסקי, 4. שפירא — בא־כוח מרכז החלוץ המזרחי בפולניה, 5. גרשון גלויברמן, 6. חייה צ׳רטיק, 7. צביה פישמן.
עומדים : 1. משה דרייזין, 2. בוצה כצמן, 3. שלום לחובסקי, 4. ברוך־הרשל קלציצקי, 5. יוסף ברגמן, 6. שמחה חבר, 7. משהל פלוטניצקי, 8. חיים קלוז׳ני, 9. לייבקה פרברוצקי, 10. שמחה פישמן.

אין יאר 1931 האט די פארטיי אנגעהויבן ארגאניזירן די האנטווערקער פון שטעטל גרינדענדיק דעם „העובד". פיל מיטגלידער פון „העובד" האבן דאן עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ליידער איז די טעטיקייט פון פוע״צ (צ.ס.) אין די לעצטע פאר מלחמה יארן געווארן שטארק באשרענקט און באגרענעצט דורך דער דאמאלסדיקער רעאקציאנערער פאשיסטישער מאכט, אזוי צ.ב. האבן זיי צו די לעצטע קהילה־וואלן, וועלכע זענען פארגעקומען אין יאר 1937 געפסלט די ליסטע פון פוע״צ (צ.ס.).

די וויכטיקע ציוניסטישע ארבעט צווישן דער רעליגיעזער באפעלקערונג פון דאוויד־הארדאק איז געפירט געווארן דורך „מזרחי" און „הפועל־המזרחי". דער „הפועל־המזרחי" האט אין יאר 1925 געגרינדעט א קיבוץ־הכשרה אין דאברין און די מערהייט פון די חברים פון קיבוץ האבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל. „מזרחי" און „הפועל־המזרחי" האבן זיך אקטיוו באטייליקט אין די ארבעטן פון קרן־קיימת און קרן־היסוד.

אין יאר 1935 איז אין דאוויד־הארדאק געגרינדעט געווארן דורך א גרופע חברים די „התאחדות" פארטיי, וועלכע האט אבער מיטן עולה זיין פון די איניציאטארן קיין ארץ־ישראל אויפגעהערט צו עקזיסטירן.



מפקדת בית״ר



אויסער די אויבנדערמאנטע 2 יוגנט־באוועגונגען „פרייהייט" און „הנוער הציוני", זענען טעטיק געווען אין דאוויד־הארדאק נאך 2 ציוניסטישע יוגנט באוועגונגען, דער „השומר הצעיר" און „בית"ר".

דער „השומר הצעיר" איז געגרינדעט געווארן אין שטעטל אין יאר 1927. ער האט געפירט א שיינע דערציאונגס ארבעט צווישן דער יוגנט פון שטעטל, זייענדיק גלייכצייטיק אקטיוו אויפן געביט פון קק"ל ארבעט. ער האט זיך ארייגעפלאכטן אין די ראמען פון דער ליגע פארן ארבעטנדן ארץ־ישראל און האט אנטיילגענומען אין אלע אירע אקציעס. דער „השומר הצעיר" האט געשיקט פיל חברים אויף הכשרה און די מערהייט פון זיי האבן באוויזן עולה צו זיין.

דער „בית"ר" איז אין דאוויד־הארדאק געגרינדעט געווארן אין יאר 1929. אויך ער האט געשיקט זיינע חברים אויף הכשרה און די מערהייט פון זיי האבן עולה געווען.

ווי ס'איז שוין אויבן דערמאנט געווארן איז דאוויד־הארדאק געווען דורכאויס א ציוניס־טישע שטאט. קיין „בונד" האט אין שטעטל אין דער צייט פון צווישןביידע וועלט־מלחמות איבערהויפט ניט עקזיסטירט.

אלס רעזולטאט פון דער רעאקציאנערער און אנטיסעמיטישער פאליטיק פון דער פויל־ישער רעגירונג און שווערער עקאנאמישער און אומבאהאלפענער לאגע פון דער יידישער יוגנט, האט זיך אין דאוויד־הארדאק געבילדעט א קליינע גרופע פון קאמוניסטן. די צאל זייערע האט אפילו ניט דערגרייכט קיין צענדליק. זיי האבן קיין איינפלוס ניט געהאט אין שטאט. די דאזיקע גרופע איז אינגאנצן צופאלן געווארן, נאכדעם, ווי מ'האט עטלעכע פון זיי ארעסטירט. א טייל פון די באפרייטע פון תפיסה, זענען דערנאך אוועקגעפארן קיין... ארץ־ישראל. די איבעריקע זענען געבליבן אין דאוויד־הארדאק, צוריקציענדיק זיך אינגאנצן פון קאמוניסטי־שער טעטיקייט. ערשט ווען די סאוויעטן זענען אין יאר 1939 אריין אין דאוויד־הארדאק זענען זיי געווען צווישן די ארטיקע קאמוניסטישע אקטיוויסטן און זיי האבן ניט ווייניק צרות דערנאך אנגעטאן די ציוניסטישע עסקנים. אדאנק זייערע מסירות צו נ.ק.ג.ב. זענען ארעסטירט געווארן פיל ציוניסטישע פירער פון שטעטל.

ב. די סאציאליסטישע באוועגונגען אין דאוויד־הארדאק אין יאר 1905

לײדער האבן מיר ניט קיין מאטעריאלן, וועלכע זאלן אונז באלויכטן דאס יאר 1905 אין דאוויד־הארדאק. מיר האבן ניט קיין אנדער ברירה, ווי צו שעפן אונזערע קארגע ידיעות וועגן דער דאזיקער שטורמישער תקופה פון זכרונות פון מענטשן, וואס האבן אליין אפילו אקטיוו ניט אנטייל גענומען אין די געשעענישן.

פון די אלע זכרונות איז צו פארשטיין, אז אין יאר 1905 איז אין דאוויד־הארדאק געווען ארגאניזירט א קליין גרופע פון „בונד" אונטער דער אנפירונג פון העלפאנט (א. ליטוואק), א בונדאוויעץ, וואס איז, לויט קלאנגען, געווען אויף פארשיקונג אין דאוויד־הארדאק. ס'איז אויך געווען א גרופע פון סאציאליסטן־טעריטאריאליסטן. וועגן זיי האבן מיר אפילו א היסטארישן באווייז. — אין אמעריקאנער „פארווערטס" איז זיינער צייט אפגעדרוקט געווארן א בילד פון 20 מיטגלידער פון דאוויד־הארדאקער סאציאליסטן־טעריטאריאליסטן (דאס דאזיקע בילד גיבן מיר אויך אין אונזער יזכור־בוך). ס'האט אין דאוויד־הארדאק דאן אויך עקזיסטירט די פועלי־ציון פארטיי.

לויט די דערציילונגען האבן די אלע סאציאליסטישע באוועגונגען ארומגעכאפט גרויסע טיילן פון דער יוגנט. א געוויסע צייט, זענען זיי געווען די הערשער פון שטעטל. זיי האבן

ארגאניזירט א זעלבסטשוץ און געהאט געווער. זיי האבן געפאדערט פארן ארבעטער א 12־שעהדיקן ארבעטס־טאג.

די ארבעטער אליין, האבן אפילו ניט געוואלט אזוי „וויניק" ארבעטן, אבער די רעוואלוציאנערן פלעגן קומען און מיט געוואלד זיי אראפנעמען פון דער ארבעט. ס׳זענען געווען פאלן, ווען קינדער רעוואלוציאנערן פלעגן קומען צו זייערע עלטערן, וועלכע האבן באשעפטיקט ארבעטער, כדי אראפצונעמען די לעצטע פון דער ארבעט. אויסער דעם, האבן זיך די רעוואלוציאנערן פארנומען מיט בילדונג און זעלבסטבילדונג.

מיטן דורכפאל פון דער רעוואלוציע, זענען אויך צעפאלן געווארן די אלע ארגאניזאציעס אין דאוויד־הארׂאדאק. אייניקע האט מען ארעסטירט און ארויסגעשיקט, אסאך זענען אנטלאפן קיין אמעריקע און די איבעריקע האבן אין דער געפערלעכער צייט פארלאזט די שטעטל.

כדאי דא צו באמערקן, אז נאך דער קערענסקי רעוואלוציע, פון יאר 1917 האבן אין דאוויד־הארׂאדאק איבערגעבליבענע פועלי־ציוניסטן צוריק אויפגעשטעלט זייער ארגאניזאציע. און די אלע אלטע רעוואלוציאנערן האבן זיך זייער אקטיוו און געטריי באטייליקט אין דער ארבעט. זיי האבן באוויזן צו ארגאניזירן אלע ארבעטער און סימפאטיקער און געווען זייער טעטיק.

זיי האבן געפירט א ברייט פארצווייגטע ארבעט, ארגאניזירנדיק פארלעזונגען, אוונט־קורסן, א דראמאטישן קרייז, א ביבליאטעק, קאאפעראטיוון און אנגעפירט מיט דער פראפעסיאנעלער באוועגונג.

די שטעטל האט זיך אין יענער צייט צעטיילט אויף 2 טיילן — אלגעמיינע ציוניסטן און פועלי־ציון. בעת די וואלן צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג אין רוסלאנד, האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע באקומען מיט 120 שטימען מער ווי די פועלי־ציון. 740 שטימען קעגן 620.

מיטן אריבערגיין פון דאוויד־הארׂאדאק צו די באלשעוויקעס האט זיך די לאגע געענדערט. א טייל פוע״צ־פירער זענען אריבער צו די באלשעוויקעס. דער גרעסטער טייל, אבער, פון די פירער און כמעט די גאנצע מאסן חברים, זענען נאך זיי ניט געגאנגען. זיי זיינען אבער פאליטיש אפגעשטארבן. פון דער גאנצער דאמאלסדיקער מעכטיקער פועלי־ציון ארגאניזאציע זענען געבליבן נאר זכרונות.

ג. קולטור אינסטיטוציעס

ווי מיר האבן שוין אין א פאריקן קאפיטל אנגעוויזן איז דאוויד־הארׂאדאק געווען קולטורעל אונטער דער השפעה פון ליטווישן יידנטום.

די השכלה באוועגונג האט אין פאריקן יארהונדערט אריינגעדרונגען אין שטעטל דורך די בחורים, וואס האבן געלערנט אין די ליטווישע ישיבות און מערסטנטייל דורך די דאוויד־הארׂאדאקער יידישע סוחרים, וועלכע האבן זיך אין זייערע נסיעות אנגעטראפן מיט די נייע ווינטן, וואס האבן אנגעהויבן בלאזן אין די גרעסערע יידישע צענטערן. זיי זענען אויך געווען די, וועלכע האבן פון זייער געשעפטס־פראקטיק געפילט, אז ס׳איז דא א נויטווענדיקייט צו געבן זייערע קינדער א ברייטערע און אלגעמיינערע בילדונג ווי די וועלכע איז געגעבן געווארן אין די חדרים און ישיבות.

צו דעם צוועק, האט א. י. שאפער, מ. י. ליפשיץ א. אנד. געבראכט אלס לערער אין דאוויד־הארׂאדאק דעם באוווסטן י. ש. אדלער, וועלכער האט איינגעפירט א נייעם לערן־סיסטעם און האט געלייגט דעם יסוד פאר א מאדערנער און ציוניסטישער דערציאונג.

אויך די איבעריקע לערער פון שטעטל האבן זיך באמיט זיך צופאסן צו דער נייער צייט און אנגעהויבן לערנען עברית בעברית. דאס זענען געווען די לערער ש. לייכטמאן, ש. זאגא־




ראדסקי און י. בעגון, וועלכע זענען שוין ניט געווען דער באוווסטער טיפּ פון יידישן מלמד, נאר זענען שוין געווען לערער, וואס האבן דערפילט א גרויסע נאציאנאלע און ציוניסטישע שליחות דורך דערציען א נייעם יידישן דור. זיי זענען אויך געווען די טרעגער פון ציוניזם אין יענער צייט.

די עלטערן האבן זיך שפּעטער אויך באמיט צו עפנען א מיטל־שול אין שטעטל. די דאזיקע רעגירונגס־שולע איז טאקע דערנאך דערעפנט געווארן. דאס איז געווען די שטאטישע־שולע אין דער רוסישער שפּראך („גאראדסקאיע אוטשילישטשע"), וועלכע האט שטארק מיט־געהאָלפן דער יוגנט אריינדרינגען אין די מיטעלע און העכערע רעגירונגס־שולן און אזוי ארום באקומען מיטעלע און העכערע בילדונג.

נאך דער פעברואר רעוואלוציע אין 1917 איז אין דאוויד־הארადאק דערעפנט געווארן א העברעאישע שולע אונטער דער אנפירונג פונם לערער מאניעוויטש. מיט דער מיטהילף פון די ארטיקע לערער י. זעלדין, ר. שאפער, י. קאשטאן און י. מארגאלין איז די שולע אוועק־געשטעלט געווארן אויף א הויכן ניווא. די שולע האט דערפילט א צווייענדיקע שליחות. זי האט געלערנט די קינדער און גלייכצייטיק איז זי געווען דער צענטער פון ציוניסטישער טעטיקייט און נאציאנאלן באוווסטזיין.

די העברעאישע שולע האט עקזיסטירט ביזן יאר 1920. אין די שטורמישע מלחמה־יארן,

ווען דאוויד־האראדאק איז אריבער פון האנט צו האנט, איז אוממעגלעך געווען צו פירן א נארמאלע דערציאונגס ארבעט.

נאך דער פויליש־באלשעוויסטישער מלחמה, ווען ס'האט זיך איינגעשטעלט א נארמאל לעבן אין שטעטל, איז געווען די ערשטע זארג צוריק אויפצושטעלן די שולע.



יריית אבן הפינה לבנין החדש של בית הספר „תרבות" שנת תרפ"ז

אין יאר 1924 איז פונדאסניי געגרינדעט געווארן די העברעאישע „תרבות"־שולע אונטער דער אנפירונג פון ר. מישאלאוו.

נישט אין די ראמען פון דער דאזיקער ארבעט איז דא פלאץ געגוי זיך אפצושטעלן אויף דער געבענטשטער טעטיקייט פון דער „תרבות"־שולע אין דאוויד־האראדאק, וועלכע האט זיך אנגעהויבן אלס שולע פון 3 קלאסן און האט זיך מיט דער צייט אנטוויקלט צו א 7 קלאסיקער פאלקס־שולע — איינע פון די בעסטע אין פוילן, — וועלכע האט ביז איר ליקווידאציע אין יאר 1940 דערלעבט צו 11 ארויסלאזן פון הונדערטער יוגנטלעכע.

ניט לייכט איז געווען צו פארפעסטיקן די „תרבות"־שולע און ברענגען איר צו א צושטאנד פון קענען אן געפארן שטיין אויף די אייגענע פיס.

די שולע האט ניט באקומען קיינע סובסידיעס פון רעגירונגס אדער מוניציפאלע אינסטאנצן. די פארשיידענע איינריכטונגען אין דער שולע גופא זענען געלעגן אויף די פלייצעס פון די עלטערן פון די קינדער, וועלכע האבן געלערנט אין דער שולע. דער לערער־פערסאנאל האט עקזיסטירט נאר פון שכר לימוד. אז מיר ווילן נעמען אין באטראכט די גרויסע ארעמקייט, וועלכע האט דאן געהערשט אין שטעטל, ווילן מיר דאן ערשט פארשטיין מיט וואסערע שוועריקייטן די שולע האט זיך צו יענעם מאמענט געראנגעלט. בלויז אדאנק דער אויסער־געוויינלעכער איבערגעגעבנהייט פון א גרופע עסקנים אין שטעטל, אדאנק דעם פאטריאטיזם פון דעם לערער־פערסאנאל און אדאנק דעם נאציאנאלן באוווסטזיין פון די עלטערן, וועלכע האבן כמעט אין 100 פראצענט געשיקט זייערע קינדער אין דער „תרבות"־שולע, טראץ דעם וואס דא האט מען געדארפט צאלן שכר־לימוד און דער שטאטישער פוילישער רעגירונגס־שולע האט מען קיין גראשן ניט געדארפט צאלן.

די אלע דריי פאקטארן — דער גרופע עסקנים, דעם לערער פערסאנאל, און די עלטערן איז צו פארדאנקן די עקזיסטענץ און די פארפעסטיקונג פון דער „תרבות"־שולע.

ארויפגעהויבן די שולע אויף א גאר הויכן ניוואָ, אזוי, אז זי איז דערגאנגען צו א צושטאנד פון איינע פון די בעסטע „תרבות"־שולן אין גאנץ פוילן האט דער צווייטער מנהל פון בית־ספר, דער לערער אבראשא אלשאנסקי.

נאכן ענדיקן דעם „תרבות"־סעמינאר אין ווילנע, האט ער צוערשט אלס לערער און דערנאך אלס מנהל פון בית־ספר אוועקגעגעבן זיין גאנצע ענערגיע און צייט דער שולע, פירנדיק איר פון יאר צו יאר אלץ העכער און העכער.

ער איז געווען דער, וועלכער האט אין יאר 1931 געגרינדעט די „בני־יהודה", ד.ה. די העברעאיש־רײדנדע יוגנט אין פוילן. ערשט דערנאך האט זיך די דאזיקע באוועגונג פארשפרייט איבער אנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, זי האט אבער אין ערגעץ ניט אנגענומען אזא ערנסטן כאראקטער ווי אין דאוויד־הארָאדאק.

כדאי אפצושטעלן זיך אינקורצן אויף דער „בני־יהודה" באוועגונג אין דאוויד־הארָאדאק.

אנגעהויבן האט זי זיך לויט דער איניציאַטיוו פון מנהל פון שולע אבראשא אלשאנסקי. ער האט איבערצייגט עטלעכע שול קינדער, אז שילער פון א העברעאישער שולע, וועלכע וועלן מיט דער צייט עולה זיין קיין ארץ־ישראל דארפן אנהויבן ריידן עברית ניט נאר אין שולע, נאר אויך אין שטוב, אין גאס און צווישן זיך, און אויך מיט די עלטערן. ברידער, שוועסטער, שכנים, באקאנטע, מיט איין ווארט מיט אלעמען.

פון א קליין גרופע קינדער האט זיך די דאזיקע באוועגונג פארשפרייט אויף אלע שול קינדער.



גן־ילדים ע"י בי"ס „תרבות" בדויד הורודוק שנת תרפ"ח
קינדער־גארטן ביים „תרבות" שול אין דאוויד־הארָאדאק — 1928

א קינד, וואס האט זיך אנגעשלאסן אן דער „בני־יהודה״ באוועגונג איז געווען פאר־פליכטעט צו ריידן בלויז עברית הן אין שטוב, הן אין גאס, הן אין קראם, ווו ער איז געגאנגען קויפן א העפט אדער א ביכל. מיט א ייד האט א מיטגליד פון „בני־יהודה״ גערעדט בלויז עברית. פארשטענדליך, אז די ערשטע צייט איז געווען שווער פאר די עלטערן, וועלכע האבן ניט פארשטאנען קיין עברית און ס׳פלעגט דערגייין אפטמאל צו זייער אינטערעסאנטע קוריאזן, אבער די קינדער האבן זיך געהאלטן פעסט ביי זייער באשלוס און ס׳האט ניט געדויערט קיין פיל צייט און די עלטערן אין שטעטל און קרעמער אין קראם און דער דערוואקסענער אין גאס האט ניט נאר אנגעהויבן צו פארשטיין עברית, נאר אויך אנגעהויבן ענטפערן אויף עברית.

קריסטלעכע דינסטן אין יידישע הייזער האבן אויך אנגעהויבן פארשטיין און אפילו ריידן עברית. מיט ניי־געבוירענע קינדער האט מען אנגעהויבן גלייך ריידן עברית.

ס׳דערמאנט זיך דער באזוך פון יוסף בּאראַץ אין דאוויד־הארֹאדאק. נאך אײדער ער איז אנגעקומען אין שטעטל האט ער געהערט וועגן דעם וווּנדער פון „תל־אביב דפולסיה״ — אזוי האט מען דאן גערופן דאוויד־הארֹאדאק צוליב דעם עברית ריידן — ס׳האט זיך אים אבער ניט געלאזט גלויבן, אז ס׳איז טאקע אזוי. כדי אים צו איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון דעם, איז מען מיט אים ארויס אין גאס און ווען ער האט באגעגנט צופעליק א קינד האט ער זיך צו אים געווענדעט אויף יידיש, מיינענדיק, אז ער וועט באקומען אן ענטפער אויף יידיש. וויפיל קינדער ער האט באגעגנט, האט ער פון אלע געהערט ענטפערס נאר אין עברית...

א קינד, וואס האט געהערט צו „בני־יהודה״ האט, ניט קוקנדיק אויף זיינע קענטענישן באקומען א „5״ (זייער גוט — טוב מאד) אויף דער צייגניש פאר „עברית״.

די ערשטע צייט האבן די קינדער ארגאניזירט א מין אויסשפיר גרופע, וועלכע האט געהאט די אויפגאבע צו קאנטראלירן צו דער נייער מיטגליד פון „בני־יהודה״ האלט זיין שבועה און רעדט נאר און אויסשליסלעך עברית (ביים אנגענומען ווערן אין „בני־יהודה״ פלעגט דאס קינד דורכגיין א ספעציעלע צערעמאניע פון א שבועה). זיי, די אויסשפירער, פלעגן זיך אומ־באמערקטערהייט ארייננגנבענען צו אזא נייעם חבר אין שטוב, זיך באהאלטן אונטער א בעט און אפליגן דארט שעהנווייז, כדי צו קאנטראלירן צו דער דאזיקער חבר האלט די שבועה...

די „תרבות״־שולע האט עקזיסטירט ביזן אנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען די סאוויעטן זענען אריין אין ענדע סעפטעמבער אין דאוויד־הארֹאדאק האט זיך באנייט דאס לערנען אין דער שולע, שוין ניט אין דער העברעאישער שפראך נאר אין יידיש.

אומפארגעסלעך איז דער מאמענט, ווען ביים אנהויב פון לערניאר, האט דער מנהל פון דער שולע, אבראשא אלשאנסקי, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון דער „בני־יהודה״ באוועגונג געמוזט אונטער א דיקטאט פון א קאמוניסטישן אקטיוויסט פון שטעטל (אליין, אן אבסאלוועגט פון דאזיקן בית־ספר) צונויפרופן אלע קינדער פון שולע און מיט א ספאזמאטישן געוויין מעלדן זיי, אז פון היינט אָן וועט מען אין בית־ספר ניט לערנען מער עברית, נאר יידיש.

דער דאזיקער קאמוניסטישער אקטיוויסט האט דערביי געהאלטן א דרשה, אז ביז אהער האט מען די קינדער אפגענארט, וועלנדיק איינריידן זיי, אז זייער שפראך איז עברית און אז אין דער אמתן איז דאס א שפראך פון דער יידישער קאנטער־רעוואלוציע.

אבראשא אלשאנסקי, דער ביזאהעריקער איבערגעגעבענער און טרייער פאטער פון בית־ספר האט ניט געקאנט פארטזעצן מער זיין לערנען אין דער דאזיקער שולע, ער האט מאראליש ניט געקאנט פארטראגן די ענדערונג, ער איז אוועקגעפארן מיט זיין פרוי, וועלכע איז אויך געווען א לערערין, קיין ביאליסטאק און דארט זיך איינגעארדנט אלס לערער. דארט, אין ביאליסטאק איז ער מיט זיין פרוי און קינדערלאך אומגעקומען פון די מערדערישע היט־לעריסטישע הענט. ערע זייער אנדענק!

לויט דער איניציאַטיוו פון דעמזעלבן א. אַלשאַנסקי, איז איינגעאָרדנט געוואָרן ביי דער „תרבות"־שולע אַ קורס פאַר לערנען תנ"ך. דער קורס איז פאָרגעקומען אונטער דער לאָזונג: „יעדן טאָג אַ קאַפּיטל תנ"ך".

דער דאָזיקער קורס איז געווען פאַרויסגעזען פאַר דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג פון דאַוויד־האָראָדאָק. די פּאָפּולאַריטעט פון די דאָזיקע לעקציעס איז געווען זייער גרויס. די קורסן האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך די גרעסטע מערהייט פון דער דערוואַקסענער יוגנט פון שטעטל און פיל פון דער עלטערער באַפעלקערונג.

ווען ס'איז פאָרגעקומען אַזאַ לעקציע, איז געווען דער גרויסער זאַל פון בית־ספר פול געפּאַקט.

אויף די לעקציעס זענען געקומען מענטשן פון אַלע שיכטן און פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען. ס'זענען געקומען הערן דידאָזיקע לעקציע סיי רעליגיעזע און סיי פרייע.

געלערנט מיט די פאַרזאַמלטע תנ"ך האָבן אויך מענטשן פון פאַרשיידענע איבערצייגונגען.

ס'האָט געלערנט דער רב, וועלכער האָט געגעבן אַ דורכאויס רעליגיעזע אינטערפּרעטאַציע פון זיין לעקציע, ס'האָט געלערנט אַ משכיל פון שטעטל, וועלכער האָט זיך אין זיין פאַרטייטשן דעם קאַפּיטל באַנוצט מיט די נייע מפרשים, ס'האָט אויך געגעבן לעקציעס אַ פאַרשטייער פון די פרייע אַטעאיסטישע קרייזן, וועלכער האָט אינטערפּרעטירט דעם תנ"ך פון ריין היסטאָריש־קולטורעלן באַדייט און ניט פון רעליגיעזן.

דאָס אינטערעסאַנטסטע, אַז הן די און הן די, האָבן זיך באַצויגן איינע צו די אַנדערע מיט טאָלעראַנץ און ס'איז מיט געדולד אויסגעהערט געוואָרן יעדן איינעמס ספּעציפישער צוגאַנג.

די דאָזיקע לעקציעס האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1937 און זיך געצויגן כמעט ביזן אָנהויב פון דער 2־טער וועלט־מלחמה.

* * *

אין יאָר 1927 איז לויט דער איניציאַטיוו פון די מזרחי עסקנים אין שטעטל געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו פון גרינדן אַ רעליגיעזע „יבנה"־פאָלקסשולע. די דאָזיקע שולע האָט אָבער לאַנג ניט עקזיסטירט און נאָך 2 יאָר איז זי ליקווידירט געוואָרן.

* * *

אויסער די פאָלקס־שולן, האָבן אין דאַוויד־האָראָדאָק עקזיסטירט גוט איינגעאָרדנטע ביבליאָטעקן.

נאָך פאַרן יאָר 1905 איז ביים לערער ש. זאַגאָראָדסקי געווען איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק פאַר קינדער און שול־יוגנט.

אין יאָר 1917 האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט. ליידער איז זי אָבער אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ניט געווען טעטיק.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך די ביבליאָטעקן אין דאַוויד־האָראָדאָק זייער שטאַרק אַנטוויקלט.

אין יאָר 1925 איז דורך פּועלי־ציון (צ.ס.) געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק א.נ. פון י. ל. פּרץ. אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי געווען די איינציק טעטיקע ביבליאָטעק פאַר דערוואַקסענע אין שטעטל.

אַ גרויסע ביבליאָטעק פאַר דער שול־יוגנט האָט עקזיסטירט ביי דער „תרבות"־שולע.

פארלזיזונגעי אויף ציוניסטישע און ליטעראַרישע טעמעס, פלעגן שטענדיק ציען א גרויס פובליקום.

דערצו האבן אין שטעטל עקזיסטירט גרופן פאר זעלבסטבילדונג, וועלכע זענען געווען ארגאניזירט דורך פארטייען און יוגנט באוועגונגען.

* * *

אין דאוויד־הארא־דאק האט עקזיסטירט א סטאבילער דראמאטישער קרייז פון ליבהאבער, וועלכער פלעגט פון מאל צו מאל געבן פארשטעלונגען.

א נייגונג צו טעאטער און שוישפילעריי איז פון לאנג געווען אין דאוויד־הארא־דאק. נאך אין די צייטן פון דער רעוואלוציע פון 1905 פלעגן ליבהאבער ווי י. אפינגענדין, י. גאטליב און העלמאן זיך אויסצייכענען מיט פארלייענען אויף א מייסטערהאפטן אופן די ווערק פון שלום־עליכם, פרץ, ביאליק, פרישמאן א.א.

דערנאך איז אויסגעבילדעט געווארן א גרופע פון ליבהאבער־ארטיסטן, וועלכע פלעגן 2—3 מאל אין יאר געבן פארשטעלונגען פאר דער יידישער באפעלקערונג.



חגיגת־פורים ב„גן־הילדים" שע"י ביה"ס „תרבות" בדויד־הורודוק — שנת תרצ"ט
פורים־פייערונג אין „קינדער־גארטן" ביי דער „תרבות"־שולע אין דאוויד־הארא־דאק — יאר 1938

נאך דער רוסישער רעוואלוציע פון יאר 1917 און שפעטער נאך דער פויליש־רוסישער מלחמה האט זיך דער דראמאטישער קרייז שטאַרק אנטוויקלט. ס׳זענען צוגעקומען פרישע כוחות און מ׳פלעגט פון מאל צו מאל געבן אן ערנסטע פארשטעלונג. די איינקונפטן פון די דאזיקע פארשטעלונגען זענען געווען פארויסגעזען אויף פארשיידענע וווילטעטיקייטס־צוועקן. צייטנווייז, פלעגט פאַרקומען א פראַצענטועלע פאנאנדערטיילונג פון די הכנסות פאר פארשיידענע צוועקן.

צום שבח פון דראמאטישן קרייז מוז געזאגט ווערן, אז די ליבהאבער האבן זיך ווייניק אינטערעסירט מיט דער פראַגע פון די געלטער־פאנאנדערטיילונג, זיי האט בלויז אינטערעסירט דער קינסטלערישער דערפאלג.

אין יאר 1936 איז געגרינדעט געווארן נאך א ליבהאבער גרופע פון יוגנטליכע, וועלכע האבן באוויזן צו געבן מיט דערפאלג עטלעכע פארשטעלונגען. ליידער האט דער אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה אפגעשטעלט די טעטיקייט פוןביידע דראמאטישע קרייזן.

כדאי אויך צו דערמאנען, אז די קינדער פון דער „תרבות״־שולע פלעגן יעדעס יאר אונטער דער אנפירונג פון די לערער געבן זייער געלונגענע קינדער פארשטעלונגען.



הצגת „הדבוק״ ע״י קבוצת החובבים הצעירים בדויד־הורודוק — שנת 1938

„דבוק״־פארשטעלונג פון דער יונגער ליבהאבער גרופע אין דאוויד־הארადאק — 1938

* * *

אין דאוויד־הארადאק האט אויך עקזיסטירט א ספארט־קלוב „הכוח״, וועלכער האט אויסגעבילדעט א גאנץ שטאַרקע פוטבאל־מאנשאפט. די פוטבאל־מאנשאפט האט זיך געהאלטן א פאר יאר און מיטן עולה זיין קיין ארץ־ישראל פון די הויפט־שפילער איז זי דערנאך ליקווידירט געווארן.

רואינירט און פאראַרעמט איז געווען דאווידּ־האראדאק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער „דזשאינט״, וועלכער האט אנגעהויבן זיין הילפס־טעטיקייט אין גאַנץ פוילן, האט אויך געגרינדעט אַן אפטיילונג אין דאוויד־האראדאק. איינע פון די וויכטיקסטע אויפטוען פון „דזשאינט״ אין שטעטל איז געווען דאס גרינדן דאס יתומים־הויז.

אין שטעטל זענען דאן געווען פיל יתומים. 32 קינדער יתומים אין עלטער ביז 14 יאר זענען דאן איינגעארדנט געווארן אין דאזיקן בית־יתומים, וועלכער האט זיך געפונען אין א באקוועמער דירה פון דריי שייִנע שלאף־צימערן, א גרויסער עס־צימער, וועלכער האט אויך געדינט אלס צימער פאר מאכן לעקציעס, און א גרויסער הויף אויף פארשיידענע שפילן פאר די קינדער. דער בית־יתומים איז געווען אויסגעשטאט מיט א גוטן אינוועטאר, ווי: באקוועמע בעטלאך, גוטע בעטגעצייג, און אין א גענוגנדער מאס עסן און קליידונג. דאס עסן איז געווען גוט און די קינדער האבן זיך גוט געפילט און שיין אויסגעזען.

די גאנצע אויסהאלטונג פון דאזיקן הויז איז געווען אויפן חשבון פון „דזשאינט״. די שטאט, האט צו יענער צייט מיט גארניט געקאנט העלפן, אויסער דעם, וואס אין שולע האבן זיי זיך געלערנט אַן געלט.

אזוי האט זיך דאס געצויגן ביז די באלשעוויקעס האבן אין דער צייט פון דער פויליש־באלשעוויסטישער מלחמה צוריק פארנומען דאוויד־האראדאק. דאן האט זיך די לאגע ראדיקאל געענדערט. דאס פאַרוואלטן מיטן יתומים־הויז איז אריבער אין די הענט פון דער אפטיילונג פאר סאציאלער הילף ביים „רעווקאָם״. זיי האבן טאקע געגעבן פיל עצות, אבער קיין פלייצעס האבן זיי ניט געקענט אונטערשטעלן. קיין שפייז־רעזערוון זענען דאן אין שטאט ניט געווען, די קינדער האבן אנגעהויבן הונגערן און פאנאנדערלויפן זיך.

ווען די באלשעוויקעס האבן אפגעטראטן פון שטעטל האבן זיי, טראָץ די פראטעסטן פון די דאוויד־האראדאקער יידן, עוואקוירט אויך דעם גאנצן אינוועטאר פון יתומים־הויז.

אלע באמיאונגען, וואס זענען געמאכט געווארן נאָך דער פויליש־באלשעוויסטישער מלחמה צוריק אויפצובויען דעם יתומים־הויז, זענען, ליידער, ניט געלונגען און אנשטאט דעם איז געגרינדעט געווארן דער יתומים־קאמיטעט, וועלכער האט זיך פארנומען מיט שטיצן די יתומים ביי זיך אין די הייזער. די הויפט שטיצע האט זיך אויסגעדריקט אין דערמעגלעכן צו לערנען א פאך. קיילעכדיקע יתומים, זענען דורכן קאמיטעט אויסגעהאלטן געווארן אין פריוואטע הייזער.

געלט־מיטלען צו פירן די ארבעט האט דער קאמיטעט געשעפט פון בלימל־טעג, פון ספעציעלע אקציעס, פון הכנסה פון פארשטעלונגען, וואס דער דראמאטישער קרייז פלעגט פון מאל צו מאל געבן פאר דעם צוועק און איבערהויפט האט דער קאמיטעט געקאנט עקזיסטירן אדאנק דער שטיצע, וואס ער פלעגט באקומען פון דאוויד־האראדאקער פרויען קאמיטעט אין אמעריקע — דעטראיט.

די דאזיקע שטיצע איז דערגרייכט געווארן אדאנק יצחק־לייב זאגער, וועלכער האט געהאט פערזענלעכע פאמיליע פאַרבינדונגען מיט אמעריקע. אדאנק אים און זיין אינטערעסירן זיך האט דער קאמיטעט רעגולער אין משך פון זיין גאנצער עקזיסטענץ באקומען די אמעריקאנער שטיצע.

דער יתומים־קאמיטעט האט עקזיסטירט די גאנצע צייט פון דער פוילישער הערשאפט אין דאוויד־האראדאק. אין יאר 1939, ווען דאוויד־האראדאק איז פארנומען געווארן דורך די באלשעוויקעס, איז צוזאמען מיט אלע אנדערע אינסטיטוציעס אויך געשלאסן געווארן דער יתומים־קאמיטעט.

אין דאוויד־האראדאק איז אזוי ווי אין אלע אנדערע יידישע ישובים געווען אקטועל די פראגע פון קרעדיט. שטענדיק האבן זיך געפונען יידן, וואס האבן צוליב געשעפטס־צוועקן, אדער צוליב חתונה מאכן א קינד, אדער צוליבן בויען א הויז, אדער צוליב אן אומגליקס־פאל זין' גענויטיקט אין מזומן.

אין די אמאליקע צייטן, זענען געווען די אזוי גערופענע „וואכערניקעס", וועלכע פלעגן אויסלייען געלט אויף א משכון, נעמענדיק דערביי ניט קיין קליינע פראצענטער. יעדן פרייטיק פלעגט דער בעל חוב אריינטראגן דעם „וואכערניק" דעם קרן צוזאמען מיטן פראצענט. דער „וואכערניק" פלעגט זיין א ייד א תקיף און געהאט א גרויסע דעה אין קהל. אויב מ'פלעגט אים ניט אריינטראגן צום טערמין דאס קרן געלט מיטן פראצענט, פלעגט ער זיך ניט אפשטעלן צו פארהאלטן ביי זיך א משכון, וואס איז געווען אפילו 10־פאכיק טייערער פון דעם געבארגטן געלט. פארשטענדלעך, אז צום „וואכערניק" פלעגט מען גיין בלויז אין אויסנאמס־פאלן, ווען ס'איז שוין באמת ניט געווען קיין אנדער אויסוועג.

ווען ס'האבן זיך אנגעהויבן אנטוויקלען אין רוסלאנד די ליי און שפאר־קאסעס, איז אויך אין דאוויד־האראדאק גלייך געעפנט געווארן אזא קאסע און נאכדעם אויך א צווייטע.

די דאזיקע 2 קאסעס האבן געדינט דעם זעלבן צוועק, זיי האבן אבער געטראגן פארשיי־דענע נעמען. איינע האט געהייסן, אויפן נאמען פון בוכהאלטער, „שלמה ראזמאנס קאסע" און די צווייטע, אויפן נאמען פון צווייטן בוכהאלטער, „פיניע שיינבוימס קאסע".

פיל סוחרים זענען געווען מיטגלידער איןביידע קאסעס.

די קאסעס האבן געגאסן פון פולשטענדיקן צוטרוי פון דער באפעלקערונג און מ'האט זיי אנגעטרויט די אפשפארונגען. דערפאר טאקע האבן די קאסעס געהאט גענוג געלט, אנקעגנ־צוקומען די אלע, וואס האבן זיך געווענדעט און גענויטיקט אין הלוואות.

אין יאר 1909 איז לויט דער איניציאטיוו פון די גרעסערע סוחרים אין דאוויד־הארדאק געגרינדעט געווארן א סוחרים באנק אונטער דער אנפירונג פון נח גרושקין. בוכהאלטער איז דארט געווען מאיר אלפינער. די באנק האט זיך זייער גוט אנטוויקלט.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די אלע פינאנציעלע אינסטי־טוציעס אונטערגעגאנגען.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאוויד־הארדאק איז אריבער צו די פאליאקן און נאכדעם, ווי ס'האט זיך איינגעשטעלט א נארמאל לעבן איז אין יאר 1923 געגרינדעט געווארן אונטער דער לייטונג פון מ. קוויעטני די סוחרים באנק און אין יאר 1924 איז אונטער דער לייטונג פון ש. פאפיש געגרינדעט געווארן די פאלקס־באנק.

די בענק האבן זיך זייער גוט אנטוויקלט און זיינען געווארן א באדייטנדער פאקטאר אין ווירטשאפטלעכן לעבן פון שטעטל.

אין דאוויד־הארדאק האט אויך עקזיסטירט א גמילות־חסדים־קאסע, וועלכע האט פאר קליינהענדלער און האנטווערקער געגעבן אָן פראצענטיקע הלוואות.

די גמילות־חסדים־קאסע איז אנגעפירט געווארן דורך א קאמיטעט אין וועמנס שפיץ ס'איז געשטאנען י. גאטליב. דער דאזיקער קאמיטעט פלעגט קאנטראלירן די בקשות און באשטעטיקן די הויך פון די הלוואות.

## ו. די פייער לעשער

איינע פון די אממערסטן נוצבארע אינסטיטוציעס אין שטאט איז געווען די פייער־לעשער אינסטיטוציע, וועלכע איז אגב אין 99% געווען אין יידישע הענט.

דאוויד־הארדאק איז, ווי אלע קלענערע שטעטלעך, וועלכע זענען געווען געבויט פון הילצערנע הייזער און אין גרעסטן טייל געדעקט מיט שטרויענע דעכער, זייער אפט געווען א קרבן פון שרפות. דאס פייער, דער דאזיקער אומגעבעטענער און אומגעווונשענער גאסט, פלעגט כמעט יעדן זומער אפשטאטן א וויזיט אין שטעטל און אנמאכן ניט קיין קליינע צרות. ס'האט געברענט צוליב פארשיידענע סיבות: צוליב ניט פארזיכטיק זיין מיט פייער, צוליב ארויסשטעלן א הייסן פרעס־אייזן, צוליב גיין באנאכט אין שטאל מיט פייער, צוליב אוועק־געווארפענע ניט דערראויכערטע און ניט פארלאשענע סיגארעטן, צוליב שפילן זיך פון קינדער מיט פייער, און... צוליב אונטערצינדונגען.

פאר די מאסן זענען די שרפות געווען א קאשמאר. אין לעבן פון שטעטל איז דער זומער געווען די שענסטע און אינטרעסאנטסטע צייט, זי איז אבער ניט איינמאל פארשטערט געווארן צוליב די אפטע שריפות.

אין פיל הייזער פלעגט מען אויף זומער איינפאקן די בעסערע זאכן און אוועקטראגן אין די געציילטע געמויערטע הייזער פון שטעטל, וואס זענען געווען פארזיכערט קעגן פייער, אדער מ'פלעגט דאס האלטן איינגעפאקט אין שטוב אין גרויסע פעק, עס זאל זיין לייכט, אין פאל פון א שריפה, ארויסכאפן פון פייער.

בכדי צו באקעמפן דאס דאזיקע פלאג, איז נאך אין אמאליקע צייטן געגרינדעט געווארן א פייער־לעשער־בריגאדע. די שטאט פארוואלטונג האט דאן אויסגעבויט א גרויסע שאפע אויף צו האלטן די נאסאסן מיט די פעסלעך וואסער. די שטאט פארוואלטונג האט איינגעפירט א ספעציעלן קוימען־שטייער און פון די געלטער האט זי פינאנסירט די הוצאות אויף בויען די שאפע. אויך די אסעקוראציע געזעלשאפטן האבן געגעבן זייער טייל פון די הוצאות.

אין דער פייער־לעשער בריגאדע זענען געווען פארשריבן כמעט אלע יידישע יוגנטלעכע פון שטאט. יעדער האט געהאלטן פאר זיין בירגערליכן חוב צו זיין צווישן די פייער־לעשער. דאגעגן זענען פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג וואס זייערער הייזער זענען געווען אין דער גרעסטער געפאר, צוליב די שטרויענע דעכער, געווען פארשריבן בלויז א 4—3 מענטשן.

די פייער־לעשער פלעגן זומער מאכן פון מאל צו מאל איבונגען. אמאליקע צייטן איז דאס געווען א גאנץ געשעעניש אין לעבן פון שטעטל. מאיסעי, דער שומר פון שאפע, פלעגט ארומגיין איבער די גאסן מיט א ספעציעלער „טרובקע" און סיגנאליזירנדיק צונויפרופן די פייער־לעשער צו די איבונגען. די פייער־לעשער פלעגן אנטאן זייערע ספעציעלע מונדירן און זיך צונופקלייבן ביים שאפע, וועלכע איז געשטאנען אין צענטער פון שטאט. נאכן מאכן עטלעכע גימנאסטיק־איבונגען, פלעגט איינער ארויסגעשיקט ווערן בסוד אין א גאס אויסקלייבן דארט א הויז, וועלכע האט כלומרשט געברענט און נאכדעם ווי ער פלעגט געבן א סיגנאל, האבן זיך א לאז געגעבן „לעשן" דאס הויז. א הויז פלעגט אויסגעקליבן ווערן דורך די פייער־לעשער פון אזא באלעבאס אויף וועמען זיי האבן געטראגן א כעס.

נאך אזא איבונג פלעגן די פייער־לעשער באקומען ביר.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך די פייער־לעשער בריגאדע מער אנטוויקלט. דער שטאט־ראט האט אסיגנירט גרעסערע געלט סומען, ס'איז פארגרעסערט געווארן דער אינווענטאר, די פייער־לעשער האבן זיך בעסער אויסגעלערנט דעם פאך פון לעשן שריפות און לעצטנס פלעגט שוין מערסטנטייל דאס פייער זיך ניט פארשפרייטן, נאכן אנקומען פון די פייער־לעשער. ווען די שריפה פלעגט אבער אויסברעכן אין צייט פון א ווינט און אין א געגנט פון שטרויענע דעכער איז די פייער־לעשער ניט געלונגען צו לאקאליזירן דאס פייער. אזוי איז געווען אין יאר 1936, ווען אין מיטן העלן טאג איז אויסגעבראכן א שריפה אין דער קריסטלעכער

געגנט פון שטעטל און א דריט חלק פון שטעטל צוזאמען מיטן פראוואסלאווונעם קלויסטער אויפן בארג איז אפגעברענט געווארן.

אין די לעצטע יארן פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה האט די שטאט־פארוואלטונג פארוואלטעט מיט די פייער־לעשער. די אנפירונג איז אבער געבליבן אין יידישע הענט. איבער־הויפט זענען אין דער אנפירונג געווען טעטיק י. יודאוויטש און מ. רימאר

ז. די מוניציפאלע מאכט

די דאוויד־האראדאקער באפעלקערונג, וואס האט געהאט א שטאנד פון שטאט־באזיצער („מיעשטשאנעס״), האט פאר דער רוסישער הערשאפט געוויילט יעדע דריי יאר א שטאט־פארוואלטונג (פון פריערדיקער צייט האבן מיר ניט קיין ידיעות), וועלכע איז באשטאנען פון 3 פערזאן : א סטאראסטא און זיינע 2 געהילפן. איין געהילפס־סטאראסטא איז געווען א ייד. די וואלן פלעגן פארקומען אויף פאלגענדן אופן : יעדע גאס האט אויסגעוויילט א פארשטייער און די פארשטייער פון אלע גאסן פלעגן פון זיך אויסוויילן דעם סטאראסטא מיט זיינע צוויי געהילפן.

די דאזיקע וואל־ארדינאציע איז ווייט געווען פון צו זיין דעמאקראטיש און די, וועלכע האבן געוואלט אויסגעוויילט ווערן האבן אויסגענוצט משפחה־פארבינדונגען, שכנים און אזוי גוטע ברידער. ביי די קריסטן פלעגט אויך העלפן א ביסל בראנפן. אזוי האט זיך דאס געצויגן ביז דער פעברואר־רעוואלוציע פון יאר 1917. דאן איז די שטאט־פארוואלטונג פארגרעסערט געווארן, אבער צוליב דער שטורמישער צייט פון דער רעוואלוציע און צוליבן אפטן בייטן זיך פון דער מאכט, זענען קיין דעמאקראטישע וואלן אויך דאן ניט פארגעקומען. די באלשעוויקעס האבן, זייענדיק אין שטאט, באשטימט א „רעווקאם״ און די פאליאקן האבן נאמינירט א שטאט־פארוואלטונג. אין דער נאמינירטער דורך די פאליאקן שטאט־פארוואלטונג זענען די גאנצע צייט געווען די זעלבע יידישע פארשטייער — דאס זענען געווען : מ. לאכאווסקי, מ. י. ליפשיץ און ש. קאצמאן.

דער נאמינירטער שטאט־ראט האט פארוואלטעט מיט דער שטאט ביזן יאר 1928. אין דאזיקן יאר זענען דורכגעפירט געווארן וואלן צו די שטאט־ראטן אין גאנץ פוילן און נאטירלעך אויך אין דאוויד־הארדאק.

דאס זענען געווען די ערשטע, אין דער געשיכטע פון דאוויד־הארדאק, דעמאקראטישע וואלן צו דער שטאט־פארוואלטונג. די יידן האבן זיך אקטיוו באטייליקט אין די דאזיקע וואלן און דער וואל־קאמף איז געווען א גאנץ שארפער. ס'זענען דאן אויסגעוויילט געווארן 8 יידן אין דער שטאט־פארוואלטונג (40%), דאס זענען געווען : ד״ר זשאלקווער, מ. י. ליפשיץ, מ. לאכאווסקי, י. יודאוויטש, ר. מישאלאוו, ש. רעזניק, ה. ציפין און י. ליפשיץ.

די האפנונג, וואס די יידן האבן געהאט, אז זיי וועלן קאנען פון דער שטאט־קאסע אונטערשטיצן אויך די יידישע אינטיטוציעס פון שטאט איז צערונען געווארן. יעדער פארשלאג, וועלכער איז דורך די יידן אריינגעטראגן געווארן צו שטיצן פינאנציעל די „תרבות״־שולע, די יידישע ביבליאטעקן אדער אפילו דעם יתומים־קאמיטעט, איז דורך די קריסטלעכע פארשטייער מיטן איינציקן פוילישן פארשטייער אין דער שפיץ אפגעווארפן געווארן.

די איינציקע אינסטיטוציע, וועלכע איז געווען אין יידישע הענט און גענאסן פון א סובסידיע פון שטאטראט, איז געווען די פייער־לעשער. דאס איז אבער געווען צוליב דעם, וואס דאס האט געדינט אויך פארן נוצן פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג.

דער שטאט־ראט האט דאקעגן געשטיצט די פוילישע פאלקס־שולן אין שטעטל, ער האט אויסברוקירט די הויפט־גאס אין שטעטל און אין יאר 1929 האט ער אויסגעבויט די

עלעקטרישע סטאנציע, וועלכע האט געגעבן ליכט אין די הייזער אין די אוונטן ביז 12 אזייגער באנאכט.

ווען ס׳האט זיך געענדיקט די קאדענץ פון דאזיקן שטאט־ראט זענען קיין נייע וואלן ניט פארגעקומען. די רעאקציע אין פוילן האט זיך פארגרעסערט און די רעגירונג איז ניט געווען פאראינטערעסירט אין נייע וואלן. ס׳האט געהייסן, אז מ׳איז אָן וואלן געקומען צו א הסכם און אין נייעם שטאט־ראט זענען שוין אריין נאר 6 יידן: ד״ר זשאלקוועך, י. יודאוויטש, מ. קוויעטני, ד. רימאר, מ. לאכאווסקי און ש. מישאלאוו.

קיין מאכט האט שוין דער שטאט־ראט במילא ניט געהאט, ווייל דער פאקטישער באלעבאס פון שטאט איז געווען דער פאוויאטאווער סטאראסטא אין סטאלין.

פאר די קארגע 2 יאר (ענדע 1939 — יוני 1941) פון דער סאוויעטישער הערשאפט אין דאוויד־האראדאק איז ניט געווען קיין געוויילטער שטאט־ראט; ס׳האבן אין אים געהערשט נאמינירטע באלשעוויקעס, וועלכע זענען אראפגעשיקט געווארן דורך דער קאמוניסטישער פארטיי.

ח. די קהילה

ליידער האבן מיר ניט קיינע קוועלן פון וועלכע מיר זאלן קענען שעפן ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון דער יידישער קהילה אין דאוויד־האראדאק. ס׳זענען ניט געבליבן קיינע ביכער און קיינע דאקומענטן ניט פון דער אמאליקער צייט און אויך ניט פון די לעצטע יארן פון פארן חורבן.

ס׳איז צו פארשטיין, אז אין דאוויד־האראדאק, איז, ווי אין אלע פויליש־ליטווישע שטעט און שטעטלעך געווען אן ארגאניזירטע יידישע קהילה.

ביז דער לעצטער טיילונג פון פוילן איז די דאוויד־האראדאקער קהילה געווען אנגעשלאסן אין דער פינסקער קהילה גדולה. און זי האט געצאלט שטייערן אין פינסק.

מיר וויסן אבער אויך ניט ווי איז געווען ארגאניזירט די קהילה, ווען זי איז געווארן אונטער דער צארישער מאכט זעלבסטשטענדיק.

מיר וויסן בלויז וועגן אייניגע הכנסה קוועלן פון דער דאזיקער קהילה ווי צ.ב. די „קאראבקע״ אויף פלייש, דער האנדל מיט הויוון, וועלכן די קהילה האט אוועקגעגעבן אלס אויסשליסלעכע קאנצעסיע אין די הענט פון די רבנים, און די חברה־קדישא, וועלכע איז געווען אונטער דער קהילה אויפזיכט, בילדנדיק א גוט ארגאניזירטן געשלאסענעם אנשטאלט. די מיט־גלידערשאפט אין דער חברה־קדישא פלעגט צו יענער צייט אריבערגיין בירושה.

די ערשטע וועלט־מלחמה, האט אבער דאס אלעס אפגעשאפט און די פארשיידענע קהילישע ענינים פלעגן דערליידיקט ווערן דורך צופעליקע מענטשן. ווער ס׳האט זיך מטפל געווען מיט דער באד און מקוה, ווער מיטן „הקדש״ און ווער מיטן אלטן בית־עלמין.

דער אלטער בית־הקברות איז געלעגן ביים ברעג־טייך פון האריין און דאס וואסער האט אלע מאל ארונטערגעשווענקט טיילן פון דאזיקן בית־הקברות. יעדעס יאר האט מען געדארפט אויסגעבן נייע געלטער אויף צו פארריכטן דעם הייליקן ארט. די הוצאות פלעגן געדעקט ווערן דורך דער חברה־קדישא, וועלכע האט געהאט אירע ספעציעלע קוועלן פון הכנסה.

קיין אפיציעלער שטאט־רב איז אין דאוויד־האראדאק ניט געווען. ס׳זענען געווען אין שטאט עטלעכע רבנים, א 4 — 5 אין דער צאל, וועלכע זענען אויסגעהאלטן געווארן, יעדערער דורך זיין קרייז, וואס האט אים געגעבן דעם כסא הרבנות. פון מאל צו מאל פלעגן פארקומען קריגערייען צווישן די פארשיידענע צדדים, איבערהויפט דאן, ווען מ׳האט געדארפט צווישן די רבנים פאנאנדערטיילן געלטער, וועלכע זענען אריינגעפלאסן פון אלגעמיינע קוועלן.

אין יאר 1917, נאך דער קערענסקי רעוואלוציע, זענען לויט דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע דורכגעפירט געווארן אין דאוויד־האראדאק די ערשטע דעמאקרא־טישע וואלן צו דער יידישער קהילה. די דאזיקע קהילה, האט אבער קיין זאך ניט באוויזן אויפ־צוטאן צוליב דער באלשעוויסטישער איבערקערעניש און צוליב די אומרואיקע איבערגאנגס־צייטן פון מאכט צו מאכט אין צייט פון קריג.

אין די ערשטע יארן פון דער פוילישער הערשאפט אין דאוויד־האראדאק, נאך דער פויליש־באלשעוויסטישער מלחמה, האט ניט עקזיסטירט קיין יידישע קהילה אין שטאט און אלס האלב אפיציעלע פארשטייער פון דער קהילה האבן געדינט די יידישע פארשטייער אין דער נאמינירטער שטאט־פאוואלטונג. דאס זענען געווען משה לאכאווסקי, שלמה קאצמאן און משה־יהודה ליפשיץ.

אין יאר 1928 זענען לויט א דעקרעט פון דער פוילישער מאכט פארגעקומען וואלן צו די יידישע קהילות. די וואל־ארדינאציע איז אבער געווען א שטארק רעאקציאנערע. אקטיווע וואל־רעכט האבן געהאט די, וועלכע האבן געענדיקט 25 יאר, פאסיווע — 30 יאר, פרויען האבן ניט געהאט קיין שטים־רעכט. די קאמפעטענצן פון דער קהילה זענען געווען שטארק באגרענעצט, אזוי ארום, אז אויסער מיט די געביטן פון רבנים, מרחץ און בית־הקברות האט די קהילה זיך ניט מטפל געווען.

אין דאוויד־האראדאק, וועלכע האט געהאט א פארהעלטניסמעסיק גרויסע צאל פון רבנים, האבן די קהילה וואלן ארויסגערופן גרויסע רייסענישן און ס'איז דערגאנגען אפילו צו קעגנזייטיקע מסירות, וועלכע האבן דערפירט צו פסלען מענטשען און אפילו גאנצע רשימות. קיין כבוד האבן די דאזיקע וואלן דער דאוויד־האראדאקער יידישער באפעלקערונג ניט צוגעגעבן. אויך די זיצונגען פון דער קהילה, זענען געווען א פלאץ פאר קריגערייען. באזונדערס שארף איז געווען דער קאמף אין דער קהילה ביים ווילן א הויפט רב פון שטאט. אין אלגעמיין זענען פאר דער פוילישער צייט פארגעקומען אין דאוויד־האראדאק 2 מאל קהילה־וואלן: איין מאל אין יאר 1928, ווען ס'איז אלס פרעזעס אויסגעוויילט געווארן מאיר מוראווטשיק און דאס צווייטע מאל אין יאר 1936. אלס פרעזעס איז דאן אויסגעוויילט געווארן קאפלינסקי.

## יארן פון אומרו און אומקום

א. ערב מלחמה

**וואס** וועט זיין? וועלן זיך דען ניט איינגעבן די באמיאונגען פון די וועלט פאליטיקער אויס־צומיידן א מלחמה? וועט דען ניט געלינגען די גרויסע מעכטיקע מדינות, ווי ענגלאנד, ראטנ־פארבאנד, אמעריקע און פראנקרייך איינצוצוימען די היטלעריסטישע אפעטיטן? צי וועט טאקע די וועלט ארייגעשליידערט ווערן אין א מוראדיקער שחיטה?

די דאזיקע פראגן האבן זיך געטראגן פון מויל צו מויל אין די ערשטע זומער חדשים פון יאר 1939.

די שפאנונג וואקסט פון טאג צו טאג. די לאגע ווערט אנגעשטרענגטער פון מינוט צו מינוט. אין דער לופט שמעקט מיט פולווער.

אט שטראלט אויף א פונק פון האפענונג — און אויף די געזיכטער באווייזט זיך אן אפטימיסטישער שמייכל; אט, ווידער, ווערן די הימלען צוריק פארוואלקנט און די מענטשן גייען אויפסניי ארום באזארגט און פארמרהשחורעט.

וואס וועט זיין? — פרעגן זיך די דאוויד־האראדאקער יידן איינע די אנדערע. מ'הערט זיך צו טאג און נאכט צום ראדיא, מ'כאפט אויף ידיעות פון דער גאנצער וועלט, מ'זוכט א

האפנונגס־שטראל, אבער, וואס א טאג ווייטער איבערצייגט מען זיך אלץ מער אין דער האפענונגסלאזיקייט פון דער לאגע.

אט האבן זיך געענדיקט מיט א דורכפאל די געשפרעכן צווישן ראטנפארבאנד מיט די מערב־מדינות און אט באקומט זיך די דערשטוינענדע ידיעה וועגן ריבענטראפ־מאלאטאוו אפמאך...

אין פוילן איז דערקלערט געווארן א מאביליזאציע. די פראגע, וועלכע עקבערט די מוחות איז שוין ניט צי וועט זיין א מלחמה צי ניין — אין דעם איז מען שוין זיכער; מ׳פרעגט נאר ווען וועט זי אויסברעכן. מ׳ווארט מיט מורא און מיט שרעק אויפן דאזיקן אומגליקלעכן טאג — ווער ווייסט וואס ער וועט מיט זיך ברענגען...

ב. די פויליש־דייטשישע מלחמה

פרייטיק — 1 סעפטעמבער 1939. ווי א דונער האט געטראפן די מעלדונג פון ראדיא, אז באגינען האבן היטלעריסטישע מיליטערישע כוחות איבערגעשריטן די דייטשיש־פוילישע גרענעץ און אן א פריערדיקער מלחמה דערקלערונג באפאלן פוילן.

דאוויד־האראדאקער ידן האבן ניט געקענט איינזיצן אין די הייזער. אויף יעדן שריט און טריט זענען געשטאנען גרופעס מענטשן און מיט פרעגנדע בליקן און פארזארגטע פנימער גערעדט וועגן גרויסן אומגליק.

די אינטואיציע האט פאראויסגעזאגט ניט קיין גוטע אנטוויקלונגען. ווער ווייסט?, ווער ווייסט ווי דאס וועט זיך ענדיקן.

אין שטאט איז פראקלאמירט געווארן קריגס־צושטאנד. באנאכט האבן געמוזט פארשטעלט ווערן אלע פענסטער כדי ס׳זאל קיין סימן פון ליכט זיך ניט זען אין דרויסן. די עלעקטרישע לאמפן אין די גאסן האבן מער ניט געלויכטן. א פינסטערניש האט אין די אוונטן געהערשט אין די גאסן — פונקט ווי ס׳איז פינסטער געווען אין די יידישע הערצער הן באנאכט און הן באטאג.

דאס עקאנאמישע לעבן אין שטאט איז גלייך אפגעשטארבן. ס׳האט זיך גלייך גענומען פילן א מאנגל אין פראדוקטן און אין דער ערשטער ריי פון זאלץ און שוועבעלעך.

ס׳גייט דורך א טאג, ס׳גייען דורך צוויי — קיין דערפרייענדע נייעס פון פראנט זענען ניטא. דאס פוילישע מיליטער טרעט אפ, גאנצע ארמייען ווערן ארומגערינגלט דורכן מעכטיקן דייטשישן מיליטער. ס׳פארשפרייטן זיך קלאנגען וועגן פאררעט פון פוילישע מיליטערישע פירער, ס׳דערגייען ידיעות וועגן אומגעוויינלעכן שפיאנאזש, אין וועלכן ס׳זענען פארמישט אויך הויכגעשטעלטע פוילישע פערזענלעכקייטן. טראץ די בארימערייען פון פוילישן ראדיא, פילט מען, אז ס׳קראכט דאס דורכגעפרעסענע דעמאראליזירטע קארטן־הויז.

מ׳זוכט א שטראל פון האפענונג. מ׳ווארט מיט אומגעדולד, אז ענגלאנד און פראנקרייך זאלן האלטן זייער צוזאג און קומען צו הילף דער פוילישער ארמיי.

3־טער סעפטעמבער 1939. ס׳לויכטן די געזיכטער ביי אלעמען. א שטראל פון ליכט און האפענונג האט זיך באוויזן. ענגלאנד און פראנקרייך האבן דערקלערט קריג דייטשלאנד. יעצט — טראכט מען זיך — וועט זיך ענדערן די סיטואציע. פון היינט אן וועלן זיך אנהויבן די מפלות פון דייטשישן מיליטער.

ליידער, ווערן אבער, די דאזיקע האפענונגען אנטרונען. די היטלעריסטישע מערדער־הארדעס גייען פארויס, דאס פוילישע מיליטער ווערט צעשמעטערט. אט איז ארומגערינגלט געווארן ווארשע, אט זענען שוין די דייטשן אין ביאליסטאק, גראדנע, בריסק. ס׳הויבן אן אנקומען אין שטעטל הונדערטער יידישע פליטים, וועלכע דערציילן די גרוילן פון דער דאזיקער

מלחמה, מ׳האט מורא פארן טאג, ווען די דייטשן וועלן אריין אין דאוויד־הארادאק. דאס הארץ זאגט פאַר שלעכטע נביאות.

וואס וועט זיין? פונוואנען וועט קומען די ישועה? וויאזוי ראטעוועט מען זיך?

17־טער סעפטעמבער 1939.

ס׳הויבן אָן ארומגיין קלאנגען, אז די רויטע ארמיי האט איבערגעשריטן די סאוויעטיש־פויליש גרענעץ, גייענדיק באפרייען די מערב־געביטן פון ווייסרוסלאנד און אוקראינע.

איז דאס טאקע אמת, אדער דאס זענען, חס ושלום, בלויז קלאנגען? יעדער ייד וויל מיט זיין גאנצן וועזן, אז די דאזיקע ידיעות זאלן זיך ארויסווייזן פאר ריכטיקע. מ׳האט אפילו מורא וועגן דעם הויך צו ריידן, ווייל די פוילישע מאכט איז נאך אין שטאט — מ׳ווארט, אבער, מיט אומגעדולד אויפן טאג,ווען די רויטע ארמיי וועט ארייננמארשירן קיין דאוויד־הארادאק.

עפעס א קלייניקייט? מ׳וועט מיטאמאל פטור ווערן הן פון דער פארהאסטער אנטי־סעמיטיש־פאשיסטישער פוילישער מאכט און גלייכצייטיק וועט מען אויסמיידן די גרויסע סכנה פון א זיכערן טויט אונטער דער הערשאפט פון די היטלעריסטישע מערדער.

די פאליאקן הויבן אָן צו פארלאזן דאוויד־הארادאק אפטרעטנדיק אין דער ריכטונג פון מערב — מ׳איז שוין זיכער, אז דאס איז צוליב דעם, וואס די רויטע ארמיי קומט אָן פון מזרח.

אין דער נאכט פונ׳ם 18־טן אויפן 19־טן סעפטעמבער, הויבן אָן אפטרעטן די פוילישע מיליטער־טיילן, וועלכע זענען געשטאנען אויף דער פויליש־סאוויעטישער גרענעץ.

די דאוויד־הארادאקער יידן שלאפן ניט די גאנצע נאכט. מ׳האט מורא פאר נקמה־אקטן מצד די פוילישע טיילן אויף דער יידישער באפעלקערונג. צום גליק, האבן די פאליאקן אפגעטראטן ניט פאראורזאכנדיק קיין שאדן די יידן.

דעם 19־טן סעפטעמבער באגינען האבן די פאליאקן, נאכדעם, ווי אלע זייערע טיילן האבן שוין איבערגעשריטן דעם טייך הארין, וועלכער האט צוטיילט די שטאט אויף צוויי אויפגעריסן די בריק און זיך פארבאריקאדירט אויף דער צווייטער זייט פון טייך. גלייך נאך זיי קומען אָן די שטורם־אפטיילונגען פון דער רויטער ארמיי. ביים טייך קומט פאר א קורצע איבערשיסונג צווישן ביידע צדדים. ס׳ווערט דערשאסן איין רויטארמייער און א צווייטער ווערט פארוואונדעט. די פאליאקן טרעטן אבער גאנץ שנעל אפ; די סאפיארן־אפטיילונג פון די סאוויעטן שטעלט שנעל צונויף א פאנטאן־בריק איבערן טייך און די רויטארמייער זעצן פאר זייער ווייטערדיקן וועג.

ג. אונטער דער סאָוויעטישער הערשאפט

(סעפטעמבער 1939 — יוני 1941)

דער טאג פון 19־טן סעפטעמבער 1939 איז, אָן ספק, געווען דער פריידיקסטער טאג אין לעבן פון די דאוויד־הארادאקער יידן אין פארלויף פון די לעצטע פאַר יאר.

נאכדעם, ווי די איבערשיסונג צווישן די פאליאקן מיט די אפטיילונגען פון דער רויטער ארמיי האט זיך געענדיקט, האט די גאנצע יידישע באפעלקערונג (און ניט נאר די יידישע), ארויס אין די גאסן און מיט פריידיקע גליקלעכע געזיכטער אויפגענומען די אפטיילונגען פון דער רויטער ארמיי, וועלכע האבן אָן אויפהער געשטראמט פון מזרח אויף מערב.

יונג און אלט, קליין און גרויס, מאן און פרוי — אלע זענען געשטאנען אויף די טראָטוארן פון דער הויפט־גאס, דורך וועלכער ס׳זענען אדורך די ארמיי טיילן און מיט שמייכלענדע בליקן, פאכענדיק מיט די הענט באגריסט די רויטארמייער.

די רויטארמייער, ווידער, האבן פריינטלעך זיך געגריסט מיט דער באפעלקערונג.

ס׳דערמאנט זיך, ווי א הויכער אפיציר, גייענדיק אין שפיץ פון א מיליטערישער אפטיילונג, האט, באמערקנדיק דעם אלטיטשקן וועלוול ריישקעס, וועלכער איז אויך געווען צווישן די שטייענדע אויפן טראטואר, זיך אנגערופן צו אים מיט די פאלגענדע ווערטער: „נאדא זשיט סטאריטשאק, נאדא זשיט!״ (מ׳דארף לעבן אלטיטשקער, מ׳דארף לעבן).

וויפיל ענטוזיאזם האבן ארויסגערופן די דאזיקע עטלעכע ווערטער!

דעם דאזיקן טאג איז מען געווען, פשוט, פארשיכורט פון פרייד און פון גליק.

נאך מיטאג, איז אונטערן פרייען הימל איינגעארדנט געווארן א מיטינג און די פארשטייער פון דער רויטער ארמיי האבן געהאלטן רעדעס, אין וועלכע זיי האבן צוגעזאגט א פריי און גליקליך לעבן פאר די איינוווינער פון די באפרייטע געביטן פון מערב־ווייסרוסלאנד און מערב־אוקראינע. „ניט מער קיין אונטערדריקונג, פעלקער־האס און ארעמקייט וועט זיין דער גורל פון די באפרייטע ברידערלעכע פעלקער פון מערב־אוקראינע און מערב־ווייסרוסלאנד — פון היינט אָן וועלן זיי געניסן פון ווילשטאנד, פרייהייט, ברידערלעכקייט, ליבע און ארבעט אונטער דער שטראלנדער זון פונם גרויסן פעלקער פירער חבר סטאלין״ — דאס איז געווען די קווינט־עסענץ פון די רעד׳עס, וועלכע זענען געהאלטן געווארן אויפן אויבנדערמאנטן מיטינג.

פארשטענדלעך, אז די הויפט מחותנים אויף דער שמחה, וועלכע האבן זיך גלייכצייטיק געפירט מעשה באלעבאטים, זענען געווען די עטלעכע יידישע קאמוניסטן אין שטעטל צו וועלכע ס׳האבן זיך אויך אנגעשלאסן עטלעכע „מיעשטשאנעס״ פון דאוויד־הארא׳דאק.

א גאנצן טאג, ביז שפעט אין דער נאכט, זענען אלע געווען אין די גאסן, מ׳האט געפירט געשפרעכן מיט די רויטארמייער ווי אזוי די פאליאקן האבן אונטערדריקט די נאציאנאלע מינדער־הייטן און איבערהויפט די יידן.

מ׳איז געווען איבערראשט פון דער אוממיטלבארקייט און פשטות פון די רויטארמייער, מ׳איז געווען שטארק באאיינדרוקט פון זייער אויפמערקזאמקייט און פון זייערע מיטלייד־אויסדרוקן און מ׳איז נאך שטארקער געווען דערמוטיקט פון זייערע צוזאגן און פארזיכערונגען, אז פון היינט אָן וועלן די יידן ניט וויסן פון אזעלכע צרות.

די דאוויד־הארא׳דאקער יידן האבן די נאכט פונם 19־טן סעפטעמבער אויפן 20־טן סעפטעמבער 1939 געשלאפן א רואיקן, גליקליכן און האפענונגספולן שלאף, זעענדיק פאר זיך א ליכטיקע צוקונפט אין ווייטערדיקן לעבן.

ס׳האבן זיך אנגעהויבן די ערשטע וואכן פון לעבן אונטער דער סאוויעטישער מאכט אין דאוויד־הארא׳דאק.

לויט א באפעל, זענען אויפסניי, געעפנט געווארן אלע געשעפטן און מענטשן האבן זיי אנגעהויבן באלאגערן, וועלנדיק זיך פארגרייטן מיט קליידונג, שוכווארג, פראדוקטן א.א.וו.

באזונדערס אויפפאלנד איז געווען די האלטונג פון די „וואסטאטשניקעס״ — אזוי האט מען גערופן די אנגעקומענע סאוויעטישע בירגער — זיי זענען געגאנגען פון געשעפט צו געשעפט און איינגעקויפט אלץ וואס די אויגן האבן נאר געזען, צאלנדיק דערביי יעדען פרייז, וועלכע איז פון זיי פארלאנגט געווארן. גאנצע פעק פלעגן זיי ארויסטראגן פון די געשעפטן.

צוערשט האט מען געמיינט, אז זיי דינגען זיך ניט צוליב דעם, וואס זיי זענען פון די רעגירונגס־געשעפטן אינדערהיים געוווינט צו סטאבילע פרייזן, מ׳איז אבער ניט געווען אומ־שטאנד צו פארשטיין פאר׳וואס זיי קויפן אזויפיל.

צוביסלאך איז געפאלן א חשד, אז דאס איז צוליב דעם, ווייל זיי קריגן דאס ניט ביי זיך. דאס האט געבראכט צו א נאך גרעסערער קויף־בהלה.

דער פוילישער זלאטי, איז אויסגעגליכט געווארן צום ווערט פון סאוויעטישן רובל,

אזוי ארום, אז דער זלאטי איז ניט אנולירט געווארן און ער איז אויך ווייטער געווען קויפס־פּייאיק.

די שטאטישע מאכט איז געלעגן אין די הענט פון די ארטיקע קאמוניסטישע אקטיוויסטן. די סאוויעטן האבן די ערשטע פאר מאנאטן געלאזן זיי „באלעבאטעווען" אין שטאט.

א צאל פון א 6—7 יידישע און א 3—4 קריסטלעכע קאמוניסטישע אקטיוויסטן האבן אין פארלויף פון די ערשטע פאר מאנאטן געוועלטיקט אין דאוויד־האראדאק.

די דאזיקע עטלעכע קאמוניסטישע אקטיוויסטן האבן פארשריבן א טרויעריק קאפּיטל אין דער געשיכטע פון שטאט,בריינגענדיק פון איין זייט, אדאנק זייערע מסירות צו דער נ.ק.ג.ב. (סאוויעטישע זיכערהייטס ארגאנען) צום ארעסט פון דער מערהייט ציוניסטישע עסקנים אין שטאט און פון דער צווייטער זייט, אויפרייצנדיק די גרעסטע מערהייט פון די „האראד־טשוקעס" קעגן דער גאנצער יידישער באפעלקערונג.

אינצווישן זענען פארגעקומען פיל מיטינגען, פּארוויילונגס־אווגטן און טעאטער־פארשטעלונגען און די יוגנט האט זיך ניט שלעכט געווײלט.

די יידישע באפעלקערונג פון שטאט האט זיך אדאנק דעם גרויסן שטראם פון פּליטים פון קאנגרעס־פּוילן שטארק פארגרעסערט און זי האט ווארשיינלעך דערגרייכט צו א צאל פון א 7—8 טויזנט.

צוביסלעך איז מען ארויס פון דער יום־טוב־שטימונג און מ'האט אנגעהויבן טראכטן וועגן פּרנסה; איבערהויפּט, אז די רעזערוון האבן זיך פאר דער צייט געענדיקט.

קיין איינגעאָרדנטע סאוויעטישע אונטערנעמונגען און ביוראען זענען נאך ניט געווען, קיין ארבעט איז אויך ניט געווען — האט מען זיך גענומען צום האנדל.

געהאנדלט האבן הן יידן און הן קריסטן. אלץ איז געווען אן ארטיקל צום האנדל: זאלץ, סיגארעטן, שוועבעלעך, פּראדוקטן, קליידונג, שוכווארג א.א.וו.

אן אייגנארטיקער האנדל איז אנגעגאנגען מיט די פּוילישע זלאטיס. היות דער פּוילישער זלאטי איז אויך געווען א גאנגבארע מטבע אין דעם טייל פּוילן, וואס איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן און דארט איז דער ווערט פון זלאטי געווען גרעסער ווי דער ווערט פון רובל דא — פלעגט מען אויף שווארץ צאלן 2 און 3 רובל פאר יעדער זלאטי און דערנאך פלעגט מען די זלאטיס דורכשמוקלען אויף דער דייטשישער זייט. באזונדערס האבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם האנדל די פּליטים פון קאנגרעס־פּוילן, וועלכע פלעגן נאכהער אליין שמוקלען די סאוויעטיש־דייטשישע גרענעץ.

דער צושטאנד פון כמעט פרייען האנדל, האט זיך אזוי געצויגן ביז ענדע 1939.

אינצווישן האבן די סאוויעטן ארעסטירט און פארשיקט עטלעכע פּוילישע משפחות, וועלכע האבן ניט באוויזן אין דער צייט צו אנטלויפן מיט דער פּוילישער ארמיי. ס'איז פארשיקט געווארן אויך א יידישע משפחה פון א גרענעץ דארף און ס'איז אויך ארעסטירט געווארן א... ביזאהעריקער קריסטלעכער קאמוניסטישער אקטיוויסט.

איבער א צענדליק יידישע יוגנטלעכע פון שטאט, האבן פאר דער צייט אין געהיים פארלאזט דאוויד־האראדאק און זיך באקומען קיין ווילנע, וועלכע איז דאן דורך די סאוויעטן אוועקגעגעבן געווארן צו ליטע. זייער ציל איז געווען זיך פון דארטן צו באקומען קיין ארץ־ישראל.

אין נאוועמבער 1939 זענען אין ביאליסטאק און אין לעמבערג פארגעקומען 2 קאנפערענצן פון געוויילטע דורך דער באפעלקערונג פון מערב־ווייסרוסלאנד און מערב־אוקראינע דעפּוטאטן, וועלכע האבן באשלאסן צו ווענדן זיך צום סאוויעטישן „ווערכאווני־סאוויעט" (העכסטע דעפּוטאטן־קאמער) מיט א ביטע אנצושליסן אפיציעל די געביטן פון מערב ווייסרוסלאנד און מערב אוקראינע צום ראטנפארבאנד.

איבער א מאנאט האט מען זיך געגרייט צו די דאזיקע וואלן איינאָרדנענדיק מיטינגען,

פארזאמלונגען און פארווײלונגס־אווגטן. ספעציעלע פראפאגאנדיסטן האבן געלערנט מיט דער באפעלקערונג די סאוויעטישע קאנסטיטוציע. די וואלן זענען פארגעקומען מיט גרויס פאמפע און יום־טובדיקייט.

דאוויד־הארא דאק האט געוויילט צו דער קאנפערענץ אין ביאליסטאק (ווייסרוסלאנד) 2 דעפוטאטן — איינעם א יידישן און דעם צווייטן א קריסטלעכן — פארשטענדלעך, קאמו־ניסטישע אקטיוויסטן, וועלכע זענען באשטימט געווארן דורך דער סאוויעטישער מאכט.

דאס זענען געווען די ערשטע וואלן, וועלכע זענען אין דאוויד־הארא דאק פארגעקומען פאר דער סאוויעטישער מאכט.

שוין ביי די דאזיקע וואלן האט מען געזען די פיינטלעכע באציאונג פון די „הארא דטשו־קעס״ צו דער קאמוניסטישער מאכט און די ווילדע און בלינדע שנאה צו דער יידישער באפעלקערונג פון דאוויד־הארא דאק.

ציילענדיק דערנאך די שטימען האט מען געפונען צעטלען מיט פאלגענדע אויפשריפטן: „נידער מיט דער סאוויעטישער מאכט״, „א טויט די באלשעוויקעס און די יידן״, „זאל לעבן היטלער״, א.א.וו.

צוביסלאך האבן די סאוויעטן צוגעטראטן איינארדענען און ארגאניזירן א נארמאלן לעבן אויפן סאוויעטישן שטייגער. אלע ביזאהעריקע ארטיקע קאמוניסטישע אקטיוויסטן, וועלכע האבן אנגעפירט מיט דער שטאט, זענען פארביטן געווארן אויף אריינגעשיקטע סאוויעטישע בירגער.

דער שטאט־פרעזידענט, דער מיליץ־נאטשאלניק, די אנפירערס פון די פארשיידענע עקאנאמישע, קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע אנשטאלטן זענען פארביטן געווארן אויף „וואסטאטשניקעס״. אויך די אנדערע מער־וויניקער פאראנטווארטלעכע פאסטנס זענען באזעצט געווארן דורך סאוויעטישע בירגער, וועלכע זענען אראפגעשיקט געווארן פון רוסלאנד.

די ביזאהעריקע ארטיקע קאמוניסטישע פירער פון שטאט זענען באשעפטיקט געווארן אויף צווייטראנגיקע פאסטנס און אויסגענוצט געווארן דורך דער נ.ק.ג.ב. אויף געבן זיי אינ־פארמאציעס וועגן יעדן איינעם פון דער באפעלקערונג.

זיי, די דאזיקע קאמוניסטישע ארטיקע אקטיוויסטן האבן גערן אנגענומען אויף זיך די דאזיקע „בכבודיקע״ מיסיע און זיי האבן זיך פארוואנדלט אין פשוטע מוסרים אויסטראכטנדיק אויף זייערע קרבנות אויך פאלשע באשולדיקונגען.

דער ערשטער רעזולטאט פון זייערע מסירות איז געווען דאס אפזאגן א געוויסע צאל מענטשן פון זייערע פאסטנס צוליב זייער סאציאלער אפשטאמונג. פארשטענדלעך, אז דאס האט אין דער ערשטער ריי געטראפן די יידן, אבער אויך ניט אויסגעמיטן די רייכע „הארא דטשוקעס״. די דאזיקע אקציע האט געהייסן „נאציאנאליזאציע״. די גרעסערע געשעפטן, ווי אויך די גרעסערע אונטערנעמונגען ווי: די גארבערייען, דער טארטאק, די מילן א.אנד. זענען נאציאנאליזירט געווארן. פארנומען דערמיט האט זיך דער „פינאנטדיעל״ (פינאנסיעלע אפטיילונג) און אויס־געפירט די ארבעט (און מיט גרויס התמדה) האבן די יידישע קאמוניסטישע אקטיוויסטן.

פארשטענדלעך, אז די נאציאנאליזירטע „הארא דטשוקעס״ האבן געזען אין די יידן די הויפט שולדיקע אין דעם און זייער שנאה צו יידן איז געוואקסן פון טאג צו טאג. זיי האבן גערעדט וועגן דעם, אז ס׳וועט קומען א טאג און זיי וועלן „אפצאלן״ די יידן כפל כפליים.

דאס לעבן האט זיך אבער אין שטאט אנגעהויבן נארמאליזירן.

ס׳זענען פארייניקט געווארן אלע דריי גארבערייען אין שטאט און ס׳איז געשאפן געווארן איין גרויסע גארבעריי, וועלכע האט באשעפטיקט איבער 100 ארבעטער. ביי דער גארבעריי איז ארגאניזירט געווארן א שטיוול־פאבריק, וועלכע האט באשעפטיקט איבער 150 שוסטער־ארבעטער. דער טארטאק מיט דער בוי־אונטערנעמונג פון בארזשעס, וואס האט פריער געהערט

צו מאכע רימאר איז פארגרעסערט געווארן און ס׳זענען דארט געוועו באשעפטיקט איבער 400 ארבעטער, ס׳זענען ארגאניזירט געווארן פארשיידענע ארטעלן, ס׳האבן אנגעהויבן פונקציאנירן אלע פארשיידענע סאוויעטישע אנשטאלטן און אינסטיטוציעס. ס׳האט אנגעהויבן פולסירן א פולבלוטיק און אינטענסיוו לעבן אויפן עקאנאמישן געביט.

אויך אויפן קולטורעלן געביט איז מען צוגעטראטן צו אינטענסיווער ארבעט.

די שולעס האבן צוריק באנייט זייערע לימודים. אנשטאט די ביזאהעריקע 2 פוילישע פאלקס־שולן זענען איינגעארדנט געווארן 2 מיטל־שולן — איינע אין דער ווייסרוסישער שפראך און די צווייטע אין דער רוסישער. די העברייאישע „תרבות״־שולע איז אומגעוואנדלט געווארן אין א שולע מיט יידיש אלס לערן־שפראך.

אלע עקזיסטירנדע ביבליאטעקן אין דאוויד־הארדאק זענען פארייניקט געווארן און דערנאך זענען אלע אָן אויסנאם ביכער פון די ביבליאטעקן קאנפיסקירט געווארן און אויף זייער ארט זענען געבראכט געווארן ביכער בלויז פון סאוויעטישע אויסגאבן אין דער רוסישער, ווייסרוסישער און עטוואס אויך אין דער יידישער שפראך.

צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דאוויד־הארדאק איז אין שטאט איינגעארדנט געווארן א שפיטאל מיט א ספעציעלער אפטיילונג פאר קימפעטארינס. פרויען האבן שוין מער ניט געדארפט געבוירן קינדער אין זייערע הייזער, נאר האבן געהאט א גוט איינגעארדנטן שפיטאל מיט א זארגפולער מעדיצינישער אויפזיכט.

צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דאוויד־הארדאק איז אויך איינגעארדנט געווארן א סטאבילער קינא־זאל אין וועלכן ס׳זענען יעדן אוונט דעמאנסטרירט געווארן די נייעסטע פילמען. דער קינא־זאל איז פארשטענדלעך יעדן אוונט געוועזן פול־געפאקט.

מ׳איז צוגעטראטן צו בויען א גרויסן, מאדערן־איינגעארדנטן קולטור־הויז מיט זאלן פאר פארלעזונגען, פארשטעלונגען, פארוויילונגס־זאלן א.א.וו.

די מערהייט דאוויד־הארדאקער איינוווינער האט זיך איינגעארדנט אויף ארבעט — א פארשווינדנדע מינדערהייט האט זיך פארנומען מיט ספעקולאציע.

כדי אפצושרעקן די ספעקולאנטן, האט מען איינגעארדנט אויפן דאוויד־הארדאקער איינוווינער, הערצל ציפין, וועלכן מ׳האט געכאפט ספעקולירנדיק מיט ווורשט, א שוי־משפט („פאקאזאטיעלני סוד״) און ער איז פאראורטיילט געווארן אויף 5 יאר תפיסה.

דער דאזיקער אורטייל האט געמאכט זייער א שווערן איינדרוק אויף די שטאט־איינוווינער.

דאס לעבן איז זיך אבער געפלאסן ווייטער און די יידן האבן זיך אנגעהויבן צופאסן צום נייעם רעזשים, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס ס׳איז געוועזן א מאנגל אין פראדוקטן, קליידונג און שוכווארג.

די לאגע איז געוועזן רואיק און מער ווייניקער נארמאל, ביז מ׳האט דורכגעפירט דעם זומער פון יאר 1940 אן ארעסט פון פאליטישן כאראקטער.

ס׳איז ארעסטירט געווארן יוסף יודאוויטש, דער זון פון בייצל יודאוויטש, וועלכער איז אין די צייטן פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע אין יאר 1918 דערשאסן געווארן צוזאמען מיט נאך 2 קריסטלעכע בירגער פון שטאט דורכן באלשעוויסטישן „קאראטיעלנעם אטריאד״.

דער דאזיקער ערשטער פאליטישער ארעסט, האט אויפגעטרייסלט די יידישע באפעלקערונג אין דאוויד־האאדאק און האט פאראויסגעזאגט עווענטועלע ווייטערדיקע ארעסטן.

פיל מענטשן זענען דאן גערופן געווארן אין נ.ק.ג.ב. אויף „געשפרעכן״. די דאזיקע מענטשן האבן אבער דערנאך ניט דערציילט וועגן וואס ס׳איז מיט זיי גערעדט געווארן.

קורץ נאכן ארעסט פון יוסף יודאוויטש איז ארעסטירט געווארן לייזער ראנקין, אן אינהאבער

פון א גארבעריי, וועלכע איז דורך דער סאוויעטישער מאכט נאציאנאליזירט געווארן און גלייך נאך אים איז ארעסטירט געווארן יאניע (יוסף) בארוכין — א רעוויזיאניסטישער עסקן.

די שטימונג ביי די יידן איז געווארן זייער געדריקט. מ׳האט פארשטאנען, אז די נ.ק.ג.ב. באנוצט זיך, אויסער מיט די ארטיקע קאמוניסטישע אקטיוויסטן, אויך מיט אנדערע פאר־מאסקירטע ארטיקע אגענטן און צוטראגער, וועלכע גיבן איר אינפארמאציעס וועגן יעדן איינעם פון די שטאט־איינוווינער.

און ווירקלעך, זענען אין שטאט געווען אזעלכע, און צווישן זיי אויך באלעבאטישע און עלטערע יידן, וועלכע האבן מיטגעארבעט מיט דער נ.ק.ג.ב. געבנדיק איר אינפארמאציעס און אויספילנדיק אירע שליחותן.

ביים ווערבירן די דאזיקע „אינפארמאטארן", האט זיך די נ.ק.ג.ב. באנוצט מיט פאלגענדן מיטל: זי פלעגט רופן צו זיך א מענטש אויף וועלכן ס׳האט ניט געקענט פאלן קיין חשד, אז ער איז עלול צו זיין א מסור, אויסרעכענען אים זיינע „חטאים" פון פריער און פארלייגן אים זיך צו „רעהאביליטירן" דורך דעם, וואס ער וועט מיטארבעטן מיט איר א „געוויסע צייט". אין פאל פון אן אבזאג — האט מען אים געזאגט — וועט ער מוזן אפקומען פאר זיינע „חטאים" און ארעסטירט ווערן. פארשטענדלעך, אז ניט קוקנדיק אויפן אויסגאנג פון דאזיקן געשפרעך פלעגט דער פאררופענער מוזן אונטערשרייבן א פארפליכטונג, אז קיין איינער — אפילו דער נאענטסטער — טאר ניט וויסן וועגן וואס ס׳איז מיט אים אין נ.ק.ג.ב. גערעדט געווארן.

ליידער זענען געווען אזעלכע, וועלכע האבן זיך אונטערגעגעבן די דראָאונגען און אנגענומען די פארגעלייגטע זיי „ארבעט". אזוי ארום, זענען צווישן די מוסרים געווען מענטשן פון פארשיידענעם עלטער, פארשיידענער פאליטישער באפארבונג און פארשיידענע סאציאלע שיכטן.

געווי האט קיינער ניט געוווסט ווער ס׳ארבעט מיט מיט דער נ.ק.ג.ב. און דערפאר טאקע האט מען יעדן איינעם חושד געווען, אז ער איז אן וואונטועלער אגענט. דער קעגנזייטיקער חשד האט גורם געווען, אז איינער האט פארן צווייטן מורא געהאט אויסריידן א ווארט.

צום קולמינאציע־פונקט פון די פאליטישע ארעסטן, איז מען דערגאנגען אין דער נאכט פונם 10־טן אויפן 11־טן פעברואר 1941, ווען ס׳זענען ארעסטירט געווארן 10 עסקנים פון שטאט.

דאס זענען געווען:

חיים בעראנטשוק, יאשא יודאוויטש, ארטשיק מוראווטשיק, בערל רימאר און שאיע קאנטאר — אלגעמיין ציוניסטישע טוער; שמואל טשעטשיק, ארקע ליפשיץ, קאפל מוראווטשיק און מענדל קראוטשיק — פוע"צ (צ.ס.) עסקנים און בערל קאפטאן — איינער פון די טיכטיקסטע ביזאהעריקע קאמוניסטישע אקטיוויסטן, וועלכע מ׳האט באשולדיקט, אז פאר די פאליאקן איז ער געווען א קאנפידענט לטובת די זיכערהייטס־ארגאנען פון פוילן.

דער איינדרוק פון דאזיקן ארעסט אויף די דאוויד־הארא־דאקער יידן איז געווען א דער־שיטערנדער. קיין איינער איז שוין ניט געווען זיכער מיט זיין פרייהייט, די, אויף דער פריי געבליבענע ציוניסטישע עסקנים, האבן זיך געריכט אויף וויטערדיקע ארעסטן און געווארט מיט מורא און שרעק אויף זייער ריי. אין שטאט איז געווארן א פאניק־שטימונג.

מענטשן פלעגן אויסמיידן דורכצוגיין ביים בנין, ווו ס׳זענען געווען די ביוראען פון נ.ק.ג.ב. דער דאזיקער בנין האט געווארפן אן אימה אויף אלע איינוווינער — ווער ווייסט וויפיל קרבנות עד וועט נאך איינשלינגען...

א מרה־שחורה און שרעק איז אנגעפאלן אויף אלעמען. עטלעכע ציוניסטישע עסקנים, האבן פארלאזן די שטאט און זיך איבערגעצויגן אין אנדערע ערטער, ווו מ׳האט זיי ניט געקענט.

מ׳האט אויפגעהערט זיך צו טרעפן אין געזעלשאפט. יעדער האט פארבראכט די צייט פון נאך זיין ארבעט אין ענגן קרייז פון זיין משפחה.

אין פארלויף פון דאזיקן צייט־אפשניט, זענען אויך דורכגעפירט געווארן עטלעכע ארעסטן פון „האראדטשוקעס״.

דער סך־הכל פון די פאליטישע ארעסטן איבער די 13 יידן פון דאוויד־האראדאק איז פאלגענדער: 5 מאן — שמואל טשעטשיק, יוסף יודאוויטש, ארטשיק מוראווטשיק, מענדל קראווטשיק און קאפל מוראווטשיק (היינט יעקב מור) געפינען זיך היינט אין ישראל.

שאיע קאנטאר — געפינט זיך אין פוילן.

קאפטאן — אין אמעריקע,

לייזער ראנקין — איז אנטלאפן פון טראנספארט ארעסטאנטן, וועלכע די סאוויעטן האבן דאן אנהויב פון דייטשיש־סאוויעטישן קריג ארויסגעפירט און טיף רוסלאנד, געקומען קיין דאוויד־האראדאק און אומגעקומען מיט אלע דאוויד־הארעדאקער יידן.

5 מאן: חיים באראנטשוק, יאניע בארוכין, יאשא יודאוויטש, ארקע ליפשיץ און בערל רימאר — זענען אויסגעשטארבן אין די פארשיידענע סאוויעטישע לאגערן — ערע זייער אָנדענק!

* * *

טראץ דער מורא און שרעק, זענען, אבער, ביז הארט פארן דייטשיש־סאוויעטישן קריג, מער קיין פאליטישע ארעסטן און פארשיקונגען ניט פארגעקומען.

ווען ס׳האבן זיך אנגעהויבן אביסל בארואיקן די געמיטער איז ארויפגעשוועמען א גרעסערע שרעק, א פיל גרויזאמערע ווי ארעסטירט צו ווערן דורך דער נ.ק.ג.ב.

ס׳האבן אנגעהויבן קורסירן קלאנגען וועגן אן עווענטועלער מעגלעכקייט פון א מלחמה צווישן דייטשלאנד און ראטנפארבאנד.

די מורא פאר דער דאזיקער עווענטואליטעט איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. די קריסטלעכע באפעלקערונג פון שטאט — די „הארעדטשוקעס״ זענען ביי זיך האפערדיק געווארן און געווארט מיט אומגעדולד אויפן טאג, ווען די דייטשן וועלן ארייננמארשירן אין דאוויד־הארעדאק. מ׳האט געזען באשיינפערלעך, אז זיי גרייטן זיך צו נקמה־אקטן.

אט האבן זיך אנגעהויבן באוועגן גרויסע טיילן פון דער רויטער ארמיי פון מזרח אויף מערב, מ׳האט געפילט אז די מלחמה דערנענטערט זיך מיט ריזן שריט.

הארט פארן אויסברוך פון קריג, זענען ארעסטי׳רט און פארשיקט געווארן עטלעכע יידישע משפחות.

דעם 22־טן יוני 1941 האבן די היטלעריסטישע הארדעס אויף א פאררעטערישן אופן, ניט דעקלערנדיק פריער קיין קריג, באפאלן ראטנפארבאנד און דערמיט הויבט זיך אן דער טרויעריק שוידערלעכער סוף פונם יידישן דאוויד־הארעדאק...

### חורבן און אומקום

די פאניק איז געווען זייער גרויס. די יידן האט באפאלן א טויט־שרעק. די „הארעד־טשוקעס״ זענען געווען האפערדיק. די סאוויעטישע מאכטהאבער פון שטעטל זענען געווען צערודערט.

די יוגנט אין שטאט איז גלייך מאביליזירט געווארן. ניט אלע זענען אבער גענומען געווארן אין דער ארמיי. די, וועמענס סאציאלע אפשטאמונג איז ניט געווען קיין פאסיקע, האט מען דערנאך באפרייט.

ס'האבן זיך באוויזן דייטשישע אעראפּלאנען איבערן שטאט און טראַץ דעם, וואס זיי האבן ניט באמבארדירט, האבן זיי דאך געשאפן א געפערלעכע פּאניק.

די דייטשישע חיילות זענען מיט א געוואלטיקער קראפט געגאנגען פאַרויס. די רויטע ארמיי, האט אין אומארדענונג און בהלה, אפּגעטראטן. די סאוויעטישע פירער פון שטאט האבן זיך גענומען עוואקואירן.

הונדערטער יידישע יונגעלייט און גאנצע משפחות האבן זיך געלאזן צו דער פריערדיקער סאוויעטיש־פוילישער גרענעץ, מיט צוועק זיך צו עוואקואירן קיין רוסלאנד, כדי אזוי ארום צו אנטלויפן פון די היטלעריסטישע מערדערישע הענט.

ליידער האבן זיי אלע אויף דער אלטער גרענעץ געפונען א שטארקע סאוויעטישע וואך, וועלכע האט דורכגעלאזן בלויז די, וואס האבן געהאט ספּעציעלע דערלויבענישן דערצו, — די איבעריקע זענען ניט דורכגעלאזן געווארן און זיי זענען געווען געצוווּנגען צוריקצוקערן זיך אין דאוויד־האראדאק. ס'זענען פון דער גרענעץ אויך צוריקגעשיקט געווארן די סאוויעטישע מאכט־האבער פון שטאט מיט א באפעל צו בלייבן דארט ביז דער לעצטער מינוט.

די דייטשן האבן שוין פארנומען פּינסק, לוניניעץ, לאכווע, מיקאשעוויטש, און אין דאוויד־האראדאק זענען זיי נאך ניט געווען. די שטאט איז פאקטיש געווען אָן א מאכט. דאוויד־האראדאק איז ניט פארנומען געווארן דערפאר, וואס זי איז ניט געלעגן ביי קיין באן־ליניע און ניט ביי קיין שאסיי. די „האראדטשוקעס" האבן זיך ניט געקענט דערווארטן ביז די דייטשן וועלן אליין אריינקומען און זיי האבן ארויסגעשיקט קיין פּינסק צו דער דייטשישער מיליטערישער מאכט א דעלעגאציע מיטן פעלדשער מארייקא אין דער שפּיץ, וועלכע האט פארלאנגט, אז די דייטשן זאלן וואס גיכער אריין אין שטאט. דערביי האבן זיי געמאלדן די דייטשן וועגן דער גרייטקייט פון די „האראדטשוקעס" מיטצוארבעטן מיט זיי. זיי האבן פארלאנגט, אז מ'זאל מאכן א שנעלן סוף צו דער יידישער באפעלקערונג פון דאוויד־האראדאק.

די דעלעגאציע איז צוריקגעקומען א צופרידענע פון די „פאזיטיווע" רעזולטאטן, וועלכע זי האט דערגרייכט.

נאכן צוריקקער פון דער דאזיקער „דעלעגאציע" האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז די רויטע ארמיי האט אנגעהויבן אנגרייפן און צוריקשטויסן די דייטשן. אן אימה איז אנגעפאלן אויף דער „דעלעגאציע" און זיי זענען אנטלאפן אין פּינסק. ליידער האט זיך אין א פּאר טעג ארום ארויסגעוויזן די ידיעה פאר א ניט ריכטיקער און די „דעלעגאציע" איז צוריקגעקומען אין שטאט און מיט זיי די דייטשן.

דעמזעלבן טאג האבן די „האראדטשוקעס", אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאנען דער אויבנדערמאנטער מארייקא, די ברידער טאניא און ליאווא קאסארעוו, קולאגא, יעווּפלאוו, א.אנד., איינגעארדנט אונטערן פרייען הימל א מיטינג לכבוד דעם „גרויסן היסטארישן טאג".

די דייטשן האבן איבערגעגעבן די ציווילע מאכט אין די הענט פון די „האראדטשוקעס" נאמינירנדיק אלס בירגערמייסטער פון שטאט מארייקען און אלס קאמענדאנט פון דער ציווילער פּאליציי ליאווא קאסארעוו.

די יידן האבן באקומען א באפעל אנצוטאן מגן־דוד'ס.

דעם 16־טן אב תש"י איז ארויסגעגעבן געווארן א באפעל, אז אויף צומארגנס 6 אזייגער פרי דארפן זיך אלע יידישע מענער אין עלטער פון 14 יאר און העכער צונויפקלייבן אויפן מארק קעגנאיבער דעם קאטוילישן קאשציאל, מיטנעמענדיק מיט זיך לאפאטעס. ס האט געהייסן, אז מ'וועט זיי פירן אויף ארבעט.

צומארגנס פרי האבן זיך די יידן אנגעהויבן צונויפקלייבן אויפן מארק, וועלכער איז געווען ארומגערינגלט מיט דייטשישע באוואפנטע ס.ס.־לייט און פיל „האראדטשוקעס".

נאכדעם, ווי אלע האבן זיך צוגעשטעלט, האבן זיך די „האראדטשוקעס״ געלאזט איבערן שטאט קאנטראלירן צי זענען דאָ אזעלכע, וועלכע האבן זיך אויסבאהאלטן.

די ברידער איסר און הערשל גורוויטש, וועלכע זיי האבן געפונען אין א באהעלטעניש, האבן זיי אויפן וועג צום מארק אויסגעשטאכן די אויגן.

אלע צונויפגעזאמלטע אויפן מארק, האט מען צופוס אוועקגעפירט, אונטער א שטארקער, פון די ציין ביז די פיס, באוואפנטער ס.ס.־אפטיילונג, ביי דער באגלייטונג פון הונדערטער „האראדטשוקעס״, קיין חינאווסק, א דערפל, 7 קילאמעטער ווייט פון דאוויד־הארადאק, ווו ס׳זענען שוין פון פאריס געווען צוגעגרייטע גריבער.

ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט הארמאטן און מאשינען־געווער, האט מען זיי ביז איינעם אויסגעשאסן.

די קולות און געשרייען פון די אומגליקלעכע קרבנות האבן זיך געטראגן אין דער לופט און דערגרייכט אזש ביז דאוויד־הארადאק.

די פארזאמעלטע „האראדטשוקעס״ האבן דערביי אויסגעפילט א דרייענדיקע מיסיע: זיי האבן געהיט, אז קיין איינער זאל ניט אנטלויפן פון פעלד, זיי האבן אראפגענומען די גאלדערנע פינגערלעך, זייגערלעך, ארויסגעריסן די גאלדערנע ציינער, אויסגעטאן די זאכן און אראפ־געצויגן די שיך מיט די שטיוול פון די פיס און צום סוף האבן זיי אויסגעפילט די ארבעט פון ווארפן די קרבנות אין די גריבער אריין, ניט קוקנדיק אויף דעם, צי זענען זיי אינגאנצן טויט, צי האלב לעבעדיק.

בלויז 2 קינדער האט זיך איינגעגעבן צו ראטעווען פון דער דאזיקער מורא׳דיקער שחיטה און אומבאמערקטערהייט צו אנטלויפן. בלאנקענדיק איבער די פעלדער האבן זיי זיך צוגעשלאגן צו א פארטיזאנער־אטריאד און אזוי ארום געבליבן לעבן.

* * *

אין שטאט האט זיך אפגעשפילט די צווייטע טייל פון דער מורא׳דיקער טראגעדיע.

די פרויען מיט די קליינע קינדער האבן באקומען א באפעל, נאכדעם ווי די מענער זענען ארויסגעפירט געווארן פון שטאט צו דער שחיטה, צו פארלאזן אין פארלויף פון א שעה דאוויד־הארადאק.

די עטלעכע מענער, וועלכע ס׳האט זיך איינגעגעבן אויסצובאהאלטן און ניט ארויסגיין צו דער „ארבעט״, און צווישן זיי דער רב ר׳ משה׳לע, חיים מוראווטשיק א. אנד. האבן זיך איבער־געטאן אין פרויען זאכן און זענען מיטגעגאנגען מיט אלע פרויען און קינדער. ביים בריק, אבער, זענען געשטאנען „האראדטשוקעס״ און האבן קאנטראלירט, צי זענען צווישן די פרויען ניטא קיין איבערגעטוענע מענער.

אלע איבערגעטוענע מענער, זענען דורך די „האראדטשוקעס״ דערקענט געווארן. זיי האבן זיי אויף אן אכזריותדיקן אופן צעשלאגן און דער׳נאך זיי געווארפן פון בריק אין טייך אריין.

אט אזוי האט זיך ארויסגעלאזט א מחנה פון עטלעכע טויזנט פרויען און קינדער אין א שוידערלעכן וועג פון וואנדערן, ניט וויסנדיק ווו צו גיין.

2 וואכן האבן זיי געוואנדערט איבער פעלדער, וועגן און אומוועגן. קיין איין שטאט האט זיי, טראץ די באמיאונגען פון יענע יידן, ניט געוואלט אויפנעמען. בלויז עטלעכע צענדליק פרויען און קינדער האט זיך איינגעגעבן איינצוארדענען ביי זייערע קרובים אין די ארומיקע שטעטלעך ווי: לאכווע, סטאלין און לונינעץ. די איבעריקע האבן 2 וואכן געוואנדערט, אויס־שטייענדיק הונגער, קעלט און פייניקונגען פון די פויערים, וועלכע פלעגן אויף זיי אנפאלן, שלאגן, פארגוואלטיקן א.א.וו.

אין פארלויף פון די דאזיקע 2 וואכן, זענען אלע, הפקר געבליבענע יידישע הייזער מיט יידיש האב און גוטס צעראבירט געווארן. פיל יידישע הייזער האבן די אַרומיקע דארפישע פויערים צענומען און איבערגעפירט אין די דערפער און אין פיל הייזער האבן זיך ארייגעקליבן די „האראדטשוקעס".

נאך א 2־וואכיקן וואנדערן זענען די פרויען מיט די קינדער צוריקגעקומען צו די טויערן פון דאוויד־האראדאק וועלכע האט זיי „באווילִיקט" אויפצונעמען. פארשטייט זיך, אז אין זייערע הייזער האָט מען זיי שוין ניט אריינגעלאזט און ס׳איז געשאפן געווארן פאר זיי אין א פּאָר געסלאך ווו ס׳זענען געווען גוישע הייזקעס, א געטא.

א יאר צייט האט דער דאזיקער געטא „עקזיסטירט". אין פארלויף פון דאזיקן יאר, איז מער ווי א העלפט אויסגעשטארבן פון עפידעמיעס, „צופעליקע מארדן" און פון הונגער (אפיציעל האבן די געטא־איינוווינער באקומען 100 גראם ברויט א טאג אויף יעדן קאפ — פאקטיש פלעגט מען מינימום 2 מאל אין וואך קיין ברויט איבערהויפט ניט פארטיילן).

נאך א יאר פון אומגעוויינלעכע יסורים און שרעקלעכע איבערלעבונגען, זענען אלע לעבנס־געבליבענע פרויען און קינדער, ווי אויך א 3—4 דערוואקסענע מענער, ווי צ.ב. וועלוול קושניר, וועלכן די דייטשן האבן פון דער מענער שחיטה איבערגעלאזט ביים לעבן, ווייל ער איז געווען א מומחה אין פאררינכטן ניי־מאשינעס — אלע זענען זיי אין א געוויסן טאג (ליידער ווייסן מיר ניט די דאטע) ארויסגעפירט געווארן צום זעלבן ארט, ווו די מערדער האבן מיט א יאר צוריק אומגעבראכט די מענער, און דערשאסן געווארן.

אט אזוי איז פארענדיקט געווארן די קרוב צו 500 יאריקע עקזיסטענץ פון יידישן ישוב אין דאוויד־האראדאק.

* * *

אין פארלויף פון דער 3־יאריקער היטלעריסטישער אקופאציע פון דאוויד־האראדאק האט א פארטיזאנער־אטריאד כמעט טאג־טעגלעך אפגעשטאט „וויזיטן" אין דאוויד־האראדאק פאראורזאכנדיק פיל שאדן די דייטשן און פיל קאפ־ווייטיק די „האראדטשוקעס".

די פארטיזאנער האבן פארברענט כמעט אלע יידישע הייזער אין שטאט, כדי די „האראדטשוקעס" זאלן ניט קענען געניסן פון יידיש האב און גוטס. זיי האבן אויפגעריסן די שטאטישע עלעקטרישע סטאנציע, זיי האבן פון מאל צו מאל געמאכט אנפאלן אויף דער שטאט ברענגענדיק צו מענטשלעכע קרבנות הן פון די דייטשן און הן פון די „האראדטשוקעס", זיי האבן אין פארלויף פון דער גאנצער צייט געהאלטן אין שפאנונג די שטאט.

אין דאזיקן פארטיזאנער־אטריאד האט זיך אויסגעצייכנט מיט אומגעוויינלעכן מוט און געוואגטקייט א יידיש מיידל (ווּעמענס נאמען און גורל ס׳איז אונז ליידער ניט באקאנט), וועלכע איז ביי יעדן אנפאל פון פארטיזאנער־אטריאד אויפן שטאט געווען תמיד די ערשטע און אפגעטראטן איז זי די לעצטע.

זי האט מיט איר העלדישן האלטן זיך געווארפן אן אימה אויף די דייטשן און „האראד־טשוקעס" און גלייכצייטיק צוגעגעבן מוט אירע חברים די פארטיזאנער.

* * *

אין 1944 איז דורך דער רויטער ארמיי באפרייט געווארן דאוויד־האראדאק פון די מערדערישע היטלעריסטישע אקופאנטן.

ליידער האט זיך שוין דאן קיין איין לעבעדיקער ייד אין שטאט ניט געפונען.

עטלעכע צענדליק אנפירער פון די „הארעדטשוקעס" זענען אנטלאפן צוזאמן מיט דער דייטשישער ארמיי.

עטלעכע פון די יידן, וועלכע זענען געראַטעוועט געווארן אדאנק דעם, וואס זיי זענען געוועזן אין צייט פון קריג אין ראטנפארבאנד, ווי: הערשל קארמאן, מיט זיינע 2 זין נטע און מאטעס (היינט אין ישראל), איצל נאכמאנאוויטש (היינט אין די פאראייניקטע־שטאטן פון אמעריקע), מענדל קראוטשיק (היינט אין ישראל) און ליטמאן מוראווטשיק (היינט אין ישראל) האבן נאך דער באפרייונג, באזוכנדיק דאוויד־הארעדאק געטראפן א חרובע פארברענטע שטאט אָן איין לעבעדיקן ייד און א ריזן ברודער־קבר, ווו ס'רוען די פארפייניקטע דאוויד־הארעדאקער יידן.

אין יעדן הויז פון די „הארעדטשוקעס" האבן זיי געזען יידיש מעבל און יידישע זאכן. אויפן מארק האבן די „הארעדטשוקעס" געהאנדלט מיט יידישע בגדים, מיט קאפאטעס; די פרויען פון די „הארעדטשוקעס" האבן געטראגן אויף די קעפ טיכלעך, געמאכטע פון יידישע טליתים.

זיי אלע האבן, אבער, קיין זאך ניט געוואוסט צו דערציילן. די גאנצע שולד האבן זיי געווארפן אויף די דייטשן און אויף די אנטלאפענע פירער פון די „הארעדטשוקעס"; זיי אליין דאגעגען „ווייסן גארניט", „באדויערן", „זענען דאן אין שטאט ניט געווען", „האבן אויך געליטן פונם דייטש" — מיט איין ווארט: גאט די נשמה שולדיקע שעפעלעך — כמעט מארטירער...

* * *

היינט צו טאג איז אין דאוויד־הארעדאק נישטא קיין איין ייד.

* * *

די שארית הפליטה איז אין איר גרעסטער מערהייט אין ישראל. עטלעכע זענען פארבליבן אין ראטנפארבאנד, אייניקע אין פוילן און געציילטע האבן אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא.

י. ליפשיץ

מאטל סלוצקי (ניו־יורק)

# דאוויד־האראדאק מיט 50 יאר צוריק

## (זכרונות)

שווער צו זאגן מיט וואס דאס קליינע שטעטעלע דאוויד־האראדאק זאל זיך שטארק אונטערשיידן פון אנדערע קליינע שטעטלעך, וועלכע זענען, ווי זי, ארייננגעשטעקט אין די טיפע בלאטעס פון פאלעסיע. כמעט זייער זעלבער שניט הייזער, גאסן, שולן, קראמען, מארק און די זעלבע פרנסות, צרות, ליידן און זארג.

דאוויד־האראדאק האט ניט ארויסגעגעבן פון זיך קיין אנשי־שם, אין וועמענס זכות זי וואלט געקענט צינדן פאר זיך א נר־תמיד אין דער געשיכטע פון די ווייסרוסישע יידן.

קאידאנאוו האט געשמט מיט דעם קאידאנאווער רבי; מיט אברהם רייזין; סטאלין האט זיך קונה־שם געווען מיט דעם סטאלינער רבי. דאוויד־האראדאק, האט, אבער, אזא מזל ניט געהאט.

דאך, פאר דעם געבוירענעם און דערצויגענעם אין דאוויד־האראדאק, האט דאס שטעטל אן אייביקן רייץ. „האראדאק־סאלאדאק״ — פלעגן זאגן די מיעשטשאנעס — א זיסע שטאט!

אפילו, ווען מען פלעגט זי פארלאזן יונגערהייט, נאך זייענדיק א יינגל — ווי די מערסטע דאוויד־האראדאקער, וועלכע לעבן יעצט אין אמעריקא — טראגט יעדערער ארום אין זיין הארץ א בענקשאפט נאך דער אלטער היים.

ווי פארשיידן ס'זאלן ניט זיין די זכרונות און די איינדרוקן, וואס יעדער איינער פון אונז,




די גרעבליע

דאוויד־האראדאקער, האט מיט זיך מיטגענומען פון זיינע יוגנט־יארן, וועט אבער דער טייך הארין, וועלכע לויפט דורך כמעט אין מיטן שטאט, ביי אלעמען אן אויסנאם איינגעקריצט זיין מיט ליבע אין זכרון.

ניט יודאוויטשעס מויער, ניט די גרעבליע, דער מארק, די אלשאנער־גאס, דער „לוזשאק", די „באלאטא", די אלפינער־גאס, די וועלעמיטשער־גאס, דער שול־הויף און די אלע גאסן און געסלאך ארום, ניט דער בארג, נאר דער טייך וועט אייך באגעגענען און אייך אפגעבן דעם ערשטן „ברוך הבא" — פון וועלכער זייט איר זאלט ניט אנקומען אין שטעטל.

ווו דער גורל זאל אייך ניט פארווארפן, צי אין די הייסע זאמדן פון מדבריות, צי ביי די ברעגעס פון פאסיפיק אדער אטלאנטיק — אויב נאר איר זייט א געבוירענער און דערצויגענער אין דאוויד־הארארדאק, — וועט אייך דער טייך נאכגיין אייער גאנצן לעבן און פארנעמען אן אנגעזעענעם ארט אין אייער געדעכעניש.



נהר „הורין" בימי גיאות
דער טייך „הארין" — פרילינג צייט

דער טייך הארין איז די אמתע „אשת חיל". זי איז די שפייזערין און פארזארגערין פון כמעט דאס גאנצע שטעטל. מאנכע מאכט זי רייך און אנדערע ארעם.

ביי איינעם רייסט זי אפ זיין הויף, די שטאל מיט דער בהמה און דעם צוויטן, אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג — שיט זי אן ערד פאר א סאד און גארטן.

דער טייך פירט שיפן, פליטן, בארזעס און פאראכאדן, ער פילט אן די פישער ניעוואדן (נעץ) מיט די בעסטע פיש, ער האדעוועט אוים אויף זיין שויס סטאדעס גענדז, וואס באשפייזן מיט זייער פלייש און שמאלץ די שטעטלדיקע איינוווינער און מאכן ווייך מיט זייער פוך די געלעגערס אויף די בעטן.

ווי שיין איז דער טייך זומער־צייט!

אויף זיינע ברעגעס גייט אן אן אומדערמידלעכע מענטשלעכע ארבעט סיי באטאג און סיי באנאכט.



שפת נהר „הורין" בדויד־הורודוק
דער ברעג פון טייך „האָרין" אין דאוויד־האראדאק

אט בויען זיך די גרויסע פראכט־שיפן: „בארלינעס", „גאנטשארעס", „טשייקעס" און „לייבעס"; אט שווימען געהילצן געבונדן אין פליטן, וואס גייען העט־ווייט קיין פרייסן; אט גייען די צוויי קליינע פאראכאדן „וויון" און „סטרעקאזא" — איינער קיין נירטשע און דער צווייטער קיין ווידיבאר—סטאלין. זיי, די פאראכאדן, זענען די פריילעכע „פארמיטלער" צווישן דאוויד־האראדאק און דער אויסערלעכער וועלט. זומער באדט מען זיך אין טייך, מ'שפילט זיך, מ'שפאצירט אויף גרויסן האלצערנעם בריק, מ'לויפט באגעגענען דעם אנקומענדן פאראכאד, כאטש מ'דערווארט קיינעם ניט....

אין די פארנאכטן, לאזט זיך די שטעטלדיקע יוגנט ארויס שפאצירן לענגאויס די ברעגעס פון טייך, הינטער מרדכי־זעליגס סאד, אין טשיפאוסקעס געסל, ארום דעם קלויסטער בארג, אויף טוריער שליאך, אויפן וועג צום כוואראסקער ווינט־מיל, אדער ביי די קוזשניעס אויפן „באלאטא"...

עס געדענקט זיך דאס שטעטל אין אירע פראספערישע טעג. ס'האבן דאן געשמט מיט זייער רייכטום אזעלכע גבירים ווי יודאוויטש, די ברעגמאנס, ליפמאן לאדעצקי, אהרן־לייב דער ארליער, לייבקע גרושקין. פסח יאשקעס און א פאר אנדערע. זיי זענען געווען די „מזרח־וואנט־יידן" פון „גרויסן" און „נגידישן" בתי־מדרשים.

דעם גרעסטן שטעמפל אויף דאוויד־האראדאק האט איבערגעלאזט יודאוויטש. ער האט פיל ארומגערייזט אין אויסלאנד און געבראכט מיט זיך קיין דאוויד־האראדאק „אייראפייאישע השגות". אים האט זיך, וואס אן אמת, ווייניקער איינגעגעבן צו אייראפייאיזירן דאוויד־האראדאק, ווי א שטייגער פיאטר דעם גרויסן מאסקווע, דאך האט יודאוויטש פיל בייגעטראגן, אז דאס שטעטל זאל פארשענערט ווערן.



יודאוויטשעס מויער

אט שטייען זיי פאר מיינע אויגן די געביידעס, וואס ער האט אויפגעבויט: יודאוויטשעס צווייטשטאקיקער מויער מיט די צעשפרייטע אדלער־פליגלען, פון ביידע זייטן, די האלבע זייט גאס געמויערטע קראמען, דער האטעל „אמאליא" אינם מויער, דער גרויסער סאד מיטן געמויערטן פלויט ארום אים, וואס האט דעם מויער ענלעך געמאכט צו א באראנען־שלאס פון מיטלאלטער, דער בריקעלע הינטערן סאד, וואס האט געפירט קיין זלאדעיעווקע. אט איז דער גרויסער בית־המדרש, וואס יודאוויטש האט אויפגעבויט אויפן שול־הויף אין א סטיל און געשמאק, וואס וואלט געפאסט גיכער פאר א דייטשישער שטאט, ווי פאר א שטעטל אין די פאלעסיער בלאטעס. יודאוויטשעס צעגעלניע אויפן אלפינער שליאך, וועלכע האט פראדוצירט ציגל מיטן איינגעפרעסטן קאליגראפישן רוסישן בוכשטאב 10 („יו"). דער שיינער אידילישער וואסער־מיל, וועלכען מ'האט גערופן „דער אלפינער מיל" — אן אויסגעבענקטער מאדעל פאר א פייזאזשן־מאלער. און אחרון אחרון, יודאוויטש אליין: זיין הויכע פיגור, דער אנגעגעסענער בויך, זיין שטרענג פריצישער פנים מיט די קאלטע שארפע גרויע אויגן. זיינע שפיציג־דין־פארדרייטע וואנסעס, וועלכע האבן דערמאנט דעם באראן הירש גינזבורג, זיין צילינדער־הוט און דער גראבער שטעקן מיט דער הירשן־הארן גאלקע.

עס האט אפגעבליט יודאוויטשעס צייט און די ברעגמאנס זענען ארויפגעשוואומען אויף דער פאן. זייער מסחר איז געווען בארלינעס. די בארלינעס האבן געפירט פראדוקטן פון פאלעסיע און ווייסרוסלאנד קיין אוקראינע און גרויס־רוסלאנד און פון די דניעפר ברעגעס צוריק קיין פאלעסיע.

די ברעגמאנס האבן צעבויט זייערע שפייכלערס פון דאוויד־האראדאק ביז קרעמענטשוג און יעקאטערינאסלאוו. די בארלינעס האבן געפירט ווייצנמעל פון קיעוו, פאלטאווע און כארקאוו;

צוקער, זאלץ, גרויפּן, אויל, קוילן און פיל אנדערע פּראָדוקטן איבער די וואַסערן פון פּריפּיעט און דניעפּר ביז די סאַמע פּאַראַגן.

זייער בוקסיר־פּאַראָכאָד „מאָנטיפּיארי״, פלעגט באַזוכן אונזער שטעטל נאָר איין מאָל אין יאָר. הערבסט צייט, איידער דער ווינטער קומט אָן און די טייך ווערט פאַרפרוירן, פלעגט דער פּאַראָכאָד ברענגען צושלעפּן אַ לאַנגן עשאַלאָן פון הויך־בייכיקע באַרלינעס און זיי איבערלאָזן דאָ אויף די ברעגעס פון האַרין, קעגנאיבער מאַכע רימאַרס ברעג אויף וועלכן מ׳האָט זיי אויפגעבויט, אויף איבערצוווינטערן.

מיט די באַרלינעס פלעגן אָנקומען אויך זייערע באַלעבאַטים. יאָסל, יענקל און מאָטל ברעגמאַן.

זייערע טייערע טכוירענע פּוטערס מיט די קאַטיקענע קוטשמעס האָבן צוגעגעבן אַ באַזונדערע חשיבות צו דער מזרח־וואַנט פון גרויסן בית־המדרש. אפילו דער סלאָנימער רב מיט זיין לאַנגער רויטער באָרד האָט אין זיין ווינקל נעבן ארון־קודש אויך צוגעקראָגן אַ באַזונדער וואַזשנעקייט מיטן אָנקומען פון די ברעגמאַנס.

אויך זיי האָבן אָבער אָפּגעבליט זייער צייט און אַנגעהויבן גיך צו וועלקן. דאָס איינציקע וואָס איז פון זיי פאַרבליבן איז דער רום פון יאָסל ברעגמאַנס שיינע טעכטער: גאָלדע ריינע, שפרה שרקע און די שענסטע פון זיי אַלע, רבקהלע ברעגמאַן.

די שפּעטערדיקע גבירים, וועלכע זענען אויפגעקומען נאָך די יודאַוויטשעס און ברעגמאַנס, ווי: לייבקע גרושקין, פּסח יאַשקעס, ליפּמאַן ליאַדעצקי און נאָך אַ פּאָר קלענערע זענען שוין געוועזן יידן, וועמענס פאַרמעגנס פלעגן זיך שוין ניט וואַרפן אַזוי אין די אויגן, ווי די פריערדיקע.

נייע ווינטן האָבן אַנגעהויבן בלאָזן איבער רוסלאַנד און זיי האָבן זיך אויך געלאָזט שפּירן אין אונדזער פאַרוואָרפן שטעטעלע.

* * *

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ גייען פאַר מיר דורך די ברויזנדיקע חדשים פון דער רעוואָלוציע כוואַליע פון 1905. ס׳איז פאַרשווונדן די כמעט אומבאַגרענעצטע הערשאַפט פון די גבירים איבערן שטעטל. מ׳האָט זיך שוין דאַן גערעכנט מיט דער דעה פון די „עסעראָווצעס״, „איסקראָווצעס״ און „בונדאָווצעס״.

אין אַ צייט אַרום, ווען די יוגנט האָט זיך איבערצייגט, אַז צו „אַלגעמיינע, דירעקטע און געהיימע וואַל־רעכט״ וועט זי זיך ניט דערשלאָגן, האָט זי באַשלאָסן אין שטעטל מער ניט־פאַרבלייבן. ס׳האָט זיך אַנגעהויבן די גרויסע מאַסן עמיגראַציע קיין אַמעריקע נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

אַ חוץ מרדכי לאַפּטשעוואַן, וועלכער האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן דאַוויד־האָראַדאָק — האָבן אַלע אַנדערע „ברידער און שוועסטער״ אַנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

דאָס שטעטל איז פאַראָרעמט געוואָרן און ווען ניט די הילף פון זין און טעכטער אין דער ווייטער אַמעריקע, וואָלט מען אויסגעגאַנגען פון הונגער.

עס האָבן שוין מער ניט אָפּגעקלונגען די לידער און די יונג־ברוסטיקע געלעכטערן פון דער יידישער יוגנט אויף די ברעגעס פון דעם טייך אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן. די שיפלעך זענען געשטאַנען פאַריתומטע צוגעבונדן ביי די טייך ברעגן. וואַקסט אונטער אַ בחור אָדער אַ מיידל — פאָרט מען קיין אַמעריקע.

אַן עכאָ פון די גרויזאַמע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן געבושעוועט איבער דער לענג און ברייט פון יידישע שטעט און שטעטלעך אין רוסלאַנד, האָט זיך אויך דערטראָגן קיין דאַוויד־האָראַדאָק. אַ האָראָדאָקער מיעשטשאַנין, זוכטער, האָט אין אַ דערבייאיקן דאָרף — אַרלי — דערמאָרדעט

מיט א האק א גאנצע יידישע משפחה פון זיבן נפשות. דער מארד איז אויסגעפירט געווארן ביינאכט, ווען אלע זענען געשלאפן. אן אימה איז אנגעפאלן אויף דער שטאט און אויף די ארומיקע דערפער. מ׳האט זיך דאן געגרייט אויף פאגראמען און דעם שוידערהאפטן מארד האט מען אנגענומען ווי א „נאדערויף".

עס געדענקט זיך ווי יעצט די שרעקלעכע לויה: די וועגענער מיט די הרוגים און מיט די בלוט פארפלעקטע בעטגעוואנט. יענער טראגישער פארנאכט מיט די וועגענער הרוגים איז ביז היינט איינגעקריצט אין זכרון ווי א שרעקלעכער קאשמאר.

* * *

דאוויד־הארעדאק האט פארמאגט פיל בעלי־מלאכות, קצבים, בעלי־עגלות, און פארשטייט זיך, הענדלער, קרעמער, פיש־הענדלער, מעקלארעס און כלי־קודש־מענטשן.

אין יענער צייט, זענען די קצבישע יאטקע־טישלעך געשטאנען אין מיטן מארק, דארט ווו ס׳שטייט יעצט דער קלויסטער. די שטעקנס צוגעקלאפט צו די ברעגן פון די טישן אויף וועלכע די וואגן פלעגן הענגען, האבן דעם מארק ענלעך געמאכט צו א גארטן פון בעבלאך.

עס קלינגט מיר נאך יעצט אין די אויערן דער געפילדער, זידלעריי, געשרייען, דער טעמפער קלאנג פון די העק אין די יאטקע־קלעצער און דער ווילדער ארומרייסן זיך פון די הינט צוליב א ביין. א שטיקל פלייש און צוליב „חזקה" פאר א יאטקע.

די קצבים פלעגן אריין צו אונז אין שטוב דאווענען „מנחה". אנשטאט א פארטוך, האנדטוך אדער נאז־טיכל, פלעגן זיי זיך באנוצן מיט די פארהאנגען אויף די פענסטער. ווען זיי האבן פארלאזט די שטוב נאכן דאווענען, פלעגן די פארהאנגען בלייבן הענגען ווי צוזאמענגעפלאכטענע פערדישע עקן... צופיל טענות צו זיי האט מען אבער ניט געקאנט האבן, ווייל וואלטן זיי געוואלט זיך אפווישן אן די פאלעס פון די קאפטנס, אדער מיט די ארבל פון די לייבלעך, וואלט זיך דאס זיי בשום אופן ניט איינגעגעבן. די הענט פלעגן זיך אראפגליטשן פון די, מיט פעטס און בלוט פארטינקעוועטע מלבושים און בלייבן נאס ווי פריער...

שבת צו נאכט פלעגן זיי קומען צו אונז אין שטוב, כדי זיך אפחשבונען צוליב די שותפותדיקע „שטיקלאך" וואס זיי פלעגן איינקויפן און קוילענען דורך דער וואך.

דער גרויסער שווארצער טיש אין עס־צימער איז געווען פארשריבן פון קרייד מיט קייקעלעך און פאסיקלעך. אפגעווישט מיטן פינגער אן עקעלע פון א האלבער קייקעלע און צוגעשטעלט פון אויבן א קעציש אויערל — אט דאס איז געווען זייער אריטמעטיקע, וואס נאר די קצבים האבן זי פארשטאנען. ס׳פלעגט אפט טרעפן, אז מיטאמאל איז אויסגעבראכן א געשריי מיט א קריגעריי, וואס פלעגט זיך ענדיקן מיט א געשלעג. און אויב שלאגן זיך, איז ניט אויף קאטאוועס: מ׳פלעגט זיך באמיען צו טרעפן אין די סאמע פילבארסטע קערפער־טיילן און ניט איין קצב איז נאך אזא געשלעג אוועק מיט „אפגעשלאגענע" לונגען און אנגעהויבן דערנאך מיאוס הוסטן...

מייך טאטע, פלעגט ביי די קצבים אפקויפן די פעלן און די טריפה פליישן און דערנאך עס אפשיקן אין די פאלקן פאר די סאלדאטן.

אויך די בעלי־עגלות פלעגן זיין אפטע ארייגייער צו אונז אין שטוב. זיי פלעגן פירן די פעל און די פליישן צו די שיפן, פאראכאדן און צום באן אין לאכווע.

די בעלי־עגלות זענען צוטיילט געווען אין גרופן. יעדע גרופע האט געהאט א מאנאפאל איבער א געוויסן מארשרוט. אזוי זענען געווען: „לאכווער" בעלי־עגלות „סטאלינער", „טוראווער" און „פינסקער". איין גרופע ביי דער צווייטער האט ניט משיג גבול געווען. אויסער זיי זענען

אויך געווען „מארק בעלי־עגלות". זיי פלעגן פאנאנדערפירן פון די הורטאוויניקעס צו די קרעמער א זעקל מעל, א פעסל גאזע אדער צופירן א ייד אין א שכנותדיקן דארף.

די קצבים און בעלי־עגלות זענען, וואס אן אמת, ניט געווען קיין „מזרח־וואנט זיצערס" אין שטעטל — דערפאר אבער זענען זיי געווען די איינציקע פאר וועמען סיי די שטאטישע און סיי די דארפישע גויים האבן געהאט דרך־ארץ.

פלעגט זיך א גוי אנטרינקען און צעיושען קעגן א יידן, אדער אין שענק, אין א קראם צי ביי די אויבסט און בייגל מולטערס אויפן מארק, איז גענוג געווען, אז עזרא דער קצב זאל צוקומען און „ארויפלייגן" זיין גרויסע קצבישע האנט אויף דעם גויס „פאטילניצע" און ס'איז געווארן שא שטיל.

אין דער צייט, ווען מ'האט זיך געריכט אויף פאגראמען אין שטעטל, האבן די קצבים און בעלי־עגלות געבילדעט די גרעסטע טייל פון דער ארגאניזירטער זעלבסטשוץ.

א חוץ די העק, די גירעס פון די וואגנס, די שווארענס פון די בעלי־עגלה'שע וועגנער האט מען זיך אויך צוגעגרייט מיט רעוואלווערן און מיט בלייענע נאהייקעס. מ'האט דאן געהאט פעסט באשלאסן, אז אין פאל פון א פאגראם, זאלן די גויים טייער באצאלן פאר אזא פרווו און מער זיך ניט אנהויבן מיט די יידן. דער סוף איז געווען, אז טראץ דער העצע פון די גלחים, האבן זיך די גויים ניט געוואגט ארויסצוגיין אין קאמף.

דאוויד־האראדאק איז רייך געווען אין שמידן, וועלכע האבן זיך געטיילט אויף פארשיידענע קאטעגאריעס. געווען שמידן, וועלכע האבן געארבעט פאר דער שיף־בויערײ אויף מאכע רימארס ברעג, זיי האבן געמאכט „סקאבקעס", „זשאבקעס", „יארשעס" מיט קעפ ווי לעבלאך ברויט און „שווארענעס" פאר די רודערס. געווען אזעלכע, וועלכע האבן געמאכט גלעקלעך פאר פערד, גויישע מעסערלעך, מעסערס פאר דער שטוב, האק־מעסערס, קליאמקעס, זאוויעסעס, און אייזערנע טירן פאר געמויערטע קראמען און קעלערס. געווען שמידן, וועלכע האבן נאר געשמידט „קופערטן". איינעם אזא געדענק איך — אייזל דער שמיד האט ער געהייסן. חוץ זיין מלאכה אין דער קוזשניע איז ער אויך געווען אן אויסגעצייכנטער בעל־תפילה. געווען ווידער אנדערע, וועלכע פלעגן שמידן פערד, רעדער און וועגענער; דערצו פלעגן זיי אויך געהערן צו חברה־קדישא און כאפן א טרונק בראנפן ביי א בר־מינן, וואס איז געווען אין שטעטל כמעט א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. דאס שטעטל האט אפילו אין נארמאלע צייטן געהאט מער לוויות ווי חתונות. א נס, וואס די דאוויד־הארדאקער פרויען האבן פארשטאנען די לאגע און זיך באמיט צו „דעקן" די אבידות. א דאוויד־הארדאקער פרוי, וואס האט געהאט ניט מער ווי א האלב טוץ קינדער איז פאררעכנט געווארן פאר אן עקרה...

די סטאלארעס פון שטעטל פלעגן אויסארבעטן „קופערטן". זיי פלעגן ארומפארן איבער די ירידים און פארקויפן די געשמידטע קאסטנס צו די פויערים. די מערהייט סטאלארעס האבן אבער אויסגעארבעט שטוב־מעבל, טירן, פענסטער און אנדערע שטוביקע זאכן.

בויערס און זעגערס האבן אין נארמאלע צייטן געארבעט אויף מאכע רימארס ברעג ביים בויען די בארזשעס, אויסער דעם האבן זיי געארבעט אויך פאר דער שטאט איבערהויפט נאך א שריפה. שריפות אין אונזער שטעטל, זענען דאן געווען גאנץ אפטע דערשיינונגען און אויב ס'פלעגט זיך אמאל א שריפה פארשפעטיקן, זענען שוין געווען אזעלכע, וואס האבן דעם דאזיקן „גאסט" „איינגעלאדן"...

שוסטערס האבן גענייט פאר דער שטאט און פאר טאנדעט. געווען געהויבענע שוסטערס, וואס האבן גענייט פון כראם, שוואראַ און ראסלעדער און אזעלכע, וועלכע האבן גענייט פון יוכט.

אויך שניידערס זענען געווען געטיילט אויף קאטעגאריעס. שניידער פאר גבירים און פאר ארעמע, געווען אפילו אזעלכע, וואס האבן קוים געצויגן די גרויפן אין וואסער פון קרופניק

די אָרעמע שניידערס האָבן זיך מפרנס געווען פון איבערנייען קליידונג פון עלטערע פאַר יינגערע, פון ווייבערישע אויף מאַנסבילשע א.א.וו.

געווען קירזשנערס, וואָס האָבן היטלען גענייט, איינעם אַזאַ קאָן מען עד היום ניט פאַרגעסן. אויסער אַ היטלמאַכער, האָט ער אויך געדינט פאַר אַ „שטאָט־זייגער". ווען מ׳האָט געהערט משה דעם קירזשנערס „אוזשליוון" הוסט קומענדיק פון מאַרק נאָך איידער דער האָן האָט אויסגעקרייט זיין ערשטן קריי, האָט מען געוווסט, אַז ס׳איז שוין צייט פאַר יידן אויפצושטיין צום ערשטן מנין...

דער איינציגער יידישער באַנדער אין שטעטל איז געווען עליע, אהרן־משה דעם רופא׳ס. דער אַלטער טאַטע, אהרן, האָט נאָך אויך געאַרבעט אויפן הויף. זיי פלעגן מאַכן דראַניצע, קאַיקעס, און פעסער. זיי פלעגן אויך אויסאַרבעטן זייער לאַנגע פעסער אין וועלכע מ׳פלעגט פאַקעווען קליוקווע (רויטע יאַגעדעס), וואָס די פויערים פלעגן אויפקלויבן אין די וועלדער פון פּאַלעסיע יעדן האַרבסט אין די טויזנטער פודן.

מוליאַרעס און מאַנכע שוסטערס האָבן געהאַט נאָך צוגאָב מלאכות אויף דערשטוקעווען זייער פרנסה, אַזוי אַרום, זענען עטלעכע שוסטערס אין דער זעלבער צייט געווען די כלי־זמרים פון שטעטל. דער „כליזמר על הכליזמרים" האָט אָבער געמוזט שטוקעווען די פרנסה מיט זיין אַ שערער און אַ פאַטאָגראַפיסט. דער קלאַרנעטיסט פון דער קאַפּעליע איז געווען אַ מוליאַר. דאַגעגן די „קליינע טרובע", די „גרויסע טרובע", און דער פויקער האָבן איידער דעם שפּילן אויף די חתונות געמאַכט פאַר חתן־כלה די שיך. דער פויקער האָט זיך אויך אַרויסגעהאָלפן מיט טראָגן „שלחמנות", זיין אַ „רופער" און... מיט אַ ביסל אונטערפּאַסטן...

דער זייגער־מאַכער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט „פאַרגיסן" קאַלאַשן. איינמאָל איז ער שיעור ניט פאַרבריענט געוואָרן צוליב דעם, וואָס דאָס בענזין האָט זיך פלוצים אָנגעצונדן.

דערפאַר, אָבער, איז דאַוויד־האָראָדאָק רייך געווען מיט רבנים און שוחטים — כמעט ווי מאָזיר און אפשר ווי פינסק. קיין שטעטל האָט זיך אַזוי ניט געקאָנט באַרימט מאַכן מיט אויסערהונגערן אַזויפיל רבנים ווי דאַוויד־האָראָדאָק. פאַרוואָס די רבנים האָבן אויסגעקליבן דווקא די שטאָט אויף צו פּראַווען תעניתים ווייסט נאָר גאָט אַליין...

צוויי פון די שוחטים זענען אויך געווען חזנים; דער שול־חזן ר׳ שמערל, וועלכער האָט געדאַוונט אין דער גרויסער כאָר־שול מיט אַן אייגענעם אויסגעשולטן כאָר און ר׳ לייבע, דער חזן פון גרויסן בית־המדרש.

* * *

דאַוויד־האָראָדאָק האָט דאַן געהאַט איר אייגענע דינאַסטיע „גוטע יידן". עס האָלטן זיך אויף זין און אייניקלעך פון דעם „אַלטן רבי". דער „אַלטער רבי", ר׳ישראל־יוסף האָט געשטאַמט, ווייזט אויס, פון וואָלין — פון קאָרעץ.

די גאַס אַרום דעם „אַלטן רב׳ס" בית־המדרש איז געווען באַזעצט מיט זיינע זין און טעכטער. זיי האָבן געלעבט אין דחקות אָבער מיט ווירדע וואָרעמענדיק זיך אונטער די ווייטע און שוין קאַלטע שטראַלן פון פאַרגאַנגענעם שטערן — זייער זיידן — דעם „אַלטן רבי".

דערפאַר איז געווען פריילעך און לעבעדיק אין סטאָלינער „שטיבל". ווער רעדט נאָך, ווען דער סטאָלינער רבי פלעגט אַראָפּקומען. דאַן פלעגן אַפילו די מתנגדים גיין אין זייערע בתי־מדרשים אויין דורך זייטיקע גאַסן און האַלטן זיך האַרט ביי די ווענט, מורא האָבנדיק אַריינכאַפּן אַ „זעץ" אין האַלדז און נאַקן פון אַ בגילופינדיקן סטאָלינער חסיד. דעם „אַלטן" רב׳ס חסידים האָבן זיך דאַן אוודאי געפילט דערנידעריקט און דערשלאָגן.

דאַוויד־האָראָדאָק איז געווען די קרוין שטאָט פאַרן רב ר׳ ישראל־יוסף; דאָס וואָס סטאָלין איז געווען פאַר ר׳ אהרעלען.

ר׳ ברוכ׳ל האט געהאט זיין אייגענעם בית־המדרש און זיינע אייגענע חסידים. ניט קיין רייכע יידן זענען זיי געווען ר׳ ברוכ׳לס חסידים, קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות, דאך האבן זיי זייער רב ניט געלאזט פאלן. און ווירקלעך, קוקנדיק אויפן הדרת־פנים פון דעם רב ר׳ ברוכ׳ל, זיין שיינע לאנגע, גרויע באָרד, זיינע קלוגע, גרויסע, טיפע אויגן; זיין פאטריארכאליש אברהם־אבינו אויסזען, וואלט קיין שטאט זיך ניט דערלויבט צו לאזן הונגערן אזא מענטשן גאנצע זיבן טעג אין וואך...

* * *

צווישן מנחה און מעריב־צייט אין גרויסן בית־המדרש. די שאטנס ווערן אלץ לענגער און ס׳ווערט אלץ טונקעלער ארום. אט זעט מען שוין כמעט גארניט דעם, וואס שטייטביים „עמוד״. מ׳הערט נאר זיין שטימע, וואס קלינגט אזוי מאדנע טרויעריק־זיס און גייט זיך פאנאנדער אין דער דעמערונג. דאס זאגט יאסל דער קצב „ברכי נפשי״.

שפעטער, נאך תפילת מעריב, וועט בערל דער שמש לערנען פאר דעם עולם דעם „שיעור״. דאן ווערט מזרח־וואנט אויס יחוס. ס׳מישן זיך אויס גבירים, סוחרים און בעלי־מלאכות. יחוס איז דער ווער ס׳קאן לערנען.

זיצן זיך טאקע אזוי, האנט ביי האנט, דער הדרת־פנימדיקער גביר פסח יאשקעס, יענקל שאשע־גיטלס, וועלוועל אסתר־חיה׳ס, משה נח־לייבס׳ מיט די קצבים — הערצל דער פראוויק, אייזיק לייבעלעס, געצל און אויך יידן בעלי־עגלות, ווי די צוויי ברידער וואלף און אלטער ארטשיקס.

ס׳איז זומער. די פינסקער בעלי־עגלות פארן קיין פינסק נאר ווינטער־צייט מיטן שליטן, דאן ווען די פאראכאדן גייען ניט. די ברידער וואלף און אלטער ציען זייער זומערדיקע פרנסה פון ארויסקאטשען קלעצער פון טייך, אויף שלמה פייגעלעס ברעג ווו מ׳בויט שיפן. דאס העכסטע וואס זיי פארדינען איז צוואנציק קאפיקעס א טאג. עס סטייעט, וואס אן אמת, נאר אויף זאמדיק־שווארצן ברויט, אפשר אויף א ביסל גרויפן פאר א קרופניק צו א שטיקל קישקע — א שווערער ארעמער לעבן טאקע, אבער דערפאר אין אוונט ביים „שיעור״ ווערט דאס אלץ פארגעסן. מען לערנט תורה!

בערל דעם שמש האט די שטאט סלוצק צוגענומען פאר א ראש־ישיבה און ר׳ דודל האט שוין דאן געלערנט מיט דעם עולם דעם „שיעור״.

נח פנחסעס, האט מיט די יידן אין דעם „אלטן רב׳ס״ בית־המדרש געלערנט „עין יעקב״. דער שול־מלמד, האט געלערנט מיט די יידן אין דער קאלטער־שול חומש מיט רש״י. נאר אין סטאלינער „שטיבל״ האט מען געהוליעט, געזונגען און געטאנצט, ווייל זיי „האבן ניט געגלויבט אין עצבות״.

און אט איז שוין ענדע זומער. עס רוקן זיך אן די ימים־נוראים. דער שמש קלאפט פארטאג מ׳זאל אויפשטיין צו סליחות. איך גיי מיט מיין טאטן אין „נגידישן״ בית־המדרש. ביים „עמוד״ שטייט יענקל ישיעס. זיין הייזעריקלעך־וויינענדיקע שטימע טענה׳ט, מאָנט און בעט זיך. די איבעריקע זאגן נאך און טרערן גיסן זיך פון זייערע אויגן. איך קוק אויפן ארון־קודש און ס׳דוכט זיך מיר, אז דער פרוכת וויגט זיך ווייל די שכינה אין דעם ארון וויינט און קלאגט אויפן ב׳טערן גורל פון פאלק ישראל.

* * *

אין שטאט איז פון דער פרעמד אראפגעקומען א זייער שיינער ייד. ער איז געווען אנגעטאן גרויס־שטעטיש, מיט א פעלערינע, א ווייכן הוט און א שטעקן אין האנט. זיין שיינער פנים באראמט אין א שווארצער ברייטער באָרד און זיינע שווארצע אויגן האבן אים ענלעך געמאכט צו ד״ר הערצל.

דאס איז געווען ישי אדלער. ער איז אנגעקומען פון קרינקי, גראדנער גובערנע און האט אין דאוויד־האראדאק געעפנט א „חדר" אויף צו לערנען מיט די קינדער עברית בעברית.

אנשטאט דעם אלטן באקאנטן „דרדקי־מלמד" מיט זיין „קאנטשיק" האט אדלער פאר־געשטעלט א טיפ פון א מאדערנעם לערער, וועלכער האט איינגעארדנט א חדר לויטן מאדערנעם סטיל. ריין, ציכטיק און דיסציפלינירט.

אין א צייט ארום איז ארופגעקומען אין שטעטל דער „קרומער העלפאנט". דאס איז דער אמתער נאמען פון דעם, וועלכער האט זיך דערנאך באריִמט געמאכט מיט זיין ליטעראַרישן פסעוודאנים א. ליטוואק.

מיט העלפאנטן איז אין שטעטל אראפגעקומען דער „בונד". אדאנק דעם „בונד" זענען דאוויד־האראדאקער בחורים און מיידלאך געווארן „ברידער און שוועסטער". ס'האבן אנגעהויבן אנגעקומען אין שטעטל סטודענטן אויף אפגעבן „אוראקן". ס'איז איינגעריכטעט געווארן אן אומלעגאלע ביבליאטעק, קאנספיראטיווע פארזאמלונגען, שפאלטונגען צווישן די פארשיידענע שיטות פון סאציאליסטישן און נאציאנאלן געדאנק, מיט איין ווארט — ס'איז געווארן זייער פריילעך און רירעווודיק אין דער האלב פארשלאפענער פאלעסיער שטאט אונזערער. דאס זענען געווען די יארן פון דער רעוואלוציע פון 1905.

אין א קאלטן ווינטערדיקן שבת, האט מען אויף א שליטן אין דער באגלייטונג פון א שטארקער פאליציייאישער וואך העלפאנטן אוועקגעפירט פון אונז אין א ווייטער טורמע אדער אין סיביר...

* * *

...ס'איז שווער אוועקצופארן פון דער שטאט, ווו מ'איז געבוירן געווארן און זיך דערצויגן. איבערהויפט איז שווער צו פארלאזן דעם שיינעם טייך. אט דא האסטו זיך געשפילט, זיך געבאדן, געפארן אויף לאדקעס, געגליטשט זיך אויפן אייז, געשטיפט מיט חברים און פאר די אלע שטיפערייען ארייגעכאפט פעטש און „שטורכאטשעס" פון טאטן, פון רבין און, להבדיל, קלעפ פון שקצים אין די טאג־טעגלעכע מלחמות, וואס מיר האבן געפירט מיט זיי...

און דאך איז דאס אלץ אזוי טיף איינגעבאקן אין הארצן אויפן גאנצן לעבן...

בערל נוימאן

## ערב שבת

(בילדער פון שטעטל)

**דער** זייגער שלאגט צוועלף. עס איז שוין האלבער טאג. די זון איז שוין אין מיטן הימל. דער ריח פון די פלעצלאך און פרישינקע בולקעס איז שוין לאנג מיטן ווינט פארשוווּנדן...

א נייער רויך גייט שוין יעצט ארויס פון די קוימענס. גלייך ווי די סטרונעס ציט זיך דער רויך אין הימל אריין און משרתי עליון נעמען אים ארויף אויף די פליגלען און ברענגען דעם „עמוד העשן" א מתנה פארן רבונו של עולם אויף שבת...

ביי גאר פלייסיקע באלעבאסטעס לאזט זיך שוין הערן אין דרויסן דער ריח פון טשאלנט און לאקשענעם קוגל...

נח דער שמיד (א צדיק א ייד געווען), האט שוין לאנג זיין קוזשניע פארמאכט און גייט מיט שנעלע טריט א היים,ער זאל חלילה ניט פארשפעטיקן מקבל פנים זיין דער שבת מלכתא; ווי אין פסוק שטייט: „המאחרים לצאת מן השבת וממהרים לבא".

אין מארק הערט זיך שוין דאס קלאפן פון שלעסער און ריגלען. ביי האלב פארמאכטע טירן, בלייבן נאך די קרעמער א ביסל שטיין, ווארפן א בליק אין פוסטן מארק אריין און איינער

נאכן אנדערן הויבן זיי אן, ניט איילנדיק זיך (אפשר וועט דאך אין דער לעצטער מינוט אנקומען נאך א קונה), צומאכן די קראמען.

ווען נישקע די קרעמערקע הויבט אן פארמאכן איר קראם, גיט זיך ליפא דער בעל־עגלה א רייב די פלייצע אן דער „האליאבליע" פון וואגן, גיט א הויב מיט די אקסלען, בכדי צו פארענדיקן דאס קראצן זיך און געבענדיק א בריטן הילכיקן גענעץ, קריכט ער לאנגזאם אויפן וואגן ארויף... זיין ווייס אויסגעדארט פערדל, בלינד אויף איין אויג, שלעפט קוים די פיס.

„„ניא" — גיט ער א זאג, — און דער פערד, ווי ער וואלט פארשטאנען, אז אויך פאר אים קומט אן דער רו־טאג לאזט זיך פריילעך אין וועג אריין.

ליפא דער ערשטער און נאך אים איזיק „די ציג" פון איין זייט, דער „ברילאנט" מיט זיין זון איצל (ביידע אויף איין וואגן) פון דער צווייטער זייט, אויסגעהארעוועטע יידן מיט הויקער־דיקע פלייצעס און פארמעליקטע קאמזוילן דערווייטערן זיך איינער פון אנדערן. אט אזוי צעשיידן זיך בעל־עגלות, געזעגענען זיך פון געמויערטן פלויט ארום דעם קלויסטער און פארן אהיים אויף שבת...

אויפן צווייטן זייט מארק, נעבן קאפלינסקיס אפטייק הויבן זיך אן צוזאמענצופארן די בכבודיקע בעלי־עגלות פון זייער רייזע קיין לאכווע.

גאר אן אנדער וועלט שטעלן זיי מיט זיך פאר. די פערד: געזונטע, אויסגעפאשעטע און גרויסע, די וועגענער: הויכע, מיט געפלאכטענע „פאלופישקעס" פון הינטן אנגעפילטע מיט שמעקענדיקן היי. ס'באפוצן זיי אויסגעבעטע, באקוועמע, איבערגעצויגענע געזעסן, וועלכע זענען פארויסגעזען פאר דער באקוועמלעכקייט פון זייערע „פאסאזשירן".

אנקומענדיק פון וועג, שטעלן זיי זיך אפ און כאפן א שמועס אויף דער שנעל.

שייקע „דער קייסער" הויבט אן דערציילן זיינע „נסים" פון דער רייזע, דערביי רימט ער שטארק זיין פערד, וועלכער הויבט אן דווקא אין דער מינוט „הירזשען", פונקט ווי ער וואלט פארשטאנען וועגן וואס ס'רעדט זיך....

„מיט מיין פערד קאן איך מיך אויך ניט פארשעמען, זאגט שטיל בנימין דער בעל־עגלה, געבענדיק מיטן בייטש־שטעקל א קיצל דעם פערד אונטערן בויך. דער פערד איז, ווייזט אויס, צופרידן פון קאמפלימענט וואס זיין באלעבאס האט אים געגעבן, גיט זיך א הויב אונטער און מאכט פלייסיק א גרוב אין דער ערד מיט זיינע הינטערשטע פיס...

אשרקע דער טויבער מיט דער שווארצער אויסגעשעטיפטער „פופאיקע", וועלכע איז איבערגעבונדן מיט א שטריק שפרינגט אונטער אינדערהויך הויבנדיק די הויזן. ער דערהערט ניט דעם געשפרעך, קריכט אריין אין מיטן, גלאצט אויס א פאר פריילעכע, בלישטשנדיקע קלוגע אויגן, נעמט אריין דעם קאפ צווישן די אקסלען, שטעלט אן דעם רעכטן אויער אביסל אין דער זייט און פרעגט שטיל — וועלנדיק אויך אריינגיין אין שמועס: „הא? וואס? איר זאגט עפעס?"...

„גארניט... גארניט" — זאגט יאסל דער געלער מיט א שטים פון „אונטערן נאז" — ניט דיר מיינט מען לייבקע, מ'מיינט דעם פערד".

א הילכיקער געלעכטער פון די בעלי־עגלות רייסט איבער די שטילקייט אין האלב פוסטן מארק.

אשרקע ווערט אבער ניט פארלארן. ער גיט זיך א דריי אויפן „פאדבאר" און לאזנדיק הערן א „כוואשטש" פון דער בייטש אין דער לופט לאכט ער גוטמוטיק מיט אלעמען צוזאמען.

דער אלטער דוד טשעסנאק, וועלכער האט זיך א ביסל פארשפעטיקט אין וועג קומט אן, שטעלט זיך אויף א ווילע אפ מיטן פערד און וואגן און ניט אראפגייענדיק פון וואגן גיט ער בכבודיק א זאג: „יידן ס'איז דאך שוין שפעט. ניטא קיין צייט. ס'איז דאך ערב שבת. מ'דארף כאפן א ביסל האבער פארן פערד און פארן אהיים".

זיין פערד נוצט דערווייל אויס די געלעגנהייט, פארהויבט דעם עק און ליידיקט אויס דעם מאגן... ער ווארפט מיטן עק אויף רעכטס און לינקס, טרייבנדיק פון זיך די פליגן און איז גרייט צו גיין אין שטאל אריין אויף שבת...

די בעלי־עגלות באשליסן אנטגילטיק, אז ס'איז שוין צייט אהיימצופארן ערשט דאן, ווען זיי זענען פונדערווייטנס שלמה־פנחסן, וועלכער איילט זיך מיט א פעקל וויסע וועש אונטערן ארעם אין באד אריין.

א באזונדערן חן האט פארמאגט די דאוויד־הארדאקער באד. אט שטייט זי פאר מיינע אויגן די לאנגע געביידע מיט די רויטע ציגל, די הויכע שמאלע פענסטער מיט די קליינע פיר־קאנטיקע שייבאלעך אין זיי.

אין ערשטן פאדער־הייזל פלעגט ליגן צוגעגרייט א בארג בעזעמלעך. אט הייצט זיך דער אויוון און ווארעמט אן דאס וואסער אין דאמף־קעסל וועלכער פלעגט „אפטראנספארטירן" דאס הייסע וואסער דורך רערן אין די צוויי גרויסע פעסער, וואס זענען געשטאנען אויף אייזערנע שינעס אינדערהויך, דערגרייכנדיק ביז צום דאך...

דער פינסטערער קארידאר, האט געפירט אין ערשטן גארדעראבע צימער, ווו ס'איז אין דער לינקער זייט געשטאנען א הויכע שאפע מיט אפגעצאמטע פירקאנטיקע קעסטעלעך פאר די מלבושים. אויף דער אנטקעגנדיקער זייט זענען געשטאנען הילצערנע בענק אויף אפצורוען זיך. פונדאנען האט אויך געפירט א טיר אין „שמייס באד" אריין.



בית המרחץ בדויד־הורודוק
די באד־געביידע אין דאוויד־הארדאק

די „שמייס באד", אדער ווי אנדערע האבן איר גערופן די „שוויץ־באד" האט מיט זיך פארגעשטעלט גאר אן אנדער „וועלט". גאנץ שווער האט זיך געעפנט די טיר, ווייל צוויי שווערע שטיינער, וועלכע זענען צו איר געווען מיט א שטריק צוגעבונדן האבן איר צוריקגעצויגן.

ניט אלע האבן געקענט אהין אריינגיין, ווייל ניט יעדער איז אומשטאנד געווען אויסהאלטן די היץ. ס'פלעגט אפט טרעפן, אז מ'האט געמוזט א פארחלשטן אפגיסן מיט א שעפל קאלט וואסער און אונטער די הענט אין צווייטן קאלטן צימער ארויספירן און אוועקלייגן אים אויף די קאלטע בעטאן בענק, כדי ער זאל צו זיך קומען.

און ס'איז טאקע קיין וואונדער ניט; די פארע איז געווען אזוי געדיכט און אויסגעמישט מיטן ריח פון קויטיקע וועש, וואס מ'פלעגט אויפהענגען אויף די שטעקנס, וואס זענען געווען פארוקט אויפן באלקען אינד'ערהויך, אז ניט יעדעס הארץ האט דאס געקאנט אויסהאלטן.

ד'ערפאר טאקע האט אזא שוואכער ייד ווי ברוך „דער ליאכער" קיינמאל ניט געפילט דעם טעם פון אויספאר'ען זיך אין דער יידישער דאוויד־האראדאקער „שוויץ־באד".

דער איינציקער, וואס האט זיך דארט געפילט גוט, נאך בעסער ווי ביי זיך אינדערהיים, איז געווען משה־מרדכי־זעליקס' דער גראבער. אייביק איז אים וויניק געווען די היץ. ווער רעדט נאך, אז ער פלעגט זיך צוזאמענטרעפן מיט מאיר־הערשלען דעם קצב — אים צו לענגערע יאר, — דאן איז די ארבעט געווען אין פולן ברען.

אט שרייט מאיר־הערשל מיט זיין הייזעריקער שטים: „דערלאנג נאך א שעפעלע!" (אריינצוגיסן א שעפעלע וואסער אויף די זודיקע הייסע שטיינער אין אויוון האט מען געדארפט זיין א מומחה און משה דער גראבער איז אויף דעם געווען א בעל־מלאכה...).

איין שעפעלע נאכן צווייטן, די היץ וואקסט, די פארע קאן מען שוין מיטן מעסער שניידן — א געדיכטעניש פשוט דערשטיקט צו ווערן, ערשט דאן גייען זיי ביידע ארויף אויף דער העכסטער טרעפ און די ארבעט הויבט זיך אן.

בעזימלעך הויבן זיך און לאזן זיך אראפ און צוטרייבן די פארע אויף אלע זייטן. איין שמייס און נאך א שמייס, און א דריטער, פינפטער און צענטער...

„איי, איי, איי" — שרייט איינער פון גרויס פארגעניגן — „אביסעלע העכער... אט, אט, אט... שטארקער... נאך שטארקער... גוט... גוט... איי...!

יעצט לייגט זיך דער צווייטער און דער ערשטער גיט אים אפ כפל כפליים.

און אזוי גייען צוויי אפגעשמיסענע יידן ארויס פונם שוויץ־באד, רויט ווי די בוראקעס, אבער געזונט. „איי איז דאס געווען א באד! זינט איך לעב!..."

און ווו גייען יידן נאכן „שוויץ" — אין מקוה. אין מקוה־צימער איז שוין געווען רואיקער. בלויז די קוויטשערייען פון די קינדערלאך, וועלכע האבן זיך „פאליושקעט" אין וואסער, האבן געשטערט די שטילקייט.

פון מקוה־צימער פירט א טיר אין א צימער, ווו ס'איז אויסגעשטעלט א שורה מיט ווייסע וואנעס. דאס צימער איז געווען פארויסגעזען פאר די נגידים.

און אט זעט מען אריינגייענדיק אין מקוה־צימער א הויכן ברייטביייניקן ייד. דאס איז מרדכי־לייב „דער גענעראל". ער גייט אראפ מיט זיכערע טריט איין טרעפל נאכן צווייטן, בלייבט שטיין אין מיטן מקוה און דאס וואסער גרייכט אים צו דער ברוסט. ער לייגט ארויף די הענט אויפן קאפ, בייגט זיך אביסל אונטער, גיט זיך א דריי רעכטס און לינקס, כדי צו מאכן קיילעכדיקע כוואליעס, וועלכע טרייבן פאנאנדער די בלעטלאך, וואס בלייבן צוגעקלעפט אויפן לייב נאך דער שוויץ־באד. ער טובלט זיך דריי מאל אפ, שטייט דערנאך אויף, ציט זיך אויס אין זיין גאנצער לענג און גלייכט אויס די געלע לאנגע בארד.

נאך אים גייט מיט דראבנע טריט, איינגעבויגן ביז צו דער ערד כמעט, דער אלטער

ר׳ וואלף הללס. נאך איידער ער גייט אראפ דעם לעצטן טרעפל פארשטעלט ער מיט די פינגער פון בײדע הענט אויערן, נאז און אויגן. ווען ער פארלאזט דאס לעצטע טרעפל, בלייבט ער שטיין אין וואסער און קוים וואס מ׳זעט אים דעם קאפ ארויס. שטייענדיק איז ער שוין געטובלט. דאך בייגט ער זיך דריי מאל ארונטער און קוים אפכאפנדיק דעם אטעם, גייט ער לאנגזאם ארויס רייבנדיק מיט איין האנט דאס פנים.

דער טאג שטייט ניט. די צייט לויפט. אין באד ווערט אלץ ווייניקער און ווייניקער. די גאסן ווערן אנגעפילט מיט שבת־דיקייט.

ס׳זעען זיך שוין ארויס דורך די פענסטער די גלאנציקע מעשענע לייכטערס און איבער־געדעקטע חלות אויף די קלאר ווייסע טישטעכער.

ארומגעוואשענע, אויסגעפוצטע מיט גלאנציקע שיכעלאך, דרייען זיך שוין קינדערלאך ארום אין די גאסן — און שיילן יאדער, וואס די מאמעס האבן זיי אין די קעשענקעס לכבוד שבת ארייגעלייגט.

מיידעלאך מיט געפלאכטענע צעפלאך און אויסגעצוואגענע, גלאנציקע מיט נאפט אויסגעוואשענע קעפלאך, בארימען זיך איינע פאר דער אנדערער מיט זייערע שיינע שבת־קליידעלאך.

מיט ווייסע געפרעסטע פאטשיילקעס אויף די קעפ, גייען ארויס אויפן גאנעק די באבעס און ווארטן אויף וועלוול ריישקעס, וועלכער גייט ארום איבער די גאסן מיט א שטעקן אין האנט און זאגט אן, קלאפנדיק מיטן שטעקן אין די לאדנס, אז מ׳דארף שוין ליכט בענטשן.

די זון הויבט אן צו פארגיין. דער טאג גייט אוועק און לאזט איבער דעם פלאץ פארן שטעטלשן הארציקן פרייטיק־צו־נאכט

פון די בתי־מדרשים לאזט זיך הערן דער טעמפולער ניגון פון „לכו נרננה לה׳ נריעה לצור ישענו“...

בערל נוימאן

## די באבע האט מיר דערציילט

(זכרונות)

**לאנגע** טבת אוונטן. אינדרויסן האט געברענט דער פראסט. די שויבן האבן זיך געבלימלט אין פארשיידענע שניי־שפיציקע בערג און געדיכטע טיפע בעריאזע וועלדער, דורך וועלכע מ׳האט קוים געזען די גאס.

אין שטוב, ביי א קליין נאפט לעמפעלע, וועלכער האט ציטערנדיק געווארפן טונקעלע שאטנס אויף די ווענט אויף וועלכע קינדערלאך האבן מורא געהאט צו קוקן, ווייל די באבע האט געזאגט, אז מיטן שטן טאר מען זיך ניט שפילן, ווארום שדים קאנען זיך חלומען, איז אין אזא אוונט געזעסן אויף א נידעריקן פוס־בענקעלע די באבע קעגנאיבער דער „רובע“ ארומגערינגלט מיט די אייניקלעך און געקוקט אויפן פייער, וואס האט פרייליך געטאנצט און געווארפן פייער־צונגען אין שווארצן פאררויכערטן קוימען אריין. פון מאל צו מאל האט די באבע אונטערגעווארפן אין פייער אריין א שמאלע לאנגע קינעלע וועלכע האט טראסקענדיק געווארפן פונקען אויף דער הילצערנער מיט פילינעס באשאטענער פאדלאגע.

פון צייט צו צייט האבן זיך פון דרויסן געלאזט הערן סקריפנדיקע טריט אויפן ווייסן געפרוירענעם שניי, וועלכע ווערן לאנגזאם, לאנגזאם פארשוווּנדן אין דער נאכטיקער שטילקייט אריין.

אין אזא טונקעלער אידיליע שטילקייט, האט די באבע באשע דערציילט אירע אייניקלעך, אז אמאל... גאר אמאל... האט איר באבע איר דערציילט... אז דער (האריין) איז געווען ווייט.... זייער ווייט הינטערן שטאט... און יאר איין יאר אויס האט דער טייך מיט זיינע אייז־קריעות לאנגזאם געשניטן די ברעגעס און מיט לאנגזאמע דורות־טריט זיך דערנענטערט צום שטעטל...

און אייניקלעך האבן די כשוף־מעשהלע פון אמאל ווארט ביי ווארט געשלונגען פון דער באבעס מויל... און קליינע קינדער קעפעלעך האבן ניט פארשטאנען, וויאזוי קאן דער טייך גיין...

דער פירקאנטיקער זייגער מיט זיין אוראלטער געבלימלטער ציפערבלאט און לאנגע מעשענע קייטן מיט די שווערע געוויכטער, וועלכע האבן דער גלאנציקער „אומרוה" הין און צוריק געשטויסן, האט מיט זיין קיינמאל ניט פארשפעטיקטן טיק־טאק... טיקטאק... די קינדערלעך אין דער באבעס שויס אין זיסע חלומות פון וואסער־פייען און מיט דער פראגע „ווי אזוי"... אויף די ליפן, אין א טיפן שלאף איינגעשלעפערט...

* * *

יארן לויפן און קינדערלעך וואקסן אין א נאיווער, צופרידענער, און שטילער באלעבא־טישער רואיקייט. אין געסלאך, פון א גאנץ יאר ניט אויסגעטרינקנטע בלאטעס, האדעווען זיי זיך, ניט האבנדיק די מעגליכקייט א בליק צו טאן, אפילו דורך א קליין פענסטערל, אין דער ברייטער וועלט ארײַן און ניט וויסנדיק וואס דארט טוט זיך.

איז טאקע קיין וואונדער ניט, וואס מיר, שוין אונטערגעוואקסענע קינדער, האבן ניט געקאנט פארשטעלן זיך אין אונזער פאנטאזיע א העכערן מענטש פון איציק דעם נירטשער, א רייכערן ייד פון מאכען און א שוואכערן פון דעם „מאלטשיק"...

צי איז נאך דא אין דער וועלט א פרימערע, גוט־הארציקערע יידענע ווי שרה־איטקע „די בלינדע" ?...

קאן דען געמאלט זיין א בעסערער מצה־שמורה־באקער ווי שמערל בייעזעס ?

און ווו געפינט מען אזא הארציקן זינגער, תהילים־זאגער און הקפות־פארטיילער ווי אברהם־יאסל ?...

וועלכע שטעטל אויף דער וועלט פארמאגט דען א בעסערן חזן מיט משוררים, ווי שמערל לאנסקי מיט זיין כאר ?...

און ווער קאן זיך גלייכן צו דער פרומקייט פונם „מלאכל", וועלכער האט, קיינמאל ניט באקלאגנדיק זיך, איבערגעטראגן מיט אן אייביקן שמייכל איובס צרות ?...

וועלכער יידישער ישוב איז נאך געבענטשט געווארן מיט אזא צדיק, ווי דער רב ר' דודל ?...

ווער נאך האט זוכה געווען צו פילן דעם טעם פון א חסידישן ניגונדל אין א שבתדיקן בין־השמשות ביים רבינס טיש, ווען יאסל קאלוזשני פלעגט פארגלאנצן די אויגן און מיט זיין דינער הארציקער שטים אנפילן דעם חלל פון חסידישן „שטיבל" מיט שבת־דיקע זמירות־טענער ?...

ווער האט דען געקאנט אזוי התלהבותדיק טאנצן אויפן רבינס' טיש ווי שיע דער טוריער ?...

צי איז בנמצא ערגעץ־ווו א קליגערער שוסטער ווי אייזל „טשופטשיק" און בעסערער שניידער ווי יאסל „פודריק"...

און נאך... און נאך פיל פיל יידן, זכרונם לברכה!...

אט אזוי „ווייט", האבן קינדערלעך געקוקט און אזויפיל האבן זיי פארשטאנען...

גליקלעכע, נאיווע, הארציקע קינדער־יארן...

* * *

אין פרילינג טעג, ווען די זון פלעגט ארויס פון איר ווינטערדיקן וואלקן־שלייער און צעוואַרעמען די פון א גאנץ ווינטער אנגעוואקסענע אייז־בערג, וואס האבן דערגרייכט ביז צום אפענעם מויל פון ברונעם אויף דער גאס; ווען די געלע אראפהענגנדיקע פון די שטרוי־דעכער ליכטלעך, וואס דער ווינטער פלעגט זיי אויסטאקן אין פארשיידענע קינסטלערישע פארמען, פלעגן אנהויבן טריפן ווארפנדיק שנעלע טראפנס אין דער אנגעשאטענער „פריזבע". וואס פלעגט אויך דינען פאר א זיץ־באנק אין די זומערדיקע פארנאכטן — אין אזעלכע פרילינג טעג פלעגן קינדערלעך מיט צופרידענע, גליקלעכע פנימלעך ארויסגיין צום טייך הארין און צוקוקן זיך ווי דער טייך וואקסט ארויס פון די ברעגעס און שלעפט, מיט א ווילדער קראפט, שטיקער אייז, וואס ווערן מיט א שרעקלעך געררויש צעשפאלטן און יאגן זיך, און קלעטערן ארויף איינער אויפן צווייטן, און גליטשן זיך אראפ, און פארשווינדן אין די טיפענישן פון אפגרונד, כדי זיך אין א ווײַלע ארום ווידער ארויפשטויסן און צעשניטן ווערן אויף די אייז־מעסערס וואס באשיצן דעם בריק פון פארניכטונג.

אט ווערן מיטגעריסן מיטן געוואלטיקן שטראם ביינער פון די קברים פון אלטן בית־הקברות, אט שווימען קלעצער, וואס דער ווילדער שטראם האט ארויסגעריסן פון אונטער די הייזער פון „מצרים־געסל", וועלכע קוקן שוין ארויס האלב אין וואסער אריין — שיער ביים איינפאלן.

די טייך רייסט דעם הויכן ברעג און רוקט זיך אלץ ווייטער — און ווייטער... און דאן האבן קינדערלעך פארשטאנען דער באבע באשעס מעשהלע פון אמאל... אז אמאל... גאר אמאל... איז די טייך געווען ווייט... זייער ווייט...

* * *

ווען ניט די פינסטערע, שווארצע היטלער־וואלקנס, וועלכע האבן פארדעקט די הימלען פון יידישע קהילות און אפגעווישט זיי פון דער אויבערפלאך ניט איבערלאזנדיק אפילו קיין זכר, וואלטן אייניקלעך אין דאוויד־הארדאק דערציילט אויך היינט זייערע קינדער, אז אמאל... גאר אמאל... איז געווען...

יזכור אלוהים את נשמות הקדושים!...

בערל נוימאן

ווילסטו זיך באקענען מיט אונדזער שטעטל? ווילסטו וויסן מיט וואס זי שמעקט?

אין די ביכער פון שלום־עליכם און פון מנדלי־מוכר־ספרים וועסטו געפינען א גרויסן טייל פון דעם, וואס אונדזער שטעטל האט אין זיך פארמאגט.

ווייל וואס האט זי דען ניט פארמאגט? ארימע־לייט, שמשים, גבאים און סתם כלל־טוערס; פראצענטניקעס, פאַרזארגער פון יתומים און סתם בעלי־טובות; א הקדש, א באד, א מקוה און ועל כלם... בלאטע! א ים פון בלאטע! ס'האט זיך אויסגעדוכט, אז ס'איז ניטא קיין שטיקעל ערד אויף דער גאנצער וועלט, וואס זאל זיין פריי פון בלאטע. בלאטע אין גאס, אויפן הויף, אויפן טראטואר און בלאטע ביז צום סאמע שטוב.

וואס איז דען ניט געטאן געווארן, כדי פטור צו ווערן פון די בלאטעס? פאר מיין צייט — געדענק איך — האט מען דריי מאל געהאטשעט די גאסן. און ווער געדענקט דאס ניט, ווי די גויים פלעגן אנפירן דעם כווארעסט און אויסלייגן אים הויך הויך לענג־אויס די גאסן און דערנאך אנשיטן ערד אויף דעם? מיינט איר דאך, אוודאי, אז ס'האט געהאלפן? א נעכטיקער טאג!

נאך אלע האטשענישן און ערד שיטן, אז מ׳פלעגט דארפן דורכגיין פאפיראק די גאס, אט לאמיר זאגן, נעבן משה־יודע ליפשיץ, אדער יודל שאצקי, אדער שמעון לייכטמאן — איז געווען ממש סכנות נפשות!

און אז עמיצער פון די אינווינער פלעגט שוין יא זיין אזוי גוטהארציק און אוועקלייגן א פאר ברעטלאך אין ברייט פון דער גאס, איז מיינסטו שוין, אז ס׳איז תורת לאקשן? אט גייסטו שוין דורך טרוקן־פוס? ס׳הויבט זיך ניט אן און ס׳לאזט זיך ניט אויס! ווי נאר דו שטעלסט אוועק איין פוס אויפן ברעטל, גיט זי זיך ארוק פארויס און זינקט איין אין בלאטע און דאן הויבט זיך אויף אינדערהויך דער צווייטער ברעג פון ברעטל און דו בלייבסט שטעקן מיט די שיך אין בלאטע, פארלירסט די גלייכגעוויכט און דו קוקסט שוין ניט, יא ברעטל — ניט ברעטל, דו טאפטשעסט אין דער בלאטע, אבי וואס גיכער זיין אויף דער צווייטער זייט גאס. און ווען דו קומסט שוין אן אויף דער צווייטער זייט, קוקסטו זיך ארום צי קיינער זעט ניט און באדויערט די שיך און די לאנגע הויזן, וואס זענען פול מיט בלאטע כמעט ביז די קני.

ארום גיטל יונה׳ס שטוב איז גלאט געווען א געוואלד! נעבן איר הויז, אויב איר געדענקט, איז דאך געווען דער מארק. אהין, אויפן מארק, זענען אלע הארעדאקער יידן געלאפן אינדערפרי... און ס׳איז טאקע געווען נאך וואס צו לויפן.

אויפן מארק איז געווען מכל טוב: ווילקעס, קאטשערעס, זאלינקעס, מולטערס, דייזשעס, לאפאטעס, צעבערס, פאמוניצעס, ווייקשאפטן, שיך או שטיוול — פרעגט וואס ניט?

היינט, ווער רעדט נאך פון עסנווארג? — וואס נאר דאס מויל האט געקאנט אויסריידן!

אט, למשל, אייזל „ליובעטש״ האט ליב געהאט גרויסע יאזן — איז ער געלאפן קויפן גרויסע פיש... מענדל „דער בראצקער״, ווידער, האט זיך געקאנט פארגינען נאר קליינע פלאטקאלאך — איז ער אויך געלאפן כאפן א הורביטשקע פלאטקעס.

גאנץ פרי, באגינען, גייען שוין אין גאס ביידע ברידער אייזיק בערושעס און שמואל־מיכל. זיי גייען פון ערשטן מנין מיט די טליתים אונטער די ארמס. ווו, א שטייגער, גייען זיי? אויפן מארק!

איינער קויפט א בינטל היי פאר דער בהמה און דער צווייטער — א קנויל פראסטע פאדים אויף צו נייען די סוויטקעס פאר די פוערים.

א סאך יידן, האבן בכלל ליב געהאט צו גיין אויפן מארק און זיך צוקוקן ווי מען קויפט און פארקויפט און אפשר וועט מען דערביי אויך קאנען כאפן א שטיקל מציאה!

אט, לאמיר זאגן, אזא משה׳ל „פיעטשקאליפ״ האט סתם ליב געהאט ארויסגיין מיט זיין שטעקעלע און קלייבן נחת פון אלץ... צייט האט ער, ברוך־השם, אייביק געהאט. בערל „פיסטאַ־לעט״, האט אויך ניט פיינט געהאט אזעלכע פארגעניגנס. איז טאקע, ווען זיי ביידע פלעגען זיך אויפן ניכטערן מאגן באגעגענען אויפן מארק, האבן זיי זיך אויסגעקליבן א באקוועמען „סטראטע־גישן״ פונקט און טרייבן הלצות און לאכן פון דער וועלט...

אט אזוי, איז גאנץ שטאט אהין, ווער געלאפן און ווער געגאנגען.

חיה־לאה שמאיעכעס איז געלאפן פארקויפן געפרעגלטע גריוון און פעטע אבדזשירקעס; שאשקע קארמאן איז געלאפן פארקויפן פרישינקע בייגל; נאכע שרה׳ינקעס איז געלאפן מיט א וואגן עפל און נאכע קאץ איז געגאנגען מיט שנעלע טריט, — אפשר מאכט זיך א ביסל חזיר־האר צו קויפן.

ווי ביים טאטן אין וויינגארטן האט זיך דארט געפילט שמחה „דער יאפאניעץ״. א ברייט־פלייציקער און גראב־פיסיקער מיט א פאר פישער שטיוול ארויפגעצויגן ביז צו די פאכוועס, א שטריק פארבונדן אויף דער פאדיאווקע פון וועלכער עס הענגען אראפ צוויי עקן אין ביידע זייטן, ווי ביי א חסיד דער גארטל — דרייט ער זיך ארום אויפן מארק און זוכט פרנסה.

ווייזט אויס, אז ער האט געהאט גרויסע פאליפן, ווייל זיין נאז איז תמיד געווען א ביסעלע

געשוואלן און גערעדט האט ער אביסעלע „האניוועֿ“. דאס האט אים אבער גארניט געשטערט אוועקצוטראגן עמיצן א פאר פוד קארטאפל אויפן פלייצע, אדער פייגעלע בייצל׳ס דעם קאשיק אין שטוב אריין. אינדערמאמתן האט ער זיך געשניטן צו זיין א באלעגאלע, אבער צו קיין פערד איז ער קיינמאל ניט צוגעקומען.

* * *

ס׳פרעסט מיך, חס ושלום, ניט אויף די קנאה, נאר בעסער פון אלע האבן ביי אונז געהאט די ווייבער.

ראשית־כל, האט א הארדאקער ייד ליב געהאט זיין ווייב והשנית, האט זי שווער ניט געארבעט.

א זאשיק קארטאפל, א פעסל געשאטקעוועטע קרויט געמישט מיט רויטע יאגעדעס און א פאס זויערע אוגערקעס מיט באקלאזשאנעס איז געווען אראפגעשטעלט אין קעלער; הירזש, באבלאך, גרויפן, רעטשינע קאשע — דאס האט יעדערער געהאט א זאפאס; א דייזשע ברויט פלעגט מען פארקנעטן אויף א גאנצער וואך... מילך? — וועלכער הארדאקער ייד האט דאס ניט געהאט שטיין א בהמה אין שטאל? נו, איז אויסער אריינטראגן א ברעמיע האלץ, איינהייצן דעם אויוון צושטעלן דעם וואַרמעס און אויסקערן די שטוב, איז ניט געווען וואס צו טאן. איז טאקע געבליבן געננוג צייט צו שטיין אין פענסטער און קוקן ווער עס גייט פארביי אין גאס.

שטייט די מאמע אין איין פענסטער, שטייט די טאכטער אין צווייטן און מ׳בארעדט די גאס.

גייט פארביי דער חזן מיט א פאר מענטשן, זאגט די טאכטער: מאמע, דו זעסט, מסתמא איז ביי וועמען א ברית; גייט פארביי יאסל דער שמיד מיט דער פארבונדענער אויג — מאמע, ווער איז געשטארבן? האט מען געזען אנקומען פונוויטן א פאליציאנט, פארשווינדן זיי בידע, די מאמע מיט דער טאכטער, שנעל פון פענסטער און ארויסכאפנדיק זיך פון דער הינטערשטער טיר מיט בעזעמער אין די הענט, הויבט מען אן — צי מען דארף, צי מען דארף ניט — קערן די גאס, ווייל זיי זענען זיכער, אז ער גייט מאכן א פראטאקאל.

אט גייט פארביי עליע „יאפעס“ מיט א צעטל פון גמילות־חסדים־קאסע. ער גייט און דריזשעט, נעבאך, פאר קעלט.

ישראל „דער פוילער“, פון פאך א היטל־מאכער, טראגט א פאר אויטשינעס אויף אויס־צושניידן ווארעמע קוטשמעס פאר די גויים אויף ווינטער. גייט און שלעפט דעם הינטן, קאטשענ־דיק זיך ווי א פעסעלע.

שנעל שפרינגט משה׳ל לאזערס און האלט אין איין הויבן מיט די אקסלען. ער הוקעט און שפייט או רעדט צו זיך אליין.

וועלוול קושניר שפאנט אויך מיט זיינע לאנגע פיס, פארררייסנדיק דעם קאפ אינדערהויך. קוים וואס ער זאגט עמיצן גוט־מארגן. ער טראגט מיט זיך זיין פידל און גייט פארוויילן ריוועלע יודאוויטש מיט א קאנצערט.

אט גייט פארביי שרה־לאה „די כלה“ מיט א גרויסן פעקל אונטערן פאטשיילע. לאנגזאם, טראט ביי טראט גייט זי, פונקט ווי זי וואלט געהאלטן אין איין ציילן אירע טריט. נאך איר גייט דער זון זעליג. ער גייט גלייך ווי א סטרונע, פונקט ווי ער וואלט האבן איינגעשלונגן א שטעקן, ער גיט זיך קיין בויג ניט, כאטש נעם און שטעל אים אוועק א גלאז וואסער אויפן קאפ.

און אזוי גייען פארביי יונגע און אלטע, מענער און פרויען, ליידיקגייערס און בעלי־מלאכות.

משה׳ל מנחם׳ס מיט א קעסטל געצייג און א זעג אין דער האנט; שלמקה בן־ציונ׳ס טראגט עמיצן א קאסטיום צום מעסטן; דודביילקעס איילט זיך צום פאראכאד און דער אלטער „בויקאטש“ האט זיך שוין אריינגעווארפן אין שווארצן ווינטערדיקן פאלטא מיטן געלן טכוירענעם, אויסגעריבענעם קאלנער, וועלכער געדיינקט נאך כמיעלניצקעס צייטן, ער גייט „זייטאם“, האלט

די הענט פארשטעקט אין די ארבל און שאקלט צו מיטן קאפ.

וועגן יעדן איינעם האט מען, פארשטענדליך, וואס צו זאגן:

חיים־יענקל „דער האניק־קוועטשער" איז צו נידעריק,

איסר גורוויטש איז צו הויך.

אברהמל לעווין איז צו דיק,

און שמואל „דער פעטשקור" איז צו דאר.

אן אייגנארטיקע און באליבטע באשעפטיקונג איז דאס שטיין אין פענסטער און ס'ווערט טאקע ניט מיאוס אפצושטיין שעה'ן־לאנג.

אן אומעט פלעגט אבער ארויפפאלן אויף די פענסטער־קוקערינס, ווען מ'האט דערזען פארביילויפנדיק מיט דראבנע טריטלאך דעם דאקטאר שאלקאוור. מסתמא איז שוין ווער גוט גוט קראנק.

בסך־הכל האבן מיר געהאט איין דאקטאר אין שטעטל. מיינט איר וואס? מיר האבן געהאט גענוג! ערשטנס, האט אים גאט געשענקט שטארקע פיס — איז ער שטענדיק געלאפן, כדי אלעמען צופרידנשטעלן; און צווייטנס, פלעגט שוין יעדערער אליין וויסן וואס צו טאן מיט זיין קראנקן.

איז עמיצער ביי אונז קראנק געווארן, האט מען געוווסט, אז ראשית חכמה דארף מען אים אויפהערן געבן עסן.

טאמער איז ער דערנאך אפגעשוואכט געווארן און די היץ האט זיך געהויבן, איז שנית־חכמה — א קאפשוק ליאד צום קאפ.

אז דער קראנקער איז געווארן גאר גוט אפגעשוואכט, פון ניט עסן, פארשטייט זיך, און כדבעי־דיק צוגעקילט פון קאפשוק ליאד — דאן פלעגן זיך שוין שכנים אריינמישן און געבן אן עצה, אז מ'דארף שטעלן פיאווקעס — דא איז געווען חכמה נומער דריי.

און אז די פיאווקעס פלעגן דאס לעצט ביסל בלוט אויסזויגן און דער מלאך־המות איז שוין געשטאנען צוקאפנס, איז מען דאן געלאפן אין שול אריין, קלאפן אין ארון־קודש און בעטן רחמים.

ערשט דערנאך פלעגט מען לויפן צום דאקטאר און פארלאנגען פון אים ער זאל ראטעווען דעם חולה מסוכן.

נאר פונדעסטוועגן זענען הארדאקער יידן בדרך כלל געווען געזונט און שמחים בחלקם.

אממערסטן פלעגט מען ביי אונז קראנק זיין אויף „עין־הרע". דערויף האבן מיר געהאט א באזונדערע „דאקטארין" — פייגל די שמידערקע.

זי האט געהאלטן אין איין שפרעכן און שפייען, הוקען און שפייען און אירער א שפרוך האט טאקע געהאלפן. און ניט נאר דאס: האט איינער באקומען א געשווילעכץ אויפן אויג, אדער א גערשט, אדער אזוי א מכה, האט אים פייגל די שמידערקע אויסגעלעקט מיטן צונג און איר לעק האט טאקע געהאלפן. היינט ווער רעדט נאך וועגן אפשפרעכן א רויז? — אויף דעם איז צו איר קיין גלייכן ניט געווען!...

יא געהאלפן ניט געהאלפן, דער עיקר — מ'האט געגלויבט, אז ס'וועט העלפן. ווייל הארא־דאקער יידן זענען גלויביקע!

האבן דען הארדאקער מאמעס ניט געגלויבט, אז ס'איז דא אין הימל א גוטהארציקע שרה בת־טובים, וועלכע ווערט אראפגעשיקט פון הימל אפצוהיטן א יידישע קימפעטארין מיט איר ניי־געבארן עופה'לה? און פארוואס טאקע זאל מען ניט גלויבן? — ס'שטייט דאך בפירוש געשריבן אין טייטש־חומש!

און מ'גלויבט אויך אין דער סטרא־אחרא, רחמנא לצלן, וואס וויל דורך פארשיידענע אופנים און אפנארערייען דאס קינד צו דער טומאה פאנגען. זענען טאקע הארדאקער יידישע מאמעס מקפיד צו פארטיילן גוטע זאכן פאר קליינע חדר־יינגלאך, זיי זאלן גערן יעדן אויפדערנאכט

קומען קרישמע (קריאת־שמע) זאגן. דערצו נאך פלעגט מען אויפהענגען „שיר־המעלות׳ן" אויף יעדן פענסטער און טיר, וועלכע פארשטעלן יעדן אפענעם אריינגאנג פאר מזיקים און ניט־גוטע.

האראדאקער יידן האבן געגלויבט אין אלץ, נאר אין איין זאך האבן זיי ניט געגלויבט. זיי האבן ניט געגלויבט, אז ס׳קאן קומען א צייט, ווען חיות אין געשטאלט פון מענטשן וועלן ווען ס׳איז הויבן אויף זיי א האנט און זיי אומברחמנותדיק אומברענגען.

גוטמוטיקע, נאיווע, הארציקע יידישע מוטערס און פאטערס, קינדער און אלטע־לייט, סוחרים, בעלי־מלאכות, ארבעטער און הארעפאשניקעס!

מיטן „אני מאמין" אויף די ליפן זענט איר געפירט געווארן צו דער מאסן־שחיטה.

ווי גרויס איז דער בראך, ווען מ׳דארף וועגן אייך שרייבן אין דער שפראך פון פארגאנגע־הייט...

יצחק נאכמאנאוויטש

## ד.־הארадאק ביזן קריג

**דאוויד־הארадאק** — א קליין שטעטעלע, א קליינער קולטור־אינזעלע אין א ים פון פאלעסיער פינסטערניש און אפגעשטאנענקייט. נאענט צו גאט און ווייט פון מענטשן, ווייל דערלאנגען זיך אהין איז געווען ניט פון די לייכטע זאכן. מיטן פור פון אייזנבאן־סטאציע, אן ערך 25 קילאמעטער, איבער א בלאטיקן וועג, אדער זומער מיטן „פאראכאד" פון פינסק — 14 ביז 18 שעה רייזע מיטן וואסער דורך דיווילדע, אייביק דרימלענדע וועלדער און זומפן פון פאלעסיע.

דער פריש אנגעקומענער מענטש, האט דא קיין באזונדערס ניט געקאנט מערקן. קליינע הייזלעך טוליען זיך צו דער מוטער־ערד, אזוי ווי זיי וואלטן געוואלט איינזינקען אין איר. אגב, עס איז דא געווען א גאס — „מצרים־גאס" האט איר דער פאלקס־נאמען גערופן — ווו הייזקעס זענען שוין ביז העלפט געווען איינגעזונקען אין דער ערד.

אויסערליך האט זיך דאס שטעטל מיט גארניט רעקלאמירט. דאגעגען, ווען ס׳האט געקוקט אויף דעם אן אייגענער מענטש, אן ארטיקער איינוווינער, וועלכער האט באוויזן צו פארזוכן, דאס ארטיקע לעבן, דאס זיסע קערנדל פון אונטער דער דרויסנדיקער גרויער שאלעכץ, דאס לעבן פון די קליינע הייזעלעך מיט זייערע ליידן און פריידן, האט ער געפילט אין דעם א באזונדערן טעם.

אין אלגעמיין איז דאוויד־הארадאק געווען אן אייגנארטיק און אינטערסאנט שטעטל. געוווינט האבן דארט ארום 18 טויזנט איינוווינער, פון וועלכע א 7—8 טויזנט זענען געווען יידן און די איבעריקע ווייסרוסן מיט א קליינעם פראצענט פאליאקן.

יאר־הונדערטער זענען פארביי, פיל שטורעמס און מלחמה׳ס מיט פארשיידענע באנדעס זענען פארשוווּנדן און דאס לעבן אין שטעטל האט זיך ניט געענדערט. די באציאונגען צווישן די איינוווינער אין שטעטל זענען, אין אלגעמיין, געווען ניט קיין שלעכטע. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין שטעטל איז אריין באלאכאוויטש מיט זיין באנדע, האבן די ווייסרוסן פארהיט די יידן פון טויט, אויסבאהאלטנדיק זיי ביי זיך. די סאלידארישקייט פון דער באפעלקערונג האט זיך אויך ארויסגעוויזן, ווען אין א צייט ארום זענען געקומען רויט־ארמייער און געוואלט רעקווירירן ביי דעם פוילישן פריץ די בהמות. די יידן מיט די ווייסרוסן האבן ניט איינגעשטימט מיט דעם און געשטעלט א פיזישן ווידערשטאנד. דאס שטעטל איז

דאן באשטראפט געווארן מיט א שטראף־עקספעדיציע, וועלכע האט געשאסן די אנגעזעענסטע פערזאנען פון שטעטל. אזוי איז דאן דערשאסן געווארן בייצל יודאוויטש זכרונו לברכה. נאכהער, ווען אין שטעטל זענען אריין די ערשטע פאליאקן — אויך גאנץ „ווילע יונגען" — האט דער פוילישער קסיאנדז פיל יידן אויסבאהאלטן ביי זיך.

אזוי זענען פארביי פיל יארן. לענדער זענען פון ד'ער אויבערפלאך אפגעווישט געווארן, רעזשימען האבן זיך געביטן און אין דאוויד־הארא־דאק האט דאס לעבן געפלאסן אן קיינע ענדערונגען.

ס'האט געהערשט א שטילקייט — עפעס א געמיטלעכע שטילקייט. געמיטלעך האבן דא אפילו די „געטער" געלעבט... קעגנאיבער דעם קלויסטער זענען געשטאנען די יידישע שולן און בתי־מדרשים און אלץ איז אזוי נארמאל געווען.

אויב עס זענען געווען פאזיטיווע אייגנשאפטן אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, האט איר דאס אין דאוויד־הארא־דאק געקאנט טרעפן.

פאליטיש אנטוויקלט, אבער מיט אן אינהאלט פון עטיק, דורכגעדרונגען מיט געפילן פון ברידערלעכקייט דורך אלע פארטייען און ארגאניזאציעס. דער מזרחיסט מיטן קאמוניסט האבן זיך יום־כיפור געטראפן אין שול. ס'זענען ניט געווען קיין גרויסע „פירער" — אלע גלייך; יונג און אלט האבן זיך געטראפן ביי זייער ארבעט. יעדער האט געוווסט זיין פלאץ. א שאד, באמת, וואס שלום־עליכם איז דארט, זיינער צייט, ניט געווען, ווייל דארט האט ער געהאט אריגינעלערע פאלקסטימלעכקייט ווי' אין קבצנסק אדער כתרילעווקע. יעדער מענטש איז געווען, אן און פאר זיך, אריגינעל.

יעדער פון זיי א לעבעדיקער „נח פאנדרע"; אפילו נעמען ענלעכע, למשל: אברמ'ל דער ממזר, שאיע דער קיסר, דוד דער בריליאנט„ יודע די סקולקע א.א.וו. א.א.וו.

אייגפאך, באשיידן, ארעם אבער שטענדיק פריילעך און פון יעדן מיט זיינע וויצן און זיטן, וואלט מען געקאנט א בוך אנשרייבן.

עס איז שווער איבער צוגעבן די אריגינעלקייט און באשיידנקייט; דער פרומסטער האט קיין פיאות און קאפאטע ניט געטראגן. דער אינטעליגענטסטער האט זיך מיט מאמע־לשון באנוצט. ס'זענען ניט געווען קיין „מאניעקס" און „מאציעקס", דאגעגן זענען חיים און בערל געווען אינהאלטסרייכער און ווארטפולער. ס'זענען געווען 2 רייכע ביבליאטעקן מיט די נייסטע ביכער, וועלכע זענען נאכן שווערן ארבעטס־טאג געלייענט געווארן. ארבעט און קולטור האבן דא געשפרייזט האנט ביי האנט.

א מוסטערהאפטע יוגנט האט זיך דערצויגן אין דער פרעכטיק איינגעארדנטער „תרבות"־שולע — אלץ אין דער העברעאישער שפראך.

נאכן ענדיקן די 8 קלאסן פון דער שולע, האבן פיל פון די אבסאלווענטן געפארן ווייטער זיך לערנען. אין פינסק און אין ווילנע האבן זיך זיינער־צייט געלערנט אין די מיטל־און הויך־שולן א 100 יוגנטלעכע פון דאוויד־הארא־דאק. אזוי איז געווען ביזן קריג.

# הארדאקער דינאסטיע

## פון דעם בוך „על החסידות״ פון ד״ר רבינוביץ, וואס דארף דערשיינען

**בערך** אנהויב פון 19־טן יארהונדערט איז אין שטעטל דאוויד־הארדאק, נעבן פינסק, און נאך נענטער צו סטאלין, געגרינדעט געווארן א זעלבסטשטענדיקע חסידישע דינאסטיע. אירע אנהייגער זענען אין דער סביבה פון פינסק געווען באקאנט מיט דעם נאמען „הארדאקער חסידים״ (צו אונטערשיידן פון ר׳ מנחם מענדל וויטעבסקער, וועלכער האט אויך געטראגן דעמזעלבן נאמען). דאס איז געווען דער קלענסטער צווייג פון די חסידישע דינאסטיעס אויף פאלעסיע און האט געהאט זיינע חסידים אין דעם איינגן קרייז: דאוויד־הארדאק — לאכווע — לונינעץ — פינסק, קאז׳אנהארדאק. גענוי ווי די לעבעשייער חסידים האבן געפונען זייער ארט מערבדיק פון פינסק, צווישן פינסק און קאברין, איז די קליין גרופע פון הארדאקער חסידים געווען מזרחדיקער פון פינסק, צווישן פינסק און לאכווע. דער גרינדער פון דער דינאסטיע איז געווען ר׳ וואלף, געשמט ביי די חסידים מיט דעם נאמען: ר׳ וואלפצ׳י (גינזבורג), א זון פון צדיק ר׳ שמואל הלוי פון קאשיווקע (א שטעטל אין וואלין, ניט ווייט פון באקאנטן חסידישן צענטער נעסוויזש) (368). ר׳ שמואל איז געווען א נאענטער חבר פון באקאנטן צדיק פון וואלין ר׳ מרדכי פון נעסוויזש. (369) ווי עס איז צו זען פון א בריוו צו אים פון ר׳ אשר פון סטאלין (370) און וועלכער שטאמט פון ערשטן פערטל פון 19־טן יארהונדערט (צווישן תקס״ב/1802 און אנהויב תקפ״ז/1826) זענען דיביידע צדיקים געווען אין פריינדליכע באציונגען און געווען מחותנים. אויף וועלכן אופן האט ר׳ וואלף געגרינדעט א זעלבסטשטענדיקע דינאסטיע אין צענטער פון „קארלינער געביט״ פעלן פרטים. דער איינציקער חסידישער מקור וועלכער דערמאנט ר׳ וואלפן באצייכנט אים אלס „הרב אב בית דין״. (371) אויך אין פאלק פלעגט ווערן דערציילט, אז ר׳ וואלף איז לכתחילה אויסגעקליבן געווארן אלס רב אין „דאוויד־הארדאק״ און איז, מן הסתם א דאנק זיין יחוס אבות, געווארן אויך רבי. פרטים וועגן זיין פערזענליכקייט, זיין לעבן און דער גענויער יאר פון זיין טויט איז ניט באקאנט. אין פאלק האבן געלעבט פארשידענע לעגענדן וועגן זיין טויט, וואס זאגט עדות וועגן זיין פאפולאריטעט און אויטאריטעט. — זיין יורש אויף דעם רבישן שטול איז געווען זיין זון ר׳ דוד. זיין באדייטונג איז געווען, ווי עס שיינט און ווי דאס פאלק דערציילט, ניט קיין גרויסע. אזוי צ.ב. ווערט ר׳ דוד בכלל ניט דערמאנט אין דער קורצער פאמיליען־ביאגראפיע, וועלכע שטאמט פון א חסידישן מקור. (372) דאגעגן איז ר׳ דוד׳ס זון ר׳ ישראל יוסף הלוי געווען א צענטראלע פערזענליכקייט אין דעם קליינעם חסידישן צוויג און איז געווען זייער רבי ביז צום סוף פון נייַנצנטן יארהונדערט. ער האט געשמט אלס למדן און האט געפירט זיין קליינע עדה יידן ביד רמה. הן זיינע בני עיר, הן פון דער סביבה האבן זיך באצויגן צו אים מיט דרך־ארץ. אין קעגנזאץ צו די בערעזנער חסידים וועלכע זענען דאס רוב געווען פון פשוטן המון, זענען צווישן זיינע חסידים געווען אויך אריסטא־קראטן, אפילו פון מתנגדישע הייזער. אזוי, צ.ב., בשעת זיין באזוך אין „הארדאקער שולכען״ אין פינסק פלעגט קומען צו אים „צום טיש״ דער דאמאלסדיקער חשובער ראבינער (רב מטעם), ככל־טוער און משכיל ביילין, (373) א.א. ר׳ ישראל יוסף איז געשטאנען אין פערזענליכע באציונגען מיט דעם באקאנטן צדיק פון וואלין ר׳ יצחק פון נעסוויזש, (374) פון די בריוו וועלכע ר׳ ישראל יוסף האט צו אים געשריבן (פון די יארן אנהויב תרי״ז/1856, אנהויב תרכ״ב/1861

און תרכ״ד/1864) איז צו זען זיין גייסטיקע אפהענגיקייט פון ר׳ יצחק נעסוויזשער. מיט דעם אויסדרוק: „איך בין מתפלל און בין זיך מתחנן פאר זיין (ר׳ יצחקס) קדושה ער זאל אונז להבא אויך ניט פארגעסן... איך זאל קענען זיצן אין מיין הויז רואיק...״ מיינט ער מן הסתם די מחלוקת, וועלכע איז צו זיין צייט געווען צווישן זיינע און סטאלינער חסידים וועלכע האבן אויף די הוראדאקער חסידים געקוקט ווי אויף חסידים פון א צווייטער מדרגה. דער נוסח פון דאוונען אין זיין שול אין הוראדאק, וועלכע האט געטראגן דעם נאמען „דעם רב׳ס בית־מדרש״, איז געווען נאענט דעם נוסח פון וואלין. ר׳ ישראל יוסף איז געשטארבן בערך תרנ״ט/1899 און א בשותפותדיקער „אהל״ אויף דעם קבר פון אים, פון זיין פאטער און זיידן איז געשטאנען אויף דעם הוראדאקער בית־עולם. — פון זיינע יורשים האט נאך געהאט א געוויסע השפעה זיין איניקל ר׳ יצחק (געשטארבן תרס״ח/1908). צום לעצטן דור פון דער דינאסטיע האט געהערט ר׳ יצחקס אייניקל ר׳ אהרן, וועלכער האט זיך באזעצט אלס רבי אין שכנותדיקער שטאדט לונינעץ, און א צווייטער אייניקל, דער לעצטער הוראדאקער רבי ר׳ משה, א תלמיד פון די ישיבות וואלאזשין און לידא, געווען באגאבט אלס מטיף, איז אויך געשטאנען נאהענט צום ציוניסטישן געדאנק און איז געווען אלגעמיין געשעצט. ער איז אומגעקומען על קידוש השם דורך די נאציס. — בכתב איז פון די הוראדאקער צדיקים, חוץ די אויבנדערמאנטע אייניקע בריוו פון ר׳ ישראל יוסף גארניט געבליבן. דאס אנטשטיין פון דער דינאסטיע בכלל איז צו פארדאנקן, מן הסתם, דאס אויסקלייבן פאר א רב א זון פון א חסידישן צדיק, וועלכער איז געווארן רב און רבי צוגלייך. אין דעם פרט איז זייער אנטשטיין ענליך דאס אנטשטיין פון דער ליבעשייער דינאסטיע. דער קליינער צווייג פון הוראדאקער חסידים איז פארבונדן איינציק אליין מיט די פערזענליכקייטן פון די צדיקים ר׳ וואלף און ר׳ ישראל יוסף, וועלכע האבן פארגרעסערט א ביסל די צאל פון די חסידים אין דעם ענגען ווינקעל פון פאלעסיע, זענען אבער דערביי אליין געווען בלויז תלמידים פון דער חסידישער באוועגונג. (375)

## יצחק לייב זאגער

**אט** שטייט זי פאר די אויגען די קלויז הייזקעלע אויפן „שול־הויף״ אין וועלכער עס האט זיך אויפגעהאדעוועט און געלעבט י. ל. זאגער.

א ליבע ווארעמקייט האט דיך ארומגענומען ווען דו ביסט אריין אין דער דאזיקער הייזקעלע. זיינע עלטערן פשוטע פאלקס־טיפען פלעגן דיר אויפנעמען מיט אן אייביקן שמייכל אויף די ליפען.

---

368) קליינבוים, שמע שלמה, צווייטער טייל, ז. 21.

369) זכרון טוב וועגן ר יצחק פון נעסוויזש, פון י. לאנדא, ז. 94 פעטריקאוו, 1892). ר׳ שמואל איז געווען דער פאטער פון א זעלבסטשטענדיקער חסידישער דינאסטיע, וועלכע איז אפילו אין די חסידישע קרייזן פארגעסן געווארן. ר׳ שמואלס יורש אין קאשיווקע איז געווען זיין זון ר׳ מיכל און אין תרנ״ב/1892 איז זיין אייניקל ר׳ שמואל געווען אין קאשיווקע רבי (זכרון טוב, ז. 93—94).

370) בית אהרן פון ר׳ אהרן פון קארלין, ז. 294 (בראדי, 1875).

371) זכרון טוב, ז. 93.

372) זכרון טוב, דארטן.

373) זע וועגן אים אין טויזנט יאר פינסק, ארויסגעגעבן פון ד״ר ב. האפמאן, ז. 270, 329.

374) זכרון טוב, דארטן.

375) די הוראדאקער דינאסטיע געגנוי ווי זייער מקור די קאשיווקער זענען אפילו ביי חסידים פארגעסן געווארן, אזוי אז מיר געפינען זיי ביידע ניט דערמאנט אין דעם באקאנטן שטאמבוים פון די חסידישע דינאסטיעס („אילנא דצדיקיא״, ווארשע, 1927).

די רואיקייט, שטילקייט, און רייניקייט איז שטוב. די ליבליכקייט פון די מענטשן פלעגן דיר מאכן פארגעסן אז די געפינסט זיך אין א קליין נידעריק הייזקעלע. און ס׳פלעגט זיך באקומען א געפיל פון רחבות.

זיין פאטער, א שמיד, איז ווי פיל אנדערע בעלי־מלאכות אין דאוויד־האראדאק געווען אויך א למדן און האט אויך זיין בן־יחיד אין דער ישיבה געשיקט.

לערנענדיק נאך אין דער ישיבה איז ער מיט נאך א גרופע ישיבה־בחורים ווי פ. נובאק, ש. רעזניק א.א. באאיינפלוסט געווארן פון דער ציוניסטישער אידעע, און ביים ארגאניזירן זיך פון די ערשטע גרופן פון דער צעירי־ציון באוועגונג אין דאוויד־האראדאק איז י. ל. זאגער גלייך צו זיי צוגעטרעטן. זיין גרענעצלאזע איבערגעבנהייט און ענטוזיאסטישע אקטיוויטעט האט אים גלייך ארויסגערוקט אין שפיץ פון דער באוועגונג מיט וועלכער ער האט אנגעפירט ביזן לעצטן טאג פון זיין לעבן.

י. ל. זאגערס אקטיוויטעט אין שטאט האט זיך ניט באגרענעצט בלויז אין די ראמען פון דער „צעירי־ציון" באוועגונג און דערנאך אין דער פועלי־ציון (צ.ס.) פארטיי. ס׳איז ניט געווען כמעט קיין איין געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע אין שטאט וווּ ער זאל ניט זיין צווישן די אקטיווע און אנפירנדע טוער. אזוי האט ער פיל צייט און ענערגיע אוועקגעגעבן דער פאלקס־ביבליאטעק א.נ. פון י. ל. פרץ וואס ער איז געווען צווישן אירע גרינדער. דעם קק״ל, דער גמילות־חסדים קאסע און בפרט דעם יתומים קאמיטעט „צענטאס", וואס אדאנק זיינע פאר־בינדונגען מיט אמעריקע און אדאנק דעם צוטרוי וואס מ׳האט געהאט צו אים האט ער עקזיסטירט ביזן לעצטן מאמענט.

י. ל. זאגער איז געווען א געזעלשאפטלעכער טוער שלא על מנת לקבל פרס, זיין ארנסט־לעכקייט איז געווען א שם־דבר אין שטעטל. כאראקטעריסטיש איז אז אין די אלע אינסטיטוציעס אין וועלכע ער איז געווען טעטיק, האט מען אים שטענדיק אנפארטרויט דעם קאסירער אמט. צו זיין היסטארישן ביכעלע אין וועלכן ער פלעגט מיט דראבנע רש״י אותיות פארשרייבן גענוי אלע הכנסות און הוצאות פון די אינסטיטוציעס האבן אלע געהאט אן אומבאגרענעצטן צוטרוי.

י. ל. זאגער האט געקענט יעדן איינעם אין שטעטל און יעדער האט אים געקענט. פאר אים פלעגט מען זיך פארטרויען, צו אים פלעגט מען קומען בעטן הילף. אינטערווענירן וועגן א הלואה אין גמילות־חסדים קאסע. און ער איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן אויב נאר ער איז געווען איבערצייגט אז די געגעבענע פערזאן איז אין א קריטישער לאגע. און ער האט תמיד געוווּסט ווער ס׳נויטיקט זיך יא און ווער ניט. ער האט ניט געהערט צו די „רעדנערס", ער איז שטענדיק געווען פון די „נאה־מקיימים".

ווען אין יאר 1938 האבן געדארפט פארקומען קהילה־וואלן אין שטעטל איז דער נאטירלעכסטער קאנדידאט אויף ראש־הקהל געווען י. ל. זאגער. די פועלי־ציון (צ.ס.) פארטיי מיט די האנטווערקער זענען געגאנגען צו די וואלן מיט א געמיינזאמער ליסטע אין שפיץ פון וועלכער עס האט פיגורירט י. ל. זאגער. זיין פאפולאריטעט אין שטעטל האט פארזיכערט דעם נצחון פון דער ליסטע אין די דאזיקע וואלן. ווייל אלע האבן אין אים געוואלט זען דעם ראש־הקהל. לײדער האבן געוויסע קרייזן איבערגעגעבן וווּ מען דארף וועגן די שטימונגען אין שטעטל און דער סטאראסטא האט אויפן סמך פון טרויעריק בארימטן פאראגראף 20 געפסלט די ליסטע, וואס האט ארויסגערופן פארביטערונג און אומצופרידנהייט צווישן דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג.

די לעצטע יארן האט ער געארבעט אויף די פאראכאדן אלס באפולמעכטיקטער פון זיין שוואגער אין אמעריקע. אויך דא איז ער געווען קאסירער, צו דער גרעסטער צופרידנהייט פון די שותפים.

בא דער ארבעט האט ער זיין טויט געפונען. באדנדיק זיך אין נירטשע איז ער דערטרונקען געווארן שבת דעם 1־טן אוגוסט 1939. זיין טויט האט ארויסגערופן א פארשטענדליכן גרויסן טרויער אין דער גאנצער שטאט.



הלוית יצחק־לייב זגר בדויד־הורודוק — 1939
די לויה פון יצחק־לייב זאגער אין דאוויד־הארדאק — 1939

עס איז גלייך געשאפן געווארן א געזעלשאפטלעכער לויה־קאמיטעט פון פארשטייער פון אלע פארטייאישע און געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס. די לויה איז פארגעקומען אויף צו־מארגנס זונטיק דעם 2־טן אוגוסט מיט גרויס פאראד מיט דער באטייליקונג פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג פון שטאט. אויפן שול־הויף האבן אים מספיד געווען פארשטייער פון אלע פארטייאישע און געזעלשאפטליכע אינטיטוציעס. מ׳האט אים מקבר געווען אין דער ריי פון אלע פארשטארבענע גדולי הדור בא אונז אין שטאט.

דער געזעלשאפטלעכער לויה־קאמיטעט האט אויסגעטיילט פון זיך 3 פערזאן וועלכע האבן אויסגעארבעט א גענויעם פלאן וויאזוי צו פאראייביקן זיין נאמען דורך בויען א הויז פארן יתומים־קאמיטעט און דער פאלקס־ביבליאטעק י. ל. פרץ אויף י. ל. זאגער׳ס נאמען.

צו די שלושים פון זיין טויט, דעם 2־טן סעפטעמבער 1939, האט געזאלט פראקלאמירט ווערן די אקציע צו שאפן די געהעריקע מיטלען דערצו.

לײדער האט דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דעם 1־טן סעפטעמבער 1939, צונישט געמאכט אלע פלענער און מ׳האט אפילו ניט באוויזן צו שטעלן א מצבה אויף זיין קבר.

אפשר איז עס סימבאליש וואס אזא ריינע, ערנטלעכע און לויטערע נשמה איז ניט פאר־פלעקט געווארן דורך די מערדערישע נאצישע און ארטיקע פארברעכערישע הענט.

יהי זכרו ברוך!

י. ליפשיץ, ש. צעציק

מ. ראפאפארט

# מיין באזוך אין דאוויד-הארדאק

## ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה

**גרויס** איז געווען מיין בענקשאפט ווידער צו זען מיין שטעטעלע, באזוכן מיינע עלטערן, קרובים און באקאנטע, נאכאמאל ארומשפאצירן אין די גאסן און געסלאך פון געבורטס־שטעטל און זיך טרעפן פנים אל פנים מיט די אלע, מיט וועלכע כ׳האב מיך אויפגעהאדעוועט, דערצויגן און געארבעט לאנגע יארן.

זוכה געווען דערצו האב איך הארט פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה בעת מיין באזוך אין פוילן.

געווען איז דאס אין ענדע אויגוסט 1939. גאנץ אייראפע איז דאן געווען דורכגעדרונגען מיט שרעק און מורא פאר דער דערנענטערנדער זיך מלחמה. איבערהויפט איז געווען פול מיט ציטער און שרעק דאס פוילישע יידנטום. קיינער האט ניט געוווסט וואס מארגנדיקער טאג וועט מיט זיך ברענגען. די מיליטערישע צענזור איז געווען זייער שטרענג און די יידישע פרעסע האט געקענט בלויז מיט רמזים און צווישן די שורות אנדייטן וועגן דעם וואס עס קאן געשען. קיינעמס הארץ האט ניט פארויסגעזאגט, ווי נאענט ס׳איז דער חורבן און ווי גרויס ס׳איז דער אומגליק, וועלכער דערנענטערט זיך.

מערערע פרטים האבן מיר באקומען אין ענגלישן קאנסולאט אין ווארשע, ווו ס׳איז אונז גלייכצייטיק שטרענג אנגעזאגט געווארן, מיר זאלן אין פארלויף פון 24 שעה פארלאזן פוילן. אן אומדערווארטעטער קלאפ איז געווען פאר מיר די דאזיקע אנווייזונג.

וואס טאן — האב איך מיך אליין געפרעגט — צוריקפארן ניט זעענדיק מיין היים, מיינע עלטערן, חברים און באקאנטע, אדער זיך לאזן אויפן מער געפערלעכן וועג און פארווירקלעכן מיין טרוים כדי זיך זען מיט די אלע, וועלכע זענען מיר אזוי ליב און טייער?

כ׳האב מיך דעצידירט אויפן מער סכנותפולן וועג און זיך אראפגעכאפט אויף א פאר שעה אהיים.

ס׳איז שוין פינסטער געווען, ווען כ׳בין אנגעקומען קיין דאוויד־הארדאק; פארטאג האב איך זי פארלאזט.

כ׳וועל קיינמאל ניט פארגעסן די דאזיקע געציילטע שעה׳ן, ווען מיין עלטערן־הויז האט זיך מיטאמאל פארוואנדלט אין א טרעף־פונקט פאר אלע דאוויד־הארדאקער יידן. אייניקע פון זיי זענען געקומען אפנעמען א גרוס פון קרובים און באקאנטע, אנדערע ווידער — צו הערן נייעס פון לאנד. מיר האבן אלע געפילט, אז דער באדן ברענט אונטער אונדזערע פיס און א ביטערער וויי־געשריי האט זיך געהערט פון אלע פארזאמלטע: וואס ווייטער? ווי אזוי אנטלויפט מען און וווהין?

כ׳דערמאן מיך, ווי ס׳האבן געשטראלט אלעמענס פנימער, הערענדיק א לעבעדיקן גרוס פון לאנד, וועגן אונזערע דערגרייכונגען און ראנגלענישן, וועגן ליכט און שאטן וואס שפרייזן זאלבאנאנד, וועגן מעכטיקן אויפבוי ווערק, וואס ווערט געשאפן אין אונזער לאנד. אין מיינע רייד איז געווען אויך א שמץ פון פארוואורף צו די אלע, וועמענס ארט ס׳איז געווען צוזאמען

מיט אונז דא אין לאנד, נאר ליידער האבן קליינליכע און אומבאדייטנדע אויסרעכנונגען דעצידירט וועגן זייער גורל.

א ליל־שימורים איז דאס געווען. אלע האבן געדרעדט און אלע האבן געפרעגט. אנהויבנדיק פון הרב שפירא ז״ל — אן איבערגעגעבענער און טרייער ציוניסטישער עסקן, וועלכער האט נאך זוכה געווען אנקומען אין לאנד אריין — און ענדיקנדיק מיט אנדערע. יעדע קלייניקייט האט זיי אינטערעסירט: די עקאנאמישע לאגע, די געשעענישן, א.א.וו.

גאנץ שווער איז מיר אנגעקומען צו פארענטפערן די אלע פראבלעמען. די געמיטער האבן זיך ערשט דאן בארואיקט, ווען כ׳האב צוגעזאגט אויף צומארגנס אנטייל נעמען אין א פארזאמלונג אויף וועלכער ס׳וועלן ברייטער און יסודותדיקער ארומגערעדט ווערן די אלע פראבלעמען. ליידער איז די דאזיקע פארזאמלונג ניט צושטאנד געקומען — פונקט אזוי, ווי ס׳זענען ניט צושטאנד געקומען און ניט פארווירקלעכט געווארן די בעסטע חלומות און שטרע־בונגען פון מיינע טייערע לאנדסלייט... די פארזאמלונג איז ניט פארגעקומען צוליב דעם, ווייל כ׳האב אין זעלבן מאמענט באקומען א טעלעגראמע פון מיין פרוי און פון די אינסטאנצן אין לאנד, וועלכע האט קורץ געלויטעט: „צוליב דער אנגעשטרענגטער לאגע זיך גלייך צוריקקערן״.

* * *

ס׳איז נישטא קיין נחמה און קיין קאמפענסאציע פארן גרויסן אומגליק, פארן אומברענגען אט די אלע ארבעטס־מענטשן, הארעפּאשניקעס, מענטשן פון תורה און קולטור, איניציאטיוו און פון יידישער און ציוניסטישער גרענעצלאזער איבערגעבנהייט. ווי יונגע צווייגן זענען זיי אפגעשניטן געווארן דורך פרעמדע מערדערישע הענט.

די איינציקע נחמה איז די לעבעדיקע מצבה, וואס איז אויפגעשטעלט געווארן אין אונזער לאנד — אין ישראל — אט די אלע הונדערטער משפחות פון דאוויד־הארעדאקער יידן, וועלכע זענען געראטעוועט געווארן מיט זייערע פרויען און קינדער און ביי וועלכע עס שפרודלט א פולבלוטיק לעבן אין אלע ווינקעלעך פון אונזער לאנד. זיי ארבעטן, שאפן און דינען צוזאמען מיט אלע ישראל־בירגער, ווי א לעבעדיקע, פעסטע מויער פאר דער באנייענדער זיך מדינה.

מ. שור עמי

## מיינע לעצטע טעג אין דאוויד־הארעדאק

די סאוויעטישע אקופּאציע־מאכט האט צעטיילט די איינוווינער אויף דריי שיכטן:

א) די באגלויבטע שיכט. עקס־קאמוניסטן, אין וועלכע מ׳האט ניט געפונען קיין אפנייגונג, און אויך די יעניקע וועלכע האבן ביי דער איינוואזיע דעקלארירט עפנטלעך זייער פולע סימפּאטיע צו דער באלשעוויסטישער מאכט און קיינער האט ניט רעקלאמירט קעגן זיי.

ב) די פיינט פון רעזשים, די רייכערע און ציוניסטישע טוער.

ג) סתם איינוווינער, וועלכע מ׳דארף א לענגערע צייט איבערדערציען צו ראיעלקייט, מיט דער האפענונג, אז ווען ניט איז, אין דער צוקונפט, וועלן זיי ווערט זיין גערופן צו־ווערן מיטן נאמען בירגער פון ראטן־פארבאנד.

די מערהייט דאוויד־הארעדאקער באפעלקערונג האט געהערט צו דער צווייטער און דריטער קאטעגאריע. מענטשן פון דער צווייטער קאטעגאריע, וועלכע מ׳האט ניט געמסר׳ט און ס׳זענען קעגן זיי ניט צוגעטראגן געווארן קיין אפיציעלע אדער ניט־אפיציעלע אנקלאגעס, זענען אויטאמאטיש איבערגעפירט געווארן צו דער דריטער קאטעגאריע.

אין די מאנאטן מערץ און אפריל 1941 זענען מאביליזירט געווארן הונדערטער יוגנטלעכע

אין די „ארבעטס־באטאליאנען" (אין רוסיש: „סטרויעוואי באטאליאן"), און די מערהייט איז געשיקט געווארן בויען פלי־פלעצער נעבן די גרענעצן פון ווייסרוסלאנד, ווי צ.ב. אין קאברין און ביאליסטאק. איך האב אנגעהערט צו דער קאברינער גרופע.

דעם צוואנציקסטן יוני איז אויסגעקומען א ידישן בחור שטיין אויף דער וואך איינס אזייגער באנאכט. ער האט זיך פארשפעטיקט אויף פינף מינוט. באלד האט דער אפטיילונג־קאמאנדיר — גור, א סאוויעטישער בירגער, אלארמירט די גאנצע אפטיילונג און דעם בחור געטאדלט עפנטליך: „פאררעטער! ווען מארגן ברעכט אויס די מלחמה, וואלסטו דאן אויך פארשלאפן? אין דריי טעג ארום וועסטו שטיין צום געריכט. אין אכט־און פערציק שעה ארום האט זיך צעפלאקערט די דייטשיש־רוסישע מלחמה.

לופט־אטאקן און הארמאטן־באמבאדירונגען האבן אונז באגלייטביים צוריק וועג אהיים. איך האב מיך באמיט שטענדיק זיך געפינען מיט דאוויד־האראדאקער. די אומארדענונג איז געווען גרויס. עס זענען געגעבן געווארן קעגנזעצליכע באפעלן. ווו מיר האבן זיך געדרייט זענען געווען די דייטשן. באטאג האט מען ניט געקאנט זיך צוריקציען און מיר זענען געווען געצוווּנגען ליגן אין וואלד אדער אין בלאטע און לויפן באנאכט. איין ציל האבן מיר געהאט פאר זיך: א ה י י ם.

דעם 26.6.1941, פרייטיק פארנאכט, בין איך געקומען קיין דאוויד־האראדאק מיט מיין אומפארגעסלעכן חבר משה שעכטער, דוד׳ס זון און וואלף דעם צייטונגספארקויפערס אייניקל. כ׳האב דאס שטעטל ניט דערקאנט. וועלכער ד׳אוויד־האראדאקער געדענקט ניט די שעה׳ן פארן אנקומען פון שבת? די קרעמערס איילן זיך שליסן די געשעפטן, און די בעלי־מלאכות ענדיקן אויס זייערע ארבעטן. פון אלע זייטן לייכטן די שבת־ליכט, און אלע גייען אין שול אריין מיט די קינדער. און יעצט — אין ווי תשעה־באב באנאכט. שטארק־פינסטער אין די גאסן, און ביי יעדן ייד אויפן געזיכט ליגט דער פחד פאר די דייטשן וואס דערנענטערן זיך צום שטעטל.

באלד האבן אונז ארומגערינגלט באקאנטע פנים׳ער, און איידער מיר האבן געביטן אונזערע צעשאטענע קליידער האבן מיר באדארפט ענטפערן אויף כל׳ערליי פראגן. דא האט מען געמיינט אז אלע מאביליזירטע זענען געפאלן; צומארגנס — שבת — האבן אנגעהויבן קומען׳ אנדערע.

מיין משפחה איז שוין ניט געווען אינדערהיים. ס׳האט זיך ארויסגעוויזן אז זיי, צוזאמען מיט אנדערע צענדליקער פאמיליעס, זענען געלאפן צום רוסישן גרענעץ. צומארגנס שבת־צו־נאכטס זענען זיי צוריקגעקומען ווייל מ׳האט זיי ניט געלאזט איבערגיין די גרענעץ.

די שטעטל איז געווארן פול מיט פליטים פון די ארומיקע שטעטלעך. די מורא איז געווארן שטארק. די גויים האבן פארריסן די קעפ: „פארביי אייער צייט יידן! עס גייען שוין די סאוויעטן אוועק פון דאנען".

אומארדענונג האט געהערשט אומעטום. איין טאג זענען מאביליזירט געווארן מאסן, און דעם צווייטן טאג האט מען אלעמען פריי געלאזט צוליב מאנגל אין קאמוניקאציע. די לעצטע גרופע מאביליזירטע איז געשיקט געווארן דעם 28־טן יוני צו מינסק־צו.

אין א חברים־באראטונג וועגן אונזער ווייטערדיקן וועג האבן זיך צוטיילט די מיינונגען. משה שעכטער איז געווען מיט די וואס האבן באשלאסן בלייבן. יצחק גאלמאן מיט מיר האבן באשלאסן צו גיין. מיר האבן דאס צווויסן געגעבן אונזערע פאמיליעס און די געוועזענע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער יוגנט מיט וועלכע די באציאונגען זענען ניט איבערגעריסן געווארן. די מערהייט האבן זיך אפגעזאגט פון גיין.

דעם 6־טן יולי באגינען האבן די לעצטע סאוויעטישע באאמטע פארלאזן די שטעטל. ניט אפגערעדטערהייט האבן מיר, צוואנציק בחורים און מיידלאך, זיך געטראפן אין אוונט אויף

אלשאנער גאס. אין וועג האבן מיר באגעגנט נאך עטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע האבן ניט געוואלט צושטיין צו אונז, זאגנדיק אז „דער דייטש איז ניט ערגער פון רוס. אין דעם נייעם רעזשים וועלן מיר זיך אויך איינארדענען״.

אז מיר זענען געקומען צום גרענעץ האבן די וועכטער פאר קיין פאל אונז ניט געלאזט דורכגיין. קיין אויסרייד האט ניט געהאלפן. עטלעכע זענען מאראליש געבראכן געווארן. יצחק גאלמאן, מרים פרענקל, ציר׳ל בעגון און שושנה אייזנבערג זענען צוריקגעגאנגען אהיים.

איינער פון אונז, א געבוירענער אין איינעם א גרענעץ־דארף, האט איינגעשטימט פירן אונז מיט הינטערוועגן און באנאכט איבערפירן די גרענעץ. מיר זענען געגאנגען בלויז מענער אין דער ריכטונג פון מאלישאוו. פארנאכט האבן מיר באגעגנט באוואפנטע פאטרולן, וועלכע זענען צופעליק געווען באאמטע ביי אונז אין שטעטל. דער אטראד־קאמאנדיר ראכלין וואס איז געווען סעקרעטאר פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין דאוויד־הארადאק, האט אונז „געוואלט פארשטיין״, ער האט אונז באשטימט אן ארט נעבן זיין לאגער און צוגעזאגט געבן מארגן אינ־דערפרי א תשובה „אויב ס׳וועט אים געלינגען קריגן פאר אונז געווער״.

די נאכט איז געווען א שוידער־נאכט. פונווייטן האבן מיר געזען שריפות אין אונזער שטעטל. די דייטשן זענען שוין דארט געווען און אנגעהויבן ראבעווען.

אינדערפרי איז געקומען די דראזשקע מיט די פארטיזאנער צוריק פון טורעוו. באלד זענען מיר אויפגעפאדערט געווארן צום קאמאנדיר. „קיין געווער האב איך ניט באקומען״ — זאגט ער — „נאר איר מעגט איבערגיין. די זאך איז איינגעארדנט מיטן קאמענדאנט פון גרענעץ־וואך״.

גלייך האבן מיר אנגעהויבן לויפן פארויס, און ניט געטראפן אויפן גרענעץ קיין איין לעבעדיקן סאלדאט.

הערנדיק וועגן דייטשישן פארשריט זענען זיך אלע צעלאפן. זייענדיק שוין ביי טורעוו האבן מיר דערזען פונווייטן — פונקט אונז אנטקעגן — פאַרט א לאסט־אויטא אנגעלאדן מיט סאלדאטן און מיט אן אנגעשטעלטן מאשין־געווער. מיר האבן ניט געוווסט צי זענען דאס רוסן, אדער דייטשן. לינקס האט זיך געצויגן א בית־עולם. מיר האבן זיך נעבן די מצבות באהאלטן. אז די מאשין איז פארביי, האבן מיר פארטגעזעצט אונזער וועג. פארנאכט זענען מיר געקומען קיין טורעוו אויף עכטן סאוויעטישן באדן.

## די לעצטע טעג פון דאוויד־האראדאקער יידן

**דעם** 5־טן יולי 1941 זענען די דייטשן אריין קיין דאוויד־האראדאק. עטלעכע וואכן נאך זייער איננעמען די שטאט, האט זיך איינגעגעבן די ארטיקע קריסטן מיט מארייקא, קולאגא און לעטון ימח־שמם בראש, שאפן דעם איינדרוק, אז די שטאטישע יידן ווארטן אז די רויטע ארמיי זאל זיך אומקערן. אלס רעזולטאט דערפון האבן די קריסטן באקומען א דערלויבעניש פון דער ס.ס.־צענטראלע אין פינסק, טאן מיט די יידן לויט זייער איינזען.

דעם 16־טן אוגוסט אזייגער פיר פארטאג, זענען ארומגערינגלט געווארן אלע יידישע קווארטאלן און אלע יידישע מענער מיט די קינדער ביז אכט יאר, זענען געבראכט געווארן נאקעט און באר׳וועס צום קאנצענטראציע־פונקט אויפן הויף פון קאטוילישן קלויסטער — און פון׳ דארט צו זייער לעצטן וועג.

יעקב, אבא גערצולינס זון, דער איינציקער ייד וועמען א קריסט האט געווארנט און דערציילט וועגן שיקזאל פון די אוועקגעפירטע, האט געפרווט אנטלויפן. נאר די קוילן פון די מערדער האבן אים געטראפן און געטויט אויפן פלאץ. אלע וועגן זענען געווען פארשפארט דורך די מיעשטשאנעס אן קיין מעגלעכקייט צו אנטלויפן.

פון קאנצענטראציע־פונקט זענען די יידן אוועקגעפירט געווארן צו די צוויי ברידער־קברים, וועלכע זענען געווען אנגעגרייט פון פריער.

ווען די יידן זענען געקומען צו די גריבער, האט מען זיי געהייסן זיך אויסטאן און ארייגגיין אין די גריבער, ווו מ׳האט זיי באשאסן מיט מאשין־געווער.

א גרופע יידן מיט לייב טרייסטער אינדערשפיץ, זענען געבליבן דורך די מערדער צו סארטירן די געפאלענע קערפערס אין די אקאפעס. נאכדעם זענען אויך זיי דערמארדעט געווארן.

נאכן מארד זענען די אקאפעס פארשאטן געווארן דורך די מיעשטשאנעס וואס האבן זיך באטייליגט אין מארד.

נאר איינצעלנע איז געלונגען אויף פארשיידענע וועגען זיך אויסצובאהאלטן, אבער ענדלעך האט דער גרויזאמער שיקזאל אויך זיי געטראפן.

נחמן יאנוש יאסל׳ס זון, איטשע דעם מילכיקערס איניקל, איז געלונגען אנטלויפן און דורכן דארף בערעזשנאיע איז ער געקומען אין סטאלין. דארט האט ער זיך פארהאלטן א יאר אין געטא, ביז ער איז אומגעקומען צוזאמען מיט די סטאלינער יידן.

יעקב, ליטמאן קאלוזשינס זון, משה אליניקס איניקל, האט זיך באהאלטן עטלעכע טעג ביז א קריסט האט אים געמסרט. מ׳האט אים פארשלעפט אין געסטאפא און געפייניקט ביז ער איז אויסגעלייזט געווארן מיט א קויל.

ר׳ אהרן סלאמיאנסקי, וואס האט זיך עטלעכע טעג באהאלטן ביי א קריסט האט געמוזט פארלאזן זיין באהעלטעניש, ווייל דער גוי האט מורא געהאט מ׳זאל אים אליין ניט הרגענען פאר אויסבאהאלטן ביי זיך א ייד. ניט האבנדיק קיין אויסוועג האט ר׳ אהרן געוואלט גיין אהיים. פארבייגייענדיק דעם בריק האבן אים גויים געכאפט און אריינגעווארפן אין טייך אריין. ער האט זיך באלד דערטרונקען. א דאנק זיין פרוי רחל ע״ה, וועלכע האט אריינגעלייגט אין דעם איבער־מענטשלעכע כוחות, איז ער געבראכט געווארן צו קבר־ישראל.

שמחה, משה אהרן מישאלאווס זון, האט זיך צוויי וואכן באהאלטן ביי זיך אין קעלער,

נאר די קריסטלעכע דינסט האט אים איבערגעגעבן אין גוישע הענט. זיי האבן אים ארויס־געשלעפט פון קעלער און דערמארדעט ביי אים אין שטוב פאר די אויגן פון זיין פרוי און קינדער.

איסר, ניסן גורוויטשעס זון, האט זיך באהאלטן אין א קליידער־שראנק. די מיעשטשאנעס, האבן אים געפונען, ארויסגעשלעפט פון דארט און פארשלעפט אין מארק. געשלאגן אים מכות־רצח, מערדערליך געפייניקט און אויסגעשטאכן די אויגן. זיינע אוממענטשלעכע געשרייען האט מען געהערט פון איין עק שטעטל ביזן צווייטן. ער האט זיך געבעטן ביי די מערדער, זיי זאלן מאכן אסוף צו זיין לעבן.

ר׳ קהת, ר׳ סענדער בעלאהושערס זון און ר׳ משה. ר׳ אברהם בארוכין דעם כאראמסקערס זון, האבן זיך באהאלטן ביז 1943 אין א דערביי־איקן דארף ביי א קריסטלעכן פויער. חלומט זיך זיי אז דער סטאלינער רבי ר׳ משה׳לע לעבט. זענען זיי ארויסגעקראכן פון באהעלטעניש און אוועק אין סטאלין. אויפן וועג האבן גויים זיי דערמארדעט.

ראובן, חיים קאלושניס זון, האט זיך באהאלטן ביי זיך אין הויף. האבן די גויים אים געפונען, דערמארדעט אים און אריינגעווארפן אין קלאזעט אריין.

ברוך־יאסל, משה קאצמאנס זון, מיט זיינע צוויי קינדער האבן זיך אין ערגעץ פארשטעקט. אז זיי האבן ניט געהאט וואס צו עסן האבן זיי זיך צוגעשטעלט צום געסטאפא. דארט האט מען זיי געזאגט, אז די געסטאפא האט ניט קיין ליקווידאציע־פאראָרדנונג קעגן זיי און זיי קענען גיין ווו זיי ווילן. אבער די מיעשטשאנעס האבן זיי צעשלאגן אויף טויט מיט שטעקענער אין סאמע מיטן מארקפלאץ.

יצחק, שלמה דעם אזדעמיטשערס זון, איז לעבנגעבליבן אדאנק א קריסטין וואס האט אים אויסבאהאלטן נאכדעם ווי ער האט איר צוגעזאגט הייראטן מיט איר. ווען די רויטע ארמיי איז אריין, האט ער דערפילט זיין צוזאג.

* * *

נאכן מאסן־מארד, אין א קאלטן און רעגנדיקן הארבסט־טאג, האט מען אויך די פרויען און קינדער ארויסגעטריבן פון שטאט. די מיעשטשאנעס האבן זיי ארומגעיאגט עטלעכע קילא־מעטער מיט געוואלדעס: „גייט אייך! מיר דארפן אייך ניט!״

צווישן די פרויען זענען געווען עטלעכע מענער וואס האבן זיך פארשטעלט אין פרויען קליידער. צווישן זיי דער רב ר׳ משה, ר׳ וועלוועלע גינזבורג׳ס זון. די מיעשטשאנעס, וועלכע האבן אונטערזוכט די געזיכטער פון די געטריבענע, האבן אים דערקענט. ארויסגעשלעפט און דערמארדעט.

לאה וויגדער׳ס, ר׳ משה קאלושניס ווייב, האט ניט מער געקענט מיטגיין מיט די פארטריבענע און געבליבן זיצן נעבן חיים בארוכינס שטוב. זי איז אויפן פלאץ דערמארדעט געווארן.

חיה, ר׳ אשר יודאוויטשעס טאכטער, דערזעענדיק וואס דא טוט זיך אפ, האט געכאפט איר קינד און צוזאמען מיט אים זיך געווארפן אין הארין.

פייגעלע, בייצל יודאוויטשעס ווייב און רבקה, מאטל ברעגמאנ׳ס מיט אירע טעכטער זענען געבליבן כמעט ביזן סוף. אבער ווי נאר מ׳האט ביי זיי ארויסגעקריגן זייער גאלד מיט זילבער — האט מען זיי אויסגעטאן, אוועקגעיאגט צום אלשאנער בריק און מ׳האט זיי דארט דערמארדעט.

א טייל פון די ארויסגעטריבענע זענען דערגאנגען אין לאכווער, סטאלינער און וויסאצקער געטאס. זיי האבן געזופט פון בעכער גאל און ליקווידירט געווארן צוזאמען מיט אלע יידן פון אט די געטאס.

אין דריי וואכן ארום נאכן ארויסטרייבן די פרויען פון שטאט, האט מען זיי צוריק אריינגעלאזט און געשאפן א געטא, וועלכער האט „עקזיסטירט" 1 יאר און דערנאך האט מען זיי אוועקגעפירט אויפן זעלבן אָרט, ווו מ'האט דערמארדעט די מענער און זיי אומגעבראכט.

ת. נ. צ. ב. ה.

דערציילט פון בת־שבע קושניר און גרונם פילאווין

יצחק נאכמאנאוויטש

**געקומען** איז דאס יאר 1939. דאס שטעטל האבן פארנומען די סאוויעטן. פיל יידישע פליטים פון מערב־פוילן האבן אין דאוויד־האראדאק דאן א היים געטראפן.

אין יאר 1940 האבן זיך אנגעהויבן ארעסטן און פארשיקונגען פון ציוניסטן און אנדערע. דאס שטעטל האט אויפגעציטערט, די שטימונג איז געווארן א געדריקטע, ווייל דא איז געווען דער דעוויז: „אלע פאר איינעם און איינער פאר אלע".

און אט איז אנגעקומען דער 6־טער יולי 1941. דאס שטעטל האבן פארנומען די היטלעריסטישע חיילות. פיל יידן האבן זיך געוואלט ראטעווען קיין רוסלאנד, נאר די נ.ק.וו.ד. און גרענעץ־וואך האבן ניט דורכגעלאזן און אזוי ארום איז מען געווען געצוווּנגען צו בלייבן אונטער דער היטלעריסטישער הערשאפט.

יעצט האט זיך אנגעהויבן דאס שוידערלעכסטע און דא האט זיך אויך ארויסגעוויזן דער מערדערישער פרצוף פון די ווייס־רוסן. מען האט אנגעהויבן כאפן יידן אין די גאסן און טרייבן אויף ארבעט.

דורכן שטעטל זענען דאן דורכגעגאנגען פיל פון די היטלעריסטישע חיילות אויף מזרח. אין א פאר טעג שפעטער, האבן זיי זיך צוליב די שלעכטע וועגן אומגעקערט צוריק, כדי פארטצוזעצן דעם מארש דורך אן אנדער וועג. אין שטעטל האט דאס ארויסגערופן א קלאנג, אז די דייטשן ווערן צוריק געטריבן דורך דער רויטער ארמיי. דאס האט אויסגענוצט דער ניי־באשטימטער בירגערמייסטער און שווארץ־מאהניק, דער פעלדשער איוואן מארייקא, וועלכער איז דאן געפארן אין פינסקער געסטאפא־שטאב און געמאלדן, אז די יידן פארשפרייטן די אויבנדערמאנטע קלאנגען און אז זיי, די יידן, האבן באפאלן די אפטרעטנדע דייטשישע ארמיי. דער דאזיקער געמיינער פאלשער בלבול האט געבראכט דעם בלוטיקן 17־טן אב ה'תש"א (1941).

געשען איז דאס אומגעפער אין א מאנאט נאכן פארנעמען דאס שטעטל דורך די דייטשן, אין אנהויב אויגוסט זענען אומגעריכט געקומען א 50 ס.ס. מערדער. 4 אזייגער פארטאג האבן זיי ארומגערינגלט דאס שטעטל און שפעטער צוגעטראטן צו דער בלוטיקער ארבעט מיט דער הילף פון דער ארטיקער ווייסרוסישער אונטערוועלט, וועלכע האט זיך דאן גלייך פארשריבן אין פאליציי. פארויסזעענדיק א פיין רויב, האבן זיי פון פרי אנגעהויבן צוזאמענטרייבן אלע יידישע מענער. געזאמלט האט מען אלעמען אויפן הויף פון קאשציאל, באגלייטנדיק זיי מיט שרעקלעכע קלעפ פון שטעקנס און ביקסן.

דארט האבן זיי געמוזט שטיין אויף די קני מיט אויפגעהויבענע הענט אין דער הויך אייניקע שעה ביז מ'האט אלע הייזער אונטערזוכט. וועמען מ'האט געטראפן אויסבאהאלטנדיק זיך, האָט מען אויפן ארט דערשאסן. אזוי האט מען די ברידער איסר און הערשל גורוויטש, צוויי געזונטע פעסטגעבויטע יונגעלייט, וועלכע מ'האט ארויסגעשלעפט פון א באהעלטעניש, פירנדיק צום אומשלאג־פלאץ צובראכן די ברוסט־קאסטנס און אויסגעשטאכן די אויגן.

נאכן צונויפזאמלען אלע מענער האט מען זיי צושטעלט אין רייען און ארויסגעפירט פון

שטאט. קיינער האט ניט געוווסט ווו מ׳פירט זיי. מ׳האט געשמועסט אז מ׳פירט אויף ארבעט. נאר דאס איז שנעל אויפגעקלערט געווארן.

3 קילאמעטער הינטערן שטעטל, באם אלשאנער וועג אויפן זאמד־בערגל — דארט איז שוין גרייט געווען א גרוב פריש געגראבן דורך די פויערים... טראכטן וועגן ווידערשטאנד איז שוין געווען צו שפעט און אגב אין יאר 1941 זענען נאך קיין מאסן־מארדן פון יידן ניט פאר־געקומען, אזוי, אז די שטילע ארעגטלעכע און באשיידענע מענטשן האבן גארניט געגלויבט, אז אזעלכעס קאן גאר פארקומען. דאך איז דאס געשען... דאס לעצטע ווארט האט באקומען דאס מאשין־געווער... און דאן, מיטן לעצטן אטעם האט יעדער געשיקט א קללה...

ביים ייד לייזער ראנקין, האט א פאליציאנט, מיינענדיק, אז ער איז שוין טויט, געוואלט דאס רינגל פון האנט אראפנעמען, נאר יענער האט נאך באוויזן זיך אויפהויבן און א שפיי טאן אין מערדערישן פרצוף און איז מיט א קללה אויף די ליפן געפאלן טויט.

אזוי האט די מוטער־ערד ארייגגענומען און פארבאהאלטן אייך ביי זיך אין דער אייביקער רו.

עהרע אייער אנדענק, ברידער מיינע!

פאר אייער באשיידענעם, שווערן, אבער אנשטענדיקן לעבן, האט אייך די וועלט „ציוויליזאציע״ באלוינט מיט א „שנעלן טויט״...

* * *

דעמזעלבן טאג נאכמיטאג, ווען די מערדער האבן נאך דער „שטיקל ארבעט״ זיך אפגערוט, האבן זיי זיך גענומען ווידער צו דער „ארבעט״...

אלע איבערגעבליבענע פרויען און קינדער האבן באקומען א באפעל פארלאזן גלייך דאס שטעטל.

אין דער דאזיקער „הייליקער״ שטיקל ארבעט האט שוין אנטיילגענומען די גאנצע קריסטלעכע באפעלקערונג. אלט און יונג, אלע ווי ווילדע געשפענסטער, האבן זיך געטראגן מיט שטעקנס איבער די יידישע הייזער, ארויסגעטריבן מיט קלעפ די באלעבאסטעס און קינדער און צוגעטראטן רויבן דאס פארמעגן.

מ׳האט זיי מיט קלעפ און פארשיידענע זידלערייען ארויסגעטריבן פון שטאט.

„דאלאי, וואן, פארכאטע זשידי״ — האט געשטורעמט די צעווילדעוועטע רויבער־באנדע. זענען ביים בריק פיל פון זיי געשטאנען און אונטערזוכנדיק יעדע יידישע פרוי, קאנטראלירט צי געפינט זיך ניט צווישן זיי קיין מאן אין פרויען־זאכן.

אזוי האבן זיי אנטדעקט אין פרויען־קליידער עטלעכע מענער, צווישן זיי דעם ר׳ב ר׳ משה׳לע, בערל מיגדאלאוויטש און אנדערע, וועלכע זענען מערדערלעך צעשלאגן געווארן דורך דעם ווילדן המון און דערנאך דערשאסן געווארן. די פרויען מיט די קינדער האט מען מיט קלעפ באגלייט ביז די „קאזארמעס״.

די אומגליקלעכע זענען דערגאנגען ביזן ערשטן דארף כאראמסק און דערנאך ווייטער געבלאנקעט איבער פעלדער, הונגעריקע, צעשלאגענע, אויסגעמאטערטע, פיל פון זיי שוואנגערע, קראנקע און אלטע פרויען מיט זויג־קינדערלעך, אפגעריסן פון די מענער און פאטערס, עלנט און איינזאם, אין א וועלט פון ווילדע חיות... א בעסערער פויער, פלעגט אמאל געבן א שטיקל ברויט אדער א ביסל קארטאפל...

אייניקע זענען אוועק אין נאענטע שטעטלעך, ווי: סטאלין, לאכווע, וויסאצק א. אנד. און דארט געטיילט דעם ביטערן גורל מיט די דארטיקע יידישע איינוווינער. די איבעריקע האבן זיך געוואלגערט און געוואנדערט איבער די שמוציקע בלאטיקע פאלעסיער וועגן. צוגיין נאענט

צו א זידלונג איז געווען געפערלעך, ווייל דארט האבן זיי דערוואַרט פיל גייסטיקע און פיזישע דערנידעריקונגען און שמערצן.

ס׳איז אנגעקומען דער הערבסט מיט די פייכטע קאלטע וועטערן. פיל פון די פרויען און קינדער זענען אויסגעשטארבן אויף די וועגן. יעדן קוסט און יעדן בוים ביי די וועגן איז פיל באוווסט פון זייערע ליידן.

ענדלעך, שפעט אין הערבסט האט מען זיי צוריק אריינגעלאזט אין דאוויד־הארדאק און דארט געשאפן פאר זיי א געטא. דאס לעבן אין דאזיקן געטא איז געווען א גרוילהאפטער.

די גאנצע באפעלקערונג פון געטא האט באקומען 10 קילא ברויט א טאג און די מערהייט האט געמוזט ארבעטן פאר דער „ווערמאכט״.

פארשיידענע ווארשטאטן זענען געשאפן געווארן און פיל פון די ארבעטנדע פרויען און קינדער זענען פון הונגער, איבערלאסטונג און אומענטשלעכע באדינגונגען אויסגעשטארבן. די איבעריקע זענען צו קיין מענטשן ניט ענלעך געווען.

אפגעריסן, געשוואלן פון הונגער, ארומגעצוימט מיט שטאכל־דראט אין א קליינעם טייל פון שמוציקן קווארטאל „באלאטא״, באוואכט פון דער מערדערישער פאליציי אין וועמענס שפיץ ס׳איז געשטאנען א נפש מיט א שמוציקער נשמה — ליאווא קאסארעוו ימ״ש. פיל געטער האט זיך דער פארשוין געבוקט... ס׳האט אים איבעראל געצויגן צו „בלישטשענדיקע קנעפ״ פאר וועלכע די דאזיקע חיה אין געשטאלט פון א מענטש איז גרייט געווען אלץ צו טון.

אט אזוי האט דער געטא „עקזיסטירט״ ביז ערב ראש־השנה פון יאר 1942. אין דעם טאג איז דער געטא ליקווידירט געווארן.

אלע פרויען און קינדער — די צאל איז שוין דאן געווען ניט גרויס, אינגאנצן 1600 נפשות — באגלייט מיט קלעפ דורך דער פאליציי, ווי אויך דורך דער ספעציעל אנגעקומענער באנדע ס.ס.־רייטער, זענען געטריבן געווארן ביז צום זעלבן גרוב אויף דעם אלשאנער בערגל... דארט האט מען אלעמען נאקעט אויסגעטאן און דערשאסן...

ווידער האט די מוטער־ערד געעפנט אירע ארעמס און אריינגענומען צו די מענער זייערע פרויען און קינדער...

אזוי איז דאס יידישע דאוויד־הארדאק אומשולדיק פון דער וועלט אוועק און אויפגעהערט צו עקזיסטירן...

די פארבליבענע טרויער־הייזער זענען באזעצט געווארן דורך די „נייע באלעבאטים״... אבער ניט אויף לאנג, ווייל שפעטער, ווען אין דער געגנט האבן זיך באוויזן גרויסע פארטיזאנער אפטיילונגען, זענען זיי אייניקע מאל באפאלן די שטאט און די מערהייט יידישע הייזער פארברענט.

* * *

איך בין געקומען אין דאוויד־הארדאק אין אויגוסט מאנאט 1944־טן יאר. כ׳האב געטראפן אויף די ערטער פון די קליינע הייזקעלעך בערגלעך באוואקסן מיט ווילדן גראז... אנשטאט פריילעכע געלעכטערס און קינדעריש־שטיפערישע געשרייען, ערטער, ווו ס׳האט אמאל געשטראלט מיט א היימלעכער ווארעמקייט און דיך שטענדיק געצויגן צו זיך — יעצט א ווילדער שרעקלעכער און צארנדיקער בילד...

יעדעס פארבליבן הויז, יעדער בוים וואס שטייט ווי אן איינצעלנער פארוואונדעטער גליד — ווײנט, שרייט, באקלאגט זיך און פרעגט נייגעריק: ווו זענען די גרויע, אנשטענדיקע, זויבערע אלטיטשקע, וועלכע פלעגן רוען אין אונזער שאטן, ווו איז פארשוואונדן דאס פריילעכע געלעכטער,

צערטלעכע געפילן, קינדערשע געלאקטע קעפעלעך? פארוואס איז אלץ וואס שיין און ליב פון אונז אוועק?... און נאך פיל פיל „פארוואס״?...

קיין ענטפער קומט ניט... איך געפין אים ניט...

יא! ווילד און גרוילהאפט זעסטו אויס יעצט דאוויד־האראדאק! פון דעם דענטיסט עדעלס שטוב ביזן קלויסטער בארג — קיין איין פארבליבן הויז, נאר ווילדע גראז... בערגלעך און גראז...

עס ווייזט זיך ווי ניט ווו א מענטש... ווי א ווילדע באשעפעניש דרייט ער זיך... אין די אויגן קוקט ער ניט... מיט בארוועסע שמוציקע פיס אין א גוטן שווארצן אנצוג מיט זיידענע לאצן.... דער בעל־דבר רעדט ניט... קיינער רעדט דא יעצט ניט... זיי ווייסן קיין זאך ניט... עפעס האבן זיי יא געהערט, אבער גענוי געדענקען זיי ניט...

איבריקנס צו וואס ריידן?... אויף א בית־הקברות פאסט בעסער שטילקייט...

אט פארקויפט א „זי״ אויפן מארק גענייצטע, קינדערשע געשטאפטע זעקעלעך... די „זי״ שוויגט „גאט די נשמה שולדיק״ — אבער די זעקעלעך שרייען, שרייען אין א יאמערלעך געוויין...

איך קום אויף דער הייליקסטן פאר מיר ארט אויף דער וועלט — צום מאסן קבר. א גלאטער זאמדיקער פעלד... נאך פיר יאר, 4 לאנגע יאר פון פייער און בלוט. יארן פון בענקעניש נאך נאענטע, נאך דער היים בין איך ענדלעך געקומען שוין אזוי נאענט... ווו זענען די מוטערליכע ליבע ארעמס? ווו זענען די באגערטע פריינטלעכע געזיכטער — באשטראלטע




בן־עירנו יצחק נחמנוביץ חופר בור בשביל לקבור את עצמות הקדושים שמצא על קבר האחים.
י. נחמנוביץ גראבט מיט די הענד אגרוב צובאהאלטן ביינער פון קדושים וואס ער האט געפונעןביים ברידער קבר.

פון פרייד ביי יעדער באגעגעניש ?... קיינער קושט זיך ניט... קיינער דריקט ניט די האנט... איך שטיי א צעבראכענער, א פארשעמטער און ווארט... נאר אומזיסט... דא אין דעם שטיקל וויסטן פעלד איז א שטאט באהאלטן... קיינע מצבות, קיינע מאנומענטן־טאוולען, קיין אויפ־שריפטן, קיין בלומען, — א ווילדע הארצרייסנדע שטילקייט...

עס פארבלייבט א געהיימניס פון דער נאטור, וויפיל מענטשלעכע שיינהייט און אנשטענ־דיקייט, וויפיל ליבע און פריינטשאפט, וויפיל שעפערישע איניציאטיוו און צוקונפטיקע פייאיקייטן זענען אזוי אומשולדיק, גרויזאם, מערדערליך און פריצייטיק אוועק אין דער אייביקער רו. דא האבן אויסגעהויכט טויזנטער פרויען, מענער און קינדער זייערע לויטערע נשמות, און אונטערן קלאנג פון מערדערס מאשין־געווער געלאזט הערן זייער לעצטן פראטעסט — א קללה — א קללה אויף דער „קולטור" און אויף די קעפ פון די מערדער, ווי אויך אויף די פירערס און פרעזידענטן, סאציאליסטן און דעמאקראטן אין מונדירן און אין פראקן... א קללה אויף די קעפ פון די, וועלכע האבן רייזנדיק קיין מינכען, לאנדאן, פאריז אדער מאסקווע פארקויפט אין ווייסע הענדטשקעס קינדערשע נשמות און געהאנדלט מיט אומשולדיק מענטשליך בלוט און פלייש.

* * *

י"ז מנחם־אב! היינט איז דיין טרויעריקער אונטערגאנגס־טאג, מיין דאוויד־הארא־דאק!

באשיידן און נוצלעך איז געווען דיין לעבן און אפשר דערפאר ביסטו „באלוינט" געווארן מיט א שנעלן אונטערגאנג. ווי א פיאנער ביסטו געגאנגען צו דער שחיטה אויפן מזבח פון פאלק. קליין איז די צאל פון דיינע צופעליק איבערגעבליבענע זין. אין אלגעמיין ארום א 100 מאן, וועלכע זענען יעצט ווייט צעשיידט. מיט פארביטערטע געמיטער קניען מיר און בויגן די קעפ געהילט אין טיפן טרויער פאר דיר, אונזער ליבע אומפארגעסלעכע יידישע דאוויד־הארא־דאק.

טייערע קדושים! מוטערס, פאטערס, שוועסטער, און ברידער, ווי אויך איר ליבע קינדערלעך! דער 17־טער אב איז איינגעקריצט טיף אין הארץ, ניט צום פארגעסן אויף אייביק. אין דעם טאג איז אויף שטענדיק פארשווונדן דער שמייכל פון געזיכט און די פרייד פון הארץ. עס ברענט אין מוח דער באוווסטזיין פון שוואכקייט און די אפוועזנהייט פון דער פולער נקמה.

אייביקע רו אייך, מיינע טייערע.

אויף אייביק זאל געהערט זיין אייער הייליקער אנדעק!

באמערקונג פון דער רעדאקציע :

יצחק (איצל) נחמנאוויטש איז אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין ראטנפארבאנד. גלייך נאך דער ענדע פון קריג, האט ער, אלס רויטארמייער, באזוכט דאוויד־הארא־דאק און מיט די אייגענע אויגן געזען דעם חורבן פון שטעטל. יעצט געפינט ער זיך אין די פאראייניקטע־שטאטן פון אמעריקע.

די דא געדרוקטע שילדערונג איז דורך יצחק נחמנאוויטש געשריבן געווארן אין יאר 1946 — צום פינפטן יארטאג פון אומקום פון די דאוויד־הארא־דאקער יידן. ער איז דאן געווען אין די לאגערן פון דייטשלאנד און אין סעפטעמבער 1946 האט ער זי פארעפנטלאכט אין דער יידישער (מיט לאטיינישער שריפט) צייטונג , א היים".

די שילדערונג ברענגען מיר יעצט מיט קליינע פארקירצונגען.

* * *

איבערגעגעבן דורך מאיר הערשל קארמאן

**בת־שבע** לין, מאיר־אליהו קושניר׳ס א פלעמיאניצע איז געווען די איין און איינציקע פון אלע דאוויד־הארא־דאקער, וועלכע איך האב געטראפן אין דאוויד־הארא־דאק — צוריקקערנדיק זיך פון רוסלאנד, נאך ראש־השנה תש"ה.

די וואסער־טרעגערין, וועלכע האט ביי מיר געארבעט 4 יאר האט מיר ניט דערקענט. די הויז אירע איז געווען אנגעפילט מיט יידיש גוטס. די וואסער־טרעגערין האט מיר איבער־

געשיקט צו א צווייטן גוי, וועלכער האט זיך באזעצט אין ליטמאן נאכמאנאוויטשעס הויז. דער גוי האט מיר דערציילט אז די דאוויד־האראדאקער גויים האבן באקומען פון דער דייטשישער מאכט אויסצייכענונגען פאר זייער באטייליקן זיך אין הרגענען און אויסראטן די יידישע באפעלקערונג.

אויף צזמארגנס האב איך געבעטן ביי דער ארטיקער מאכט א וווינונג און ווען מען האט מיר פארגעשלאגן צו וווינען אין א יידיש הויז, האב איך עס אפגעוואָרפן, און פארלאנגט א דערלויבעניש צו ווינען אין מיין געוועזענער יאטקע.

מיין ביטע איז אפגעווארפן געווארן. אבער איך האב מיך ניט וויסנדיק געמאכט און איינגעארדנט מיין יאטקע א וווינונג פאר מיר. דערנאך האט מיר די מאכט געהאלפן איינארדענען א שפייז געוועלב.

שפעטער איז געקומען קיין דאוויד־הארא דאק, נח, דער זון פון בצלאל יודאוויטש. ער איז געווען פארוווּנדעט און איז געגאנגען אויף „קוליעס״. פון דער סאוו'עטישער מאכט האט ער באקומען מאטעריעלע און מעדיצינישע הילף, מיר פערזענלעך האט ער געהאלפן.

דערנאך האבן זיך צוריקגעקערט אין הארא דאק זאב בן שלום לאכאווסקי, און משה בן ישראל רעזניק.

* * *

דער ערשטער יידישער קרבן אין דאוויד־הארא דאק, איז געווען מאיר אליהו קושניר, וועלכער האט געוווינט אין ראדיטש. נאכדעם, ווי מ'האט אים ארויסגעטריבן פון זיין הויז, זענען די הארא דטשוקעס אים באפאלן און דערמארדעט אין מיטן העלן טאג אויפן מארק.

דער צווייטער קרבן, איז געווען זאב בן גרוניע קונדא, וועלוול דעם שמיד'ס אן אייניקל. אים האבן די גויים דערמארדעט אין אלשאנער גאס נעבן שלמה פליישמאן'ס הויז.

דעם 17־טן אב ה'תש״א, זענען קאנצענטרירט געווארן די יידישע מענער אויפן פלאץ פון קאשציאל און פון דארט איבער געפירט געווארן אין חינאווסק ווו די הארא דטשוקעס האבן צוגעגרייט פאר זיי א ברודער קבר.

עס איז זייער שווער פארצושטעלן די ברוטאלע טאטן און די אכזריותדיקע מעשים, וואס די הארא דטשוקעס האבן אויסגעפירט אויף די יידן די לעצטע מינוטן איידער מען האט זיי דערמארדעט.

זיי האבן אראפגעצויגן די זאכן פון די קרבנות, מען האט געהאקט קעפּ, געשניטן אברים און געשאכטן מיט וואס ס'איז געקומען צום האנט: שטעקנס, שטיינער אייזנס און הייס געוועהר. דערנאך האט מען זיי געווארפן אין די גריבער און פארשאטן לעבעדיקערהייט.

3 טעג נאכן מאסן־מארד האט זיך נאך דער באדן געהויבן און זיך ניט געקאנט בארויקן.

דער אנפירער פון די פאגראמען איז געווען דער פעלדשער איוואן מארייקא, וועלכער איז ספּעציעל געפארן אין פינסק, און פון דארט געבראכט די ס.ס.־לייט.

איידער ער איז געפארן אין פינסק האט ער צוזאמענגעקליבן יידישע גאלד און זילבער, וועלכע א טייל יידן האבן אים געגעבן צו באהאלטן.

נאך דער „אקציע״ האבן די גויים אנגעהויבן נאכזוכן די באהאלטענע יידן. דער ערשטער איז אנטדעקט געווארן אברהם סלוצקי דער בעל־עגלה, נאך אים מענדל דעם בראצקער'ס זון, וועלכער האט זיך באהאלטן אין גארטן צווישן די בעבלאך; מען האט זיי גלייך דערמארדעט.

ראובן קאלוזשני האט זיך באהאלטן אין קלאזעט פון זיין גויישן שכן מארקאוויטש. דארט אויפן פלאץ איז ער דערמארדעט געווארן און דארט געבליבן.

ברוך יוסף קאצמאן און זיינע 2 זין זענען אויסגעפונען און דערמארדעט געווארן דורך דימיטרי פוז׳יק.

איסר בן ניסן גורוויטש האבן די האראדטשוקעס אויסגעשטאכן די אויגן און געשניטן פון אים אברים־וויז.

יהושע זאגער פון טורי, וועלכער האט זיך באהאלטן אין אויוועז, איז ארויסגעצויגן געווארן און דערמארדעט געווארן.

אהרן סלאמיאנסקי איז ארייגעווארפן געווארן אין טייך האריז. אדאנק די אנשטרענגונגען פון זיין ווייב רחל, איז ער ארויסגעצויגן געווארן דורך געדונגענע גויים און זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל.

מיינע ביידע קינדער ברכה און ברוך, וועלכע זענען אדאנק א גויע אנטלאפן אין דובינעצער וואלד, זענען דורך די גויים צוריקגעבראכט געווארן אין שטאט און אין מיטן מארק האט מען זיי צושניטן אויף שטיקער. מיין זון יעקב איז געלונגען צו אנטלויפן.

שמחה מישאלאוו האט זיך באהאלטן 4 מאנאטן ביי זיך אין קעלער. זיין גויישע דינסט האט אים געשפייזט די גאנצע 4 מאנאטן. דערנאך האט זי אים געמסר׳ט און מען האט אים דערמארדעט אויף דער גרעבליע גאס.

איידער ער האט צוריקגעקערט זיין נשמה צו גאט, האט ער נאך באוויזן אויסצושרייען „פאדלעצי, שטא ווי דיעלאיעטיע ?״ (אויסוורפן, וואס טוט איר ?).

א זון פון בערל שמוץ, וועלכער איז געווען איבערגעטאן אין פרויען־קליידער איז דערקענט געווארן דורך די גויים און דורך זיי דערמארדעט געווארן.

נאכן אויסשעכטן די מענער, זענען די יידישע פרויען פון הארעדאק, ארויסגעטריבן געווארן פון שטאט. א טייל איז אומגעקומען אויפן וועג און די טייל, וועלכע האט זיך אומגעקערט אין הארעדאק, איז אין א יאר ארום דערמארדעט געווארן דורך די גויים און אריינגעווארפן געווארן אין די גריבער פון די מענער.

די טאכטער פון דעם רב ר׳ משה׳לה איז געווען א פארטיזאנקע אין ווישנעווער וועלדער. זי איז געפאלן אין קאמף.

גאלדע־רחל, מאיר אליהו קושניר׳ס פרוי, האט זיך אויסבאהאלטן אין קאפליצע אין דארף כאראמסק און דארט האט מען איר דערהרגעט.

שמואל קאצמאן, לייבל קאצמאן׳ס א זון מיט זיינער א שוועסטער, האבן זיך ארומגעדרייט אין ארליער וואלד 4 מאנאטן צייט, דארט האבן זיי די גויים געטראפן און צוריסן אויף שטיקער.

נישקע, חיים קירזשנערס פרוי, צוזאמען מיט נאך 3 פרויען, האבן זיך באהאלטן ביי זיי אין שטאל און דארט האט מען זיי דערהרגעט.

לאה, משה קאלוזשניס פרוי, איז דערהרגעט געווארן דורך די גויים אויפן גרעבליע בריק.

די גויים האבן געפלאנט מיר דערהרגענען. איינמאל באנאכט איז געקומען א פארשטעלטער גוי מיר צו הרגענען. איך האב אנגעהויבן שרייען, פאליציי איז באלד אנגעקומען און האט מיך געראטעוועט.

צום סוף האב איך מער ניט געקענט זיין אין דאוויד־הארעדאק צוליב דער פיינטשאפט פון די גויים און איך בין פון דארט אנטלאפן.

חיים האכמאן

## א. פאלקאוויק סאטאנאווסקי

מיר געפינען זיך יעצט אין דער געגנט פון דארף קריפנע — ניט ווייט פון פינסק — אין געדיכטע וועלדער.

שוין עטלעכע טעג ווי מיר זענען גרייט אין וועג, כדי זיך איבערציען אויף אן אנדער ארט, אבער מיר רירן זיך דערווייל ניט.

וווהין ציען מיר זיך איבער און, בעיקר, פארוואס ווארטן מיר? דאס איז, ווייזט אויס, דער סוד פון קאמאנדיר אליין.

די פרוי פון אונדזערן אן אפיציר, וועמענס פורמאן איך בין, דערציילט מיר בסודי־סודות, אז מ׳ווארט אויף אן עראפלאן מיט גרויסע לייט, וועלכע דארפן אהערקומען פון מאסקווע. מיט פיר טעג צוריק האבן זיי שוין באדארפט זיין און מ׳קאן ניט פארשטיין די סיבה פון זייער פארשפעטיקונג.

וואס איז געשען? צי האט פאסירט מיט זיי אן אומגליק?

א פאר שעה נאכדעם, ווי די פרוי פון אפיציר האט מיר דערציילט די דאזיקע געשיכטע, האט אונדזער אטריאד גערירט אין וועג.

א גאנצע נאכט איז מען געגאנגען און ווען ס׳איז טאג געווארן, איז מען געבליבן שטיין אין א געדיכטן גרויסן וואלד מיט טיפע בלאטעס.

דא איז אונזער צייטווייליקער אפעראציע־פונקט און ווין־ארט.

מ׳האט באקומען א באפעל אויפשטעלן די ביידלאך און כאטש ס׳איז שוין געווען שפעטער הערבסט (א חודש נאך סוכות 1943) האט מען ניט דערלויבט מאכן פייער.

דער אפיציר — דער מאן פון פרוי מיטן קינד, וואס איך האב געפירט, — איז צוגעקומען צום וואגן און האט אונז דערציילט, אז די פאראשוטיסטן זענען סוף־כל־סוף אנגעקומען, ס׳איז, אבער, ליידער, מיט זיי געשען אן אומגליק. 3 פון זיי זענען אויפן וועג צום אטריאד אומגעקומען. א פויער פון דארף טערעבליטש האט זיי פארראטן.

דער וואלד, אין וועלכן אונדזער אטריאד איז יעצט געשטאנען איז געווען אין געגנט פון גרויסן דארף קאראצקא־וואליא. די באפעלקערונג פון דאזיקן דארף איז געווען פריינטלעך געשטימט צו פארטיזאנער און דער שטאב האט דערלויבט מאכן באטאג פייער, קאכן און באקן. דעמזעלבן טאג איז פארגעקומען א פארזאמלונג און דער קאמאנדיר פון אטריאד, פאלקאוויק סאטאנאווסקי האט געגעבן די פארטיזאנער און די פליטים אנווייזונגען, וויאזוי זיך צו האלטן.

די הויפט אנווייזונג איז געווען, אז אויסער פארטיזאנער, וואס ווערן געשיקט אויספירן טעראר־אקטן קעגן די דייטשן, טאר קיין איינער זיך פון ארט ניט רירן. ווער ס׳וועט זיך ניט אונטערווארפן דעם דאזיקן באפעל, וועט אויפן ארט — אן שום משפט — דערשאסן ווערן.

נאכן פארענדיקן צו געבן די דאזיקע אנווייזונגען, ווענדעט זיך דער קאמאנדיר צו די פארזאמלטע:

„חברים! ווער פון אייך עס שטאמט, אדער קאן די געגנטן פון דאוויד־הארארדאק, סטאלין און טורעוו, זאל זיך גלייך נאך דער פארזאמלונג מעלדן צו מיר אין שטאב".

איך בין אריין אין שטאב און געמאלדן דעם קאמאנדיר, אז כ׳קאן גוט דאוויד־הארארדאק און אביסל אויך איר געגנט.

„זאג מיר, חבר האכמאן, צי ווייסטו ווו ס׳געפינען זיך די דערפער אזדאמיטש, טערעבליטש און קאראטיטש?

„יא" — ענטפער איך.

ער הייסט מיר זיך שטעלן אין א זייט און פרעגט דעם צווייטן פארטיזאן, וועלכער איז אריין אין שטאב גלייך נאך מיר.

„פונוואנען ביסטו, חבר ?"

„פון דארף בוקטשע" — ענטפערט דער פארטיזאן — „ס'איז אפילו ווייט פון דאוויד־הארדאק, אבער מיר פויערים, פלעגן אפט אהינקומען און דעריבער קאן איך די דאזיקע געגנט".

„פארוואס ביסטו געקומען אין אונדזער אטריאד ?" — זעצט פאר ווייטער דער קאמאנדיר זיינע פראגן.

„ווייל כ'וויל שלאגן די דייטשן" — פאלגט אן ענטפער פון פארטיזאן.

„הער, חבר !" — ווענדעט זיך דער קאמאנדיר צום פארטיזאן — „אפשר איז דא אין אונזער אטריאד א ייד, וואס קאן דיך ?"

„ביי אונז אין אטריאד ניט" — ענטפערט ווידער דער פארטיזאן — „דאגעגן זענען דא יידן אין פיאדאראווס אטריאד, וועלכע קאנען מיך פונדערהיים. פרעג זיך ביי זיי אויף מיר".

גלייך איז אנגעבונדן געווארן א קאנטאקט מיט פיאדאראווס אטריאד און דער ענטפער איז געווען, אז דער פארטיזאן איז א פיינער און ארענטלעכער מענטש און ס'איז ניטא קיין סכנה, אז ער זאל פארראטן.

ס'האט ניט לאנג געדויערט און צום קאמאנדיר אין שטאב זענען אריינגעקומען 10 יונגע, שטארקע און פריילעכע פארטיזאנער. שפעטער האט מען אין שטאב אריינגעטראגן דייטשישע קריגס־מלבושים.

אלע פארטיזאנער, אויסער מיר, האבן פון זיך אראפגעווארפן זייער'ע פארטיזאנער־קליידער און זיך אנגעטאן אין נייע בלאנקענדע דייטשישע קריגס־מונדירן. אפילו צלמ'לעך אויף די העלזער האבן זיי ניט פארגעסן אנצוטאן.

איינער פון די פארטיזאנער האט אויף זיך ארויפגעצויגן א מונדיר פון א דייטשישן יעפרעיטאר. ער איז איינער פון די 10 פארטיזאנער, וואס זענען נאר וואס אנגעקומען פון מאסקווע און ער באהערשט פערפעקט די דייטשישע שפראך.

דאס גאנצע געווער — ביקסן, קוילנווארפער'ס און באמבעס — מיט וואס די דאזיקע „דייטשן" זענען געווען באוואפנט, איז געווען פון דייטשישער אויסארבעטונג. אפילו די סיגארעטן, וואס יעדער פון זיי האט באקומען, זענען געווען דייטשישע.

איך האב מיך איבערגעטאן אין טראדיציאנעל יידישע קליידער, האבנדיק באהאלטן ביי זיך א רעוואלווער מיט עטלעכע האנט־גראנאטן.

דער „דייטשישער יעפרעיטאר" קלערט מיר אויף פאלגענדעס :

„אין פאל" — זאגט ער — „ווען מיר וועלן זיך אונטערוועגנס טרעפן מיט דייטשן, אדער פאליציי, וועלן מיר זאגן, אז מיר האבן דיך געכאפט אויסבאהאלטנדיק זיך אין די וועלדער. נאך שטארקע קלעפּ, וואס דו האסט פון אונז באקומען (סימנים פון „קלעפּ" זענען גלייך באזארגט געווארן — מ'האט מיר צושניטן א פינגער פון האנט און מיטן בלוט אויסגעשמירט מיין פנים מיט די האר), פירסטו אונדז וויזן דאס ארט, ווו פיל יידן באהאלטן זיך אויס".

דער קאמאנדיר באפעלט אונז ניט ארויסצוגיין פון שטאב און זיך ניט ווייזן פאר קיינעם.

ס'איז האלבע נאכט, מיר זענען גרייט אין וועג אריין.

דער „דייטשישער יעפרעיטאר" ווענדעט זיך צו אונז מיט פאלגנדע ווערטער :

„חברים פארטיזאנער !

„מיט א קורצער צייט צוריק, זענען מיר אין מאסקווער געגנט איינגעשטיגן אין אן אערא־פלאן מיטן ציל אנצוקומען אין אייער פארטיזאנער־אטריאד. צוזאמען מיטן פילאט זענען מיר געווען 13 מאן.

„ביים טייך פריפיעט — ניט ווייט פון מיקאשעוויטש — האבן אונדז אנגעהויבן נאכיאגן דייטשישע אעאראפלאנען, באשיסנדיק אונדזער אעראפלאן. ווען אונדזער אעראפלאן האט אנגעהויבן ברענען, האבן מיר אלע זיך געלאזט שפרינגען מיט די פאראשוטן. צום גליק האבן מיר אלע בשלום געלאנדעט ניט ווייט פון דארף טערעבליטש. ווען מיר האבן זיך אלע אפגעזוכט און צוזאמענגעקליבן, זענען מיר אריין אין א פויעריש שטיבל אין דארף און זיך געפרעגט אויפן וועג צו די מערלינער כוטארעס. דער פויער האט אונדז געוויזן דעם וועג, פארזיכערנדיק אונדז גלייכצייטיק, אז אין דער גאנצער געגנט זענען נישטא קיין דייטשן און קיין פאליציי. ווען מיר האבן קאנטראלירט דעם וועג לויט אונדזער מאפע, האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער פויער האט אונדז פינקטלעך אינפארמירט. מיר האבן זיך אלע אוועקגעלאזט אין וועג אריין דאנקנדיק און בענטשנדיק דעם פויער מיט זיין משפחה.

„אין א האלבע שעה ארום, זענען אונדז אויפן וועג אנטקעגנגעקומען מענטשן, וועלכע האבן אויסגערופנדיק „סטאי, רוקי וו׳וויערך!“ (שטיי, די הענט אין דער הויך) אונז באשאסן.

„דריי פון אונדזערע חברים, זענען אויפן ארט געפאלן טויט.

„מיר האבן גלייך געענטפערט מיט פייער און דערהערט פון זייער זייט געשרייען און קרעכצן פון פארוואונדעטע. דערמיט האט זיך געענדיקט דער צוזאמענשטויס, וועלכער איז פארגעקומען אין א קליין וועלדל.

„מיר האבן, קריכנדיק אויף אלע פיר, זיך געוואלט דערלאנגען אין נאענטן גרויסן וואלד. אויפן וועג האבן מיר זיך אנגעשטויסן אן א קערפער, וואס האט געשטיקט אין זיך די וויטיקן, וועלכע אונדזערע קוילן האבן אים פארשאפט. ער איז געווען פארוואונדעט איןביידע פיס. דער דאזיקער פארוואונדעטער פאליציסט, האט פון פארדרוס ביטער געשאלטן דעם פויער קארפ, וואס ער האט זיי, די פאליציי־לייט, אויפגעוועקט פון שלאף און צוזאמען מיט זיי זיך געלאזט נאכיאגן די פארטיזאנער.

„מיר האבן“ — דערציילט ווייטער דער „דייטשישער יעפרעיטאר“ — „דעם דאזיקן פאליציסט דערשטיקט און נאך עטלאכע טעג וואנדערן איבער בלאטעס און וועלדער, זענען מיר אויסגעמאטערטע אנגעקומען אין אייער אטריאד.

„יעצט“ — זעצט פאר דער „יעפרעיטאר“ — „גייען מיר אהערברענגען דעם פויער קארפ.

„מיר מוזן נקמה נעמען אין אזעלכע הינטישע זין!

„ס׳זענען יעצט דא, וואס אן אמת, וויכטיקערע אויפגאבן פאר אונדז פארטיזאנער“ — באמערקט דער „יעפרעיטאר“ — „אונזער גאנצע ענערגיע מוז זיין געווענדעט און אויסגענוצט קעגן די פארשאלטענע דייטשן — מיר ווערן אבער אויפגעפרעסן פון פארדרוס און כעס, וואס אן אייגענער פויער — פלייש פון אונזער פלייש — האט פארגאסן דאס בלוט פון אייגענע ברידער און פארראטנדיק דאס אייגן פאלק דינט ער, ווי א טרייער הונט, די דייטשישע מערדער.

„מיר וועלן אים לעבעדיק אדער טויט אהערברענגען אין אטריאד דעם דאזיקן פאררעטער־מערדער און זאל פארטיזאניש בלוט ניט זיין הפקר“.

מיטן פארענדיקן די דאזיקע ווערטער פון אונזער גרופן־פירער, האבן מיר זיך געלאזט אין וועג אריין.

בין־השמשות־צייט, נאך דריי טעג וואנדערן איבער וועלדער, בלאטעס און פעלדער, זענען מיר אנגעקומען אין דארף קאראטיטש.

נאכדעם, ווי אונדזערע „דייטשן“ האבן זיך אינפארמירט, אז אין דארף זענען דא בלויז פאליציי־לייט, זענען מיר אלע אריין אין פאליציי־אמט. 5

אונזער „יעפרעיטאר“ האט אינפארמירט די פאליציי־לייט, אז די גרופע מיט וועלכער

ער פירט אן, איז ספּעציעל אויסגעטיילט געוואָרן, כדי צו ליקווידירן אנטגילטיק די רעשטלעך יידן, וועלכע באהאלטן זיך נאך אויס אין די וועלדער.

אנווייזנדיק אויף מיר, האט דער „יעפרעיטאר" געזאגט אז דער דאזיקער געכאפּטער ייד, פירט ווייזן דאס ארט, ווו ס'זענען באהאלטן פיל יידן.

כדי ס'זאל, אבער, גרינטלעך געמאכט ווערן די דאזיקע הייליקע ארבעט, מוז מען מאביליזירן די פּאליציי פון קאראטיטש, טערעבליטש און אזדאמיטש.

נאכן צוזאמענקלייבן זיך פון אלע פּאליציי־לייט פון דארף קאראטיטש, לאזן מיר זיך אוועק קיין טערעבליטש.

אין טערעבליטשער פּאליציי־אמט, וועלכער געפינט זיך אין א פּריוואט הויז, האבן זיך שוין צוזאמענגעקליבן אויך אלע טערעבליטשער פּאליציסטן און צווישן זיי אויך דער פויער קארפּ.

2 פּאליציי־לייט ווערן דורכן „יעפרעיטאר" אוועקגעשיקט קיין אזדאמיטש מיט דער אויפגאבע צו ברענגען אהער אויך די דארטיקע פּאליציסטן.

דער „יעפרעיטאר" האלט אינצווישן פאר אלע פּאליציסטן א רעדע אין רוסיש און שטראפט זיי פאר זייער ניט וואכזאמקייט.

ס'טייטש — דונערט ער מיט א לייבן־שטים — ווי איז דאס מעגלעך, אז בלויז עטלעכע צענדליק קילאמעטער פון אייערע דינסט־פּלעצער זאלן זיך נאך ביז היינט צו טאג אויסבאהאלטן אזויפיל זשידעס? א קלייניקייט — אזויפיל זשידעס! — חזרט ער איבער.

פארענדיקנדיק די רעדע צו די פּאליציאנטן, ווענדעט ער זיך צו זיינע „דייטשישע קאמעראדן" מיט א רעדע אויף דער דייטשישער שפּראך.

די „דייטשן" ענטפערן פון מאל צו מאל מיט „יא וואל", „גוט", „ארדענונג" — מער קיין דייטשישע ווערטער קענען זיי, נעבעך, ניט...

די פּאליציי־לייט הויבן זיך אן פארענטפערן, ניט זיי זענען שולדיק דערין, וואס ס'געפינען זיך נאך, ווו־ניט־ווו, באהאלטענע לעבעדיקע זשידעס. יעדער איינער פון זיי האט געטאן דעם מאקסימום, כדי אויסצוראטן די „פארכאטע זשידעס". טעג און נעכט האבן זיי ניט גערוט, געזוכט אין אלע ווינקעלעך, געטראפן פרויען, קינדער און מענער און אלע אן רחמנות דערמארדעט.

ס'גייט אוועק א ליציטאציע פון גרויל־מעשים, וואס יעדער איינער דערציילט וועגן זייערע „אויפטוען" אויף דעם געביט. איין געשיכטע איז שוידערלעכער און גרויזאמער פון דער צווייטער.

אט אזוי, אויסהערנדיק די דאזיקע גרויל־געשיכטן פון די מערדער רוקט זיך א שעה נאך א שעה. די נאכט איז א פינסטערע, פארכמארעטע — זי דערנעענטערט זיך שוין אבער צו ענדע.

ס'ציטערט אויף אונדז, פּארטיזאנער, די הויט, ס'ברענט די ערד אונטער אונדזערע פיס. וואס גיכער אוועקגיין אין וואלד אריין. וואלט זיך נאר ניט ארויסווייזן, אז מיר זענען פּארטיזאנער. אלע האלטן שטייף דאס געווער אין די הענט. אלע זענען אומרואיק און אומגעדולדיק.

ער אליין, דער „יעפרעיטאר" דער עלטסטער פון אונדזער גרופּע — איז רואיק און איילט זיך ניט. ער רויכערט אליין און טיילט מיט א ברייטער האנט סיגארעטן — דייטשישע סיגארעטן — אלע פּאליציסטן. ער הערט געדולדיק אויס זייערע גרויל־געשיכטן, פארברענגט מיט זיי און ווארפט, גלייכצייטיק, אריין אן „אומשולדיקע" פראגע: „נו, און וואס הערט זיך ביי אייך מיט פּארטיזאנער? איר פרעסט, זויפט און שלאפט און איר כאפּט ניט קיין שום פּארטיזאן, הא? שלעכט מיט אייך!"

דא גייט ארויס דער פויער קארפּ מיט לשון. ער דערציילט, וויאזוי ער האט מיט בערך א 10 טעג צוריק אויסגעגעבן א גרופּע פּארטיזאנער אין די הענט פון דער פּאליציי.

„ליידער“ — זאגט ער — „זענען געווען צו ווייניק פאליציסטן, ס׳זענען פון די פארטיזאנער בלויז 3 טויטע געפאלן און די איבעריקע איז געלונגען צו אנטלויפן אין וואלד. אין דאזיקן קאמף זענען געפאלן אויך 4 פאליציי־לייט.

„איך אליין“ — בארימט זיך דער פויער קארפ — „בין קוים לעבן געבליבן. כ׳האב מיך באהאלטן אין א גרוב און געלעגן ביז די פארטיזאנער זענען אוועק.“

„פאר מיין דאזיקן טאט“ — דערציילט ער — „האב איך באקומען פון דאוויד־האראדאקער שטאט־קאמענדאנט א שיינע מתנה: 2 מעלקעדיקע קי און פיל בגדים פון די אויסגעהרגעטע זשידעס“.

אין דרויסן הויבט שוין באלד אן טאגן. די פויערטע איז שוין אויפגעשטאנען פון איר שלאף און אויך די קינדער הויבן זיך שוין אן וועקן. די פויערטע נעמט ארויס פון אויוון א טאפ זופ און הויבט אן עסן צוזאמען מיט די קינדער.

איך שטרעק אויס מיין האנט צו דער באלעבאסטע און בעט ביי איר אביסל זופ. די פויערטע גיסט אן א פולע טעלער ווארעמע זופ און גיט מיר.

ווי נאר כ׳האב אנגעהויבן עסן, גייט צו מיר צו דער עלסטער פון מיין גרופע, דער „דייטשישער יעפרעיטאר“, רייסט ארויס פון מיין האנט דעם טעלער און זאגט: דאס האט דיר געגעבן די גוטע באלעבאסטע? אויב אזוי פרעס! ענדיקנדיק די ווערטער, גיסט ער ארויף די גאנצע זופ אויף מיין קאפ.

מיט א הילכיקן געלעכטער ענטפערן אלע „דייטשן“ און פאליציסטן אויפן „העלדישן“ טאט פון „יעפרעיטאר“. ס׳ווערט אן אומבאשרייבלעכע שמחה און הייטערקייט. אלע זענען צופרידן, ממש גליקליך, פון דאזיקן „געניאלן“ איינפאל.

מיטאמאל הערט זיך א קלאפן פון רעדער אין דרויסן. ס׳פראלט זיך אויף די טיר און ס׳קומען אריין די 2 געשיקטע דורכן „יעפרעיטאר“ פאליציי־לייט מיט אלע אזאמיטשער פאליציסטן, וועלכע ציילן 8 מאן.

די באגעגעניש צווישן די פאליציאנטן איז פול מיט שמחה. מ׳דריקט זיך די הענט, מ׳רעדט, מ׳דערציילט און בעיקר ווערט דערציילט וויאזוי דער „דייטשישער גרופן־פירער“ האט מיך אפגעגאסן מיטן טעלער זופ.

איך זיץ אין א ווינקעלע, אן אויסגעשמירטער פון קאפ ביז די פיס אין זופ פון געקאכטן מעל מיט קארטאפעל, מיין געזיכט און מיינע הענט פארפלעקטע אין בלוט און מאך מיך וויינענדיק...

אונזער גרופן־פירער, דער „יעפרעיטאר“ פירט אינצווישן סודותפולע געשפרעכן מיט די פאליציי־קאמענדאנטן און מיטן פויער קארפ...

די פויערים פון דארף, דערוויסנדיק זיך אז מ׳גייט אויף אזא הייליקער ארבעט, ווי כאפן זשידעס, האבן דערווייל צונויפגעטראגן פיל שפייז־ארטיקלען, ווי: אייער, פוטער, חזיר, ברויט און א גאר היבשע צאל פלעשער בראנפן.

ס׳הערט זיך א באפעל פון „יעפרעיטאר“: אין וועג אריין.

יעדער פאקט אויף שנעל אריין אין זיין רוק־זאק דאס צענויפגעטראגענע עסן און מען לאזט זיך אין וועג אריין, אין דער ריכטונג צו די וועלדער פון דארף קאלק.

מיר זענען געגאנגען צווישן געדיכטע וועלדער מיט נידעריקע בוימער. אין וועג פרעגן מיך אויס די פאליציסטן וועגן די באהאלטענע זשידעס. ס׳אינטערעסירט זיי צו וויסן, צי ס׳זענען דא צווישן זיי רייכע און צי ס׳געפינען זיך דארט יונגע פרויען. פון מיין ענטפער זענען זיי שטארק דערמוטיקט און צופרידן. איך זאג זיי, אז דארטן וועלן זיי געפינען אלץ: פיל געלד, גאלד און ברילאנטן און דער עיקר יונגע און שיינע פרויען...

נאכן אפמארשירן 3 שעה, הייסט אונזער „יעפרעיטאר" זיך אפשטעלן „מ׳דארף זיך — זאגט ער — אפרועןן און עפעס איבערקייען".

דאס גאנצע געווער ווערט צוזאמענגעשטעלט אין „קאזלעס" (יעדע 3 ביקסן אנגעשפארט איינע אויף דער אנדערע). מ׳זעצט זיך אוועק און מ׳הויבט אן פראוועז די סעודה.

מ׳פרעסט און מ׳זויפט בראנפן אן א גרענעץ. און „כטוב לב המלך ביין", גיט מען אויך מיר געגוג צום עסן.

דער „יעפרעיטאר" נעמט, אינצווישן, ארויס א לאנדקארטע און ווייזט, די שוין האלב שיכורע פאליציי־לייט, דאס ארט וווּ ס׳געפינען זיך די זשידעס מיט זייערע ביידלאך. פאר־שטענדלעך, אז דאס ארט איז שוין גאר גאר נאענט...

דערמונטערט דערפון, וואס מ׳דערנענטערט זיך שוין צום ציל און פארויסזעענדיק דעם „פעטן ביסן" וואס ס׳דערווארט זיי, האבן די פאליציסטן ווידער באנייט זייער טרינקען...

נאכן ענדיקן די סעודה, לייגן זיך די פאליציי־לייט אין איין זייט אפרוען און אלע „דייטשן" אין דער אנטקעגנדיקער זייט.

דער פויער קארפ און נאך א פאליציאנט, וועלכער איז אינגאנצן שיכור ווערן אוועק־געשטעלט אויף דער וואך, כדי צו היטן מיך און דאס געווער...

אין געציילטע מינוטן פאלן אלע פאליציסטן אריין אין א טיפן שלאף.

די „דייטשן" כאפן זיך גלייך אויף פון זייער „שלאף", נעמען אין די הענט די צוזאמענ־געשטעלטע אנגעלאדענע ביקסן און אין סעקונדעס ווערן אלע פאליציי־לייט דערשאסן.

נאר איינער ווערט „געשוינט" — דער פויער קארפ.

ער דארף געבראכט ווערן לעבעדיקערהייט אין אטריאד, כדי איבערגעבן צו ווערן אין די הענט פון די פאראשוטיסטן וואס 3 פון זייערע חברים האט זיין, קארפס׳ פאררעט, אומגעבראכט.

אויפן 10־טן טאג זענען מיר צוריקגעקומען אין אונזער אטריאד. דעמזעלבן טאג פון אונדזער אנקומען איז קארפ אויפגעהאנגען געווארן.

מאכנדיק אן אונטערזוכונג אין זיינע זאכן, האט מען געפונען ביי אים א טאשן־זייגער מיט א העברעאישער אויפשריפט. די אויפשריפט האט געלויטעט: „לזכרון לחתני דב פרבר ליום חתונתו".

דעם דאזיקן זייגער, האט בערל פארבער באקומען א מתנה פון זיין שווער צו זיין חתונה...

* * *

דער אטריאד־קאמאנדיר סאטאנאווסקי איז געווען גליקלעך מיט אונדזער צוריקקומען. ער האט אונדז אויפגענומען מיט פרייד און געזאגט, אז ער האט געהאט א פארגעפיל, אז אונדזער שליחות וועט געלינגען.

„אונדזער גרופן־פירער, דער „יעפרעיטאר" — האט ער געזאגט — „איז איינער פון די בעסטע און קליגסטע זין פון רוסלאנד. ער באהערשט 10 שפראכן און צווישן זיי פערפעקט די דייטשישע שפראך, ער איז א פעאיקער דיפלאמאט — א ספעציאליסט אויף אויסצופירן אזעלכע שליחותן.

„און דאך" — האט געזאגט דער קאמאנדיר סאטאנאווסקי — „בין איך די גאנצע 10 טעג, וואס איר זייט געווען אין וועג, געווען אומרואיק און ניט געקאנט שלאפן. ווער ווייסט, קריג איז קריג און אלץ קאן פאסירן!

„חברים" — האט פארענדיקט דער קאמאנדיר — „איר זייט מיד פון אנשטרענגונג און פון וועג, יעדער פון איך באקומט 3 טעג אורלויב. איר באקומט, אבער, יעצט פאלגענדן באפעל: קיינער טאר ניט וויסן וווּ איר זייט געווען און וואס איר האט אויפגעטאן. פאר ניט אויספירן דעם באפעל, וועט מען באשטראפט ווערן לויט אלע כללים פון קריגס־צייט".

## ב. ראש־השנה 1943 אין פארטיזאנער אטריאד.

דער פוילישער פארטיזאנען־אטריאד „קאסטיושקא“ וועלכער ציילט בערך 300 פארטיזאנער פון פוילישער אפשטאמונג און אכט יידישע זעלנער, געפינט זיך יעצט אין דער געגנט פון גרויסן דארף מולטשיטש (בערך 80 קילאמעטער פון פינסק), אין גרויסע געדיכטע וועלדער און צווישן טיפע בלאטעס.

דער אטריאד האט אונטער זיין שוץ אן „אבאז“ פון קרוב צו הונדערט פוילישע משפחות, וועלכע זענען אנטלאפן פון די שחיטות, וואס די אוקראינער האבן אויף זיי געמאכט. אין „אבאז“ געפינען זיך אויך עטלעכע צענדליק יידישע נפשות — אומגליקליכע אנטלאפענע רעשטלעך פון די צענדליקער טויזנטער יידן פון דער אומגעבונג, וואס די דייטשן צוזאמען מיט די אוקראינישע און ווייסרוסישע באנדיטן האבן אומגעבראכט אויף אן אכזריותדיקן אופן.

איך בין דורכן שטאב פון אטריאד באשטימט געווארן אלס פורמאן, וועלכער פירט די משפחות פון די פארטיזאנען־קעמפער.

לאנג פלעגט דער אטריאד ניט שטיין אויף איין ארט — מיר פלעגן זייער אפט בייטן די ערטער אין די וועלדער.

ערב ראש־השנה 1943 האט זיך א ייד פון „אבאז“ געווענדעט מיט א ביטע צום קאמאנדיר פון אטריאד, ער זאל דערלויבן מארגן, ראש־השנה, מאכן א מנין, כדי צו קענען דאוונען בציבור אין א שייער, וואס איז געשטאנען נאענט אין וואלד.

דער קאמאנדיר, א יונגער, געזונטער און שיינער מאן, רעדט און שרייבט גוט פויליש — איז ערשט מיט א מאנאט צוריק אראפגעלאזט געווארן מיט נאך א צענדליק פוילישע פאראשוטיסטן פון אן עראפלאן, וועלכער איז אנגעקומען פון מאסקווע.

דער קאמאנדיר רעדט ווינציג און איז אויסערגעוויינלעך שטרענג. זייט ער איז קאמאנדיר אין אונזער אטריאד, האט נאך קיינער ניט געזען קיין שמייכל אויף זיין שיינעם פנים. זיינע באפעלן צו די פארטיזאנער ווי אויך צו די פליטים פון „אבאז“ זענען שטענדיק געווען קורץ און שארף. אן רחמנות פלעגט ער שיסן פאררעטער און מוסרים. א גוטן שטריך אין כאראקטער האבן מיר יידן באוויזן צו באמערקן גלייך מיט זיין אנקומען אין אטריאד. ער האט, נעמלעך, באפוילן זיינע אויפזעער אויף שפייז און די פאראנטווארטלעכע אויף די קיכן, זיי זאלן קיינעם ניט באעוולען אין פאנאנדערטיילן דעם עסן, אזוי, אז די יידישע פליטים זאלן באקומען צוגלייך מיט אלע פוילישע און רוסישע פליטים.

ראש־השנה אינדערפרי האט דער קאמאנדיר געשיקט רופן צו זיך דעם יידן, וואס האט אים נעכטן געבעטן א דערלויבעניש צו דאוונען בציבור און האט אים מיט א שמייכל אויף די ליפן, וואס ביז אהער האבן דאס נאך אפילו די אממערסטן נאענט־שטייענדע צו אים מענטשן ניט זוכה געווען צו זען, געזאגט בזה הלשון:

„אויב איר מיינט, אז אייער גאט וועט אייך העלפן דורך דעם וואס איר וועט אים בעטן — גייט, מאדליעט זיך. מיין גאט“ — האט ער געזאגט, צודריקנדיק צום הארץ זיין געווער — „איז מיין ביקס און מיינע באמבעס. דאס דאזיקע לשון פארשטייען די דייטשישע מערדער בעסער און עס דערגייט גיכער צו זיי. אייערע בקשות און תפילות דערגייען, ווייזט אויס, צו אייער גאט פונקט אזוי ווי זיי דערגייען צו די דייטשן.. אבער דאוונט און בעט צו אייער גאט וויפיל אייער הארץ גלוסט. איך האב קיין רעכט ניט צו שטערן אייערע הייליקע געפילן, און באגערן. דאוונט וויפיל איר ווילט, ס׳זאל אבער זיין רוהיג“.

אלע יידן, אויסער די יידישע פארטיזאנער, וואס זענען געווען אין דינסט, זענען געקומען דאוונען. ס׳איז געווען איין טלית און איין מחזור, וואס א פלאטניצער ייד האט אנטלויפנדיק פון

דער שחיטה מיטגענומען מיט זיך. ער האט זיך איינגעהילט אין טלית און געדאוונט און די איבעריקע — א רעשטל פון צענדליקער טויזנטער געהרגעטע, געשחטענע און לעבעדיק באגראבענע יידן — האבן זיך געשטיקט אין טרערן, געקלאפט די קעפ אן די ווענט און געוואלדיק ספאזמירט.

די מענטשלעכע שפראך איז צו ארעם צו באשרייבן די דאזיקע הארצרייסנדע סצענע, ווען קרוב צו דריי צענדליק אומגליקלעכע יידן — מענער, פרויען און קינדער — עלנטע, איינזאמע און פאריתומטע, — האבן אויסגעוויינט און אויסגעצארנט זייער גרויסן אומגליק.

ארום שייער האבן זיך צוזאמענגעקליבן פיל פוילישע פליטים פון „אבאז" — ווי אויך פארטיזאנער פון אטריאד. פיל פון זיי האבן מיטגעוויינט צוזאמען מיט די יידן.

ווער ווייסט, וואס ס'האט אויף זיי געדריקט ?... אפשר האבן זיי חרטה געהאט אויף דעם, וואס זיי האבן זיינער־צייט געהאלפן די דייטשן אומברענגען די עלטערן, מענער, פרויען און קינדער פון די־אָ יידן, וואס דאוונען יעצט ?...

ווען דער חזן — א גוטער דאוונער מיט א הארציקער שטימע און אנגעווייטיקט הארץ — האט אנגעהויבן זאגן „הנני העני ממעש" האבן די טרערן ממש פארפלייצט דעם שייער.

אין דעם מאמענט איז האסטיק אנגעקומען, רייטנדיק אויפן פערד, דער קאמאנדיר פון אטריאד, פאלקאווניק סאטאנאווסקי. ער האט געבעטן איבעררייסן אויף א ווײלע דאס דאוונען און, זיצנדיק אויפן פערד, האט ער געזאגט:

„חברים! וואס וויינט איר? מיר לעבן דאך — איז צו וואס וויינען? די דייטשן טרעטן אפ אדאנק די שטארקע קלעפ פון דער העלדישער רויטער ארמיי אויף אלע פראנטן. ניט ווייט איז דער טאג ווען דער רוסישער זעלנער וועט ארומשפאצירן איבער די בערלינער גאסן, איבער דער גאנצער פארשאלטענער דייטשישער ערד און איבער די טויטע פגרים פון די דייטשישע מערדערס — ניט ווייט איז דער טאג פון נקמה! אבער... אונדזער פארטיזאנער־לאגע איז היינט ניט בעסער, נאר פיל ערגער ווי פריער. מיר דארפן פארשטארקן אונדזער וואכזאמקייט. דעם דייטש קומט אָן שווער אפצוטרעטן. אלע בריקן און אייזנבאן־ליניעס האבן מיר און אלע אנדערע העלדישע פארטיזאנער אפטיילונגען אויפגעריסן. די דייטשן געפינען זיך אין א פארצווייפלטער לאגע. זיי ווייסן, אז די פארטיזאנער זענען פאר זיי יעצט די גרעסטע געפאר. זיי האבן, דעריבער, ארויסגעשיקט ספעציעלע דייטשישע דיוויזיעס אונדז צו פארניכטן. אויך פון מערב זייט — פון דייטשלאנד, זענען ארויס דייטשישע דיוויזיעס זיי צו הילף. מיר געפינען זיך אינמיטן. אלע וועגן זענען אבער פאר זיי פארשטעלט. צו אונדז קענען זיי דערווייל ניט צוקומען. יעדע נאכט ווערן דורך אעראפלאנען אראפגעלאזט גרויסע רוסישע פארטיזאנער־גרופן, וועלכע מינירן די וועגן דורך וועלכע די דייטשן טרעטן אפ. אין פעלד און אין וואלד ווערן זיי צעריסן אויף שטיקלעך. און כאטש מיר פירן ניט מיט זיי קיין אפענעם קאמף — דאס טוט מיט גרויס דערפאלג — די העלדישע רויטע ארמיי — פאלן דאך פון אונדז גרויסע קרבנות. צי מיר אלע, וועלכע געפינען זיך דא, וועלן בלייבן לעבן איז שווער צו וויסן. לאמיר האפן, אפשר?

„פון פינסק ביז מאזיר און זשיטאמיר איז אלץ דורך די דייטשן פארברענט געווארן. ס'איז דא א באפעל פון דער מאסקווער העכסטער ארמיי־אנפירונג צו פארניכטן אן רחמנות אלע דייטשישע נאכשלעפער און פאררעטער. אין מיין פליטים־„אבאז" האבן מיר אנטדעקט א גאנצע משפחה דייטשישע שפיאנען — העכער צוויי צענדליק פון מיינע טייערע פארטיזאנער בחורים זענען צוליב זיי אומגעקומען. היינט באנאכט ווערט די גאנצע משפחה פון אכט פערזאן געהאנגען, כאטש שולדיק בעיקר און אומדירעקט איז נאר זייערע א טאכטער. ס'איז אבער אנצונעמען, אז די גאנצע הינטישע משפחה האט וועגן פאררעט געוווסט. לאמיר האפן, אז מיר וועלן בייקומען אלע שווערקייטן. זאל לעבן די רויטע ארמיי!"

נאכן ענדיקן די רעדע, ווענדעט זיך דער קאמאנדיר צום איינגעהילטן אין טלית חזן און זאגט צו אים פאלגענדעס: „הער נאר, מאדליע זיך ווייטער, זאג דאס וואס דו האסט פריער, ביי מיין אנקומען צום שייער, געזאגט".

דער חזן האט איבערגעדעקט מיטן אלטן צעריסענעם טלית זיין קאפ, אנגעשפארט זיינע דארע אויסגעטריקנטע הענט אן מזרח וואנט פון שייער און וויינענדיק האט ער געצויגן די ווערטער פון „הנני העני ממעש".

דער קאמאנדיר איז אראפ פון פערד, פאררויכערט א סיגארעט, זיך אנגעשפארט מיט זיין לינקען אקסל אן זיין פערד, געקוקט די גאנצע צייט אין איין ריכטונג אין װאלד אריין און זיך שטיל און מיט אויפמערקזאמקייט צוגעהערט צום טרויעריקן, וויינענדיקן, פול מיט פיין אנגעזאפטן ניגון.

איך האב באמערקט, אז טרערן קייקלען זיך אראפ פון זיינע אויגן...

* * *

די מלחמה האט זיך געענדיקט. איך בין צוריקגעקומען אין מיין געבורטס-שטאט און געטראפן חורבות און א גרויסן מאסן־קבר, אלץ איז פארלארן.

אין דינסטלעכע אנגעלעגענהייטן, בין איך געשיקט געווארן קיין ראוונע.

ביים שטאט קאמענדאנט אין קאנצעלאריע, האב איך באגעגנט א מאן אנגעטאן אין א שיינעם שווארצן אנצוג מיט זארגפעלטיק פארקעמטע האר. ער האט געפירט א געשפרעך מיטן קאמענדאנט.

איך נעם ניט אראפ פון אים מיינע אויגן. דעם מאן האב איך ערגעץ ווו געזען און כ'קאן מיך בשום אופן ניט דערמאנען. דער מאן האט באמערקט אז איך קוק אויף אים מיט א ספעציעלער פאראינטערעסירונג און פלוצים גיט ער מיך א פרעג:

„צי דערקענסטו מיך ניט, חבר?"

„ניין" — ענטפער איך — „כ'האב דיך ערגעץ־ווו געזען, נאר כ'קאן מיך בשום אופן ניט דערמאנען ווער דו ביסט".

„נו, טייערער" — זאגט ער צו מיר — „אויב דו האסט ניט דערקענט, דארף מען ניט. ס'איז ניט נויטיק, טייערער, אלדאס בייז געהערט שוין במילא צו דער פארגאנגענהייט, צו דער געשיכטע".

ווען ער איז ארויס פון קאנצעלאריע, פרעגט מיר דער ראוונער שטאט־קאמענדאנט: „ביזטו, בירגער האכמאן, געווען אין צייט פון קריג אין זיין פוילישן אטריאד, וואס האט געטראגן דעם נאמען פון קאסטיושקאָ?"

איך האב אים שוין ווייטער ניט געלאזט ריידן און געזאגט: „יא, יא, ריכטיק! דאס איז דאך דער קאמאנדיר פון מיין אטריאד דער פאליאק פאלקאווניק סאטאנאווסקי!"

„ניין, ניין" — איבעררייסט מיינע רייד דער ראוונער שטאט־קאמענדאנט, — „ניין, ניט דער פאָליאק סאטאנאווסקי, נאר דער העלדישער גרויסער גיבור פון ראטנפארבאנד, ארגאניזאטאר פון אלע פוילישע פארטיזאנען־אטריאדן אויף דער סאוויעטישער ערד, וועלכער איז באהאנגען יעצט דורכן חבר סטאלין אליין מיט אלע העכסטע אויסצייכענונגען און איז אפט א גאסט, צוגלייך מיט אלע אנדערע הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייטן אין קרעמל, פאלקאווניק, און העלדישער פארטיזאן, דער ייד משה סאטאנאווסקי!"

## מרים ברעגמאן, די פארטיזאנקע, דערציילט:

**...האלב** יולי 1941, געווען איז דאס ענדע וואך, נאכדעם ווי די דייטשן זענען געווען עטלעכע טעג אין דאוויד־הארדאק, האט זיך פארשפרייט א קלאנג אז די רוסן קומען צוריק. די דייטשן האבן אפגעטראטן צוזאמען מיט זייערע שטעטלשע מיטהעלפער.

דער מערדער א. מארייקא, וואס איז געשטאנען אין שפיץ פון די ארטיקע מאכט־ארגאנען איז אנטלאפן מיט זײַנע מענטשן קיין פינסק. אז מ׳האט אים געפרעגט וויאזוי לאזט ער איבער דאס שטעטל אן א פארוואלטונג, האט ער געענטפערט אז זיי אנטלויפן צוליב די שיסערייען פון די יידן און די רוסן. זונטיק זענען די דייטשן צוריקגעקומען און מיט זיי אויך דער מערדער מיט זיינע מענטשן.

באלד האט מען באפוילן די יידן אנהייגען אויפן ארבל א בלויען מגן־דוד אויף א ווייסער לענטע. די מענער האט מען אין זעלבען טאג — פארנומען „אויף ארבעט״ אונטערן שטאט. אין עטלעכע שעה ארום האבן — פון דארט ווו די מענער האבן געארבעט — זיך דערהערט שיסערייען. ווער און וואס האט קיינער ניט געוווסט. דעם טאטן האבן מיר באהאלטן אין קעלער, און ווען נאר די גויים זענען אריין זוכן מענער האבן מיר געמאכט א טומל כדי אפצווענדן זייער אויפמערקזאמקייט.

דעמזעלבן פארנאכט אין א גאַס־רעגן האב איך פלוצלונג דערהערט געשרייען און דורכן פענסטער האב איך דערזען פרויען און קינדער גייען מיט טארבעס אויף די פלייצעס.

אויף מיין פראגע האט מען מיר געזאגט אז מ׳טרייבט ארויס אלע יידן פון שטאט, צום בריק־צו וואס אונטערן שטאט. באלד האט מיין טאטע אנגעטאן פרויען־קליידער, און זאלבע־פירט — מיין מאמע, מיין טאטע, מיין שוועסטערל פייגעלע און איך — צוגעשטאנען צו אלעמען. אין וועג האט אונדז געטראפן דער צורר קולאגא, פון די אנגעזעענע גויים אין שטעטל, און דערקענט דעם טאטן. עס האבן ניט געהאלפן קיינע רייד. ער האט אים צוריקגעקערט מיט זיך אין שטעטל...

דער רעגן גיסט. די פרויען מיט די קינדער האט מען געבראכט הינטערן שטאט אין מאיאנטעק וואס נעבן טייך אויפן וועג צו סטאלין. מ׳האט אונז פארזיכערט אז גלייך ווי מ׳וועט פארענדיקן ביי אונז אין די הייזער זוכן געווער וועט מען אונז צוריקפירן אהיים. דערווייל זענען זיך צונויפגעקומען צו אונז די גויים פון דער ארומיקער געגנט און אנגעהויבן ראַבעווען און שלעפן אלץ וואס איז זיי געקומען צום האנט. איינער פון זיי האט זיך געראנגלט מיט מיר דראָענדיק מיט א מעסער אויב איך וועל אים ניט געבן מיין מאנטל. איך האב אבער ניט געגעבן און ער איז אוועק.

באנאכט איז געקומען דער מערדער מארייקא און מיטגענומען מיט זיך רבקה׳ן, יאסל יודאוויטשעס ווייב, מיט אירע צוויי טעכטער, מאלע און יענטל. לאה׳לען, עליע ברעגמאנס מאמע און מלכה דער אפטייקערקע — יאשע יודאוויטשעס ווייב. ער האט אויך געוואלט מיטנעמען פייגעלען — מיין שוועסטער — „נאכוואס זאל זי דא ליידן?״ — האט ער געזאגט. אבער איך האב פאר קיין פאל ניט געוואלט שיידן זיך מיט איר.

צומארגנס האט וואנקא מיט דער הילף פון א באנדע קאלעגן אונז ארויסגעטריבן פון מאיאנטעק צו סטאלין־צו. זיי האבן געשאסן אין דער לופט, געשטופט און געיאגט. די עלטערע האבן ניט אויסגעהאלטן און געפאלן אין וועג. זייענדיק שוין ניט ווייט פון סטאלין האבן זיי אונז צוריקגעפירט קיין דאוויד־הארדאק.

איינער א בעלאהושער גוי וואס האט געקאנט מיין זיידן, מיין מאמעס טאטע; הערצל

לוריע דעם וואלד־סוחר — האט אונדז אוועקגענומען צו זיך אין פארמע אין דער צייט ווען אלע אנדערע האבן פאר׳טגעזעצט גיין צו דאוויד־האראדאק. (שפעטער האב איך זיך דערוווסט אז אין שטעטל האט מען זיי פארשפארט אין א געטא וואס מ׳האט אויפגעשטעלט און ארומגעצוימט מיט שטאכלדראט). לויט זיין פלאן וועט פייגעלע מיט מיר ארבעטן אין פעלד, און די מאמע וועט זיצן אין הויז.

ער האט אונדז זייער שיין באהאנדלט. אבער אין צוויי טעג ארום, ווען ער איז ארויס מיט אונדז אין פעלד אריין איז נעבן אונדז פארבייגעגאנגען א דארפישער שכן.

„איצט אז מ׳האט אייך געזען קענט איר מער ניט בלייבן ביי מיר" — האט געזאגט דער גוי — „ווייל מיין לעבן איז אויך איינגעשטעלט". — ער האט אונדז איבערגעפירט צו זיינע אייגענע אין א צווייטער פארמע, און ער אליין איז געפארן אין סטאלין און געבראכט געלע לאטעס, וועלכע זענען שוין געווען דארט פון לאנג איינגעפירט.

אז ער איז צוריקגעקומען האט ער אונדז אפגעפירט אין זיין וואגן דורכן וואלד ביז סטאלין און ער האט אונדז אראפגעלאזט, גענומען אונזערע זאכן אין וואגן אריין און צוגעפירט אין סטאלין. מיר אליין זענען געגאנגען אין סטאלין צופוס. דער גוי האט ניט געוואלט נעמען ביי אונדז קיין געשענק און קיין געלט.

אין סטאלין האבן מיר זיך פארהאלטן עטלעכע טעג ביי אסתר בליזשאווסקא, אבער אונדזער ריכטונג איז געווען סארנע. דארט האט געווינט מיין מומע, מיין מאמעס שוועסטער. מיר זענען געגאנגען צופוס קיין דאמבראוועץ, און פון דארטן זענען מיר געפארן ביז סארנע מיט א וואגן. אין סארנע זענען מיר געווען פינף מאנאטן ביז מ׳האט אין יידישן קווארטאל אויפגעשטעלט א געטא. אינטערעסאנט צו באמערקן, אז געוויסע סארנער גויים האבן ניט געוואלט פארלאזן די גרענעצן פון געטא.

די עקזיסטענץ פון דער מערהייט יידן אין געטא איז געווען פון פארקויפן זייערע זאכן און כלים — מיר האבן ניט געוואלט, אז די מומע זאל אונדז אויסהאלטן, און מיר זענען אריבער אין אן אנדער וווינונג, וואס דער קהילה־קאמיטעט האט אונדז געגעבן.

מיט אונדז זענען געווען אין געטא עטלעכע דאוויד־האראדאקער: גאלדע פינקעלשטיין מיט איר מאמע יענטל, זעלדע פינקעלשטיין מיט איר טאכטער שרה, און חייקע פינקעלשטיין מיט אירע צוויי טעכטער: מאניע און ריווע.

גאלדע פינקעלשטיין איז צו די אלגעמיינע לײדן צוגעקומען איר אייגענער צער, ווייל פונקט אין אט די טעג, אויפן שוועל פון פארניכטונג, האט זי צוועלף יאר נאך דער חתונה געבוירן א טאכטער.

צוויי מאל אין זעקס מאנאטן זענען אלע יידן רעגיסטרירט געווארן. ביים צווייטן מאל האט מען דארט אויפן ארט אויפגעשטעלט א געטא אין וועלכן מ׳האט געבראכט דאמבראוויצער יידן און יידן פון דער אומגעגענט. ד׳אן האט זיך אנגעהויבן דער מארד. פינף הונדערט מאן זענען טאג טעגלעך טראנספארטירט געווארן צו די קאנאלן אונטערן שטאט — וואס האבן זיך געצויגן אין וואלד — און דארט דערשאסן געווארן.

ווען דער טראנספארט אין וועלכן מיר זענען געווען איז אנגעקומען אויפן ארט, האט זיך אנגעהויבן א לויפעניש פון די קאנאלן צום בערגל וואס צו סארנע־צו — א גלענצנדער ציל פאר די דייטשע ביקסן.

מיין שוועסטער פייגעלע איז פארוווּנדעט געווארן, לויפנדיק האב איך געהערט א שטים: „טאכטער לויף!" — ביז היינט ווייס איך ניט צו דאס איז געווען דער מאמעס קול. אלנפאלס פון דאן אָן האב איך איר מער ניט געזען.

מיר זענען געקומען צו א טייך און איך האב אפגעשווינקט פייגעלעס פוס. א גאנצע

נאכט האבן מיר בײדע געשפאנט אלײן אין װאלד — באגלײט פון שרעק און שװידערלעכע װיזיעס. אינדערפרי האבן מיר אין װאלד דערזען א הײזקע און אהין ארײן. פײגעלעס פוס איז געשװאלן געװארן און זי האט זיך צוגעלײגט אויף א קאשעטקע און אײנגעדרימלט. איך בין ארויס באטראכטן א ביסל די געגנט און אויסגעפונען ײדן. קומענדיק צוריק צו פײגעלען האבן מיר די שטוב מענטשן געזאגט אז זי איז אװעק מיט די פאסטוכער. שפעטער האט מיר די דארפס־לערערין קאראסין דערצײלט אז מ׳האט פײגעלען פארשלעפט אין װאלד, אװעקגעלײגט אויף דער ערד און געפארן איבער איר מיט א ראָװער הין און צוריק אזוי לאנג ביז זי האט מיט שרעקלעכע װײטיקן און יסורים אויסגעהויכט איר ריינע נשמה.

איך בין ארויס אויפן שליאך מיט א ביטערן געװײן און כ׳בין אײנגעשלאפן פון מידקײט. א גוי האט מיר אויפגעװעקט, געבראכט אין װאלד און געראטן אפזוכן א באהעלטעניש. צו־מארגנס פרי האב איך פארטגעזעצט גײן ביז עס האט זיך אפגעשטעלט א װאגן און מיר צוגעפירט צו א פארמע. איך בין ארײן אין א הויז און געבעטן א טרונק. כ׳האב דארט געטראפן צװײ ײדן. נאכדעם, װי כ׳האב אפגעגעסן און אפגעטרונקען האבן די ײדן מיר געװיזן דעם װעג און געראטן אויסצובאהאלטן זיך פאר װאגנס. איך גײ װײטער און פלוצלינג הער איך עס פארט אָן א װאגן. כ׳האב מיך גלײך באהאלטן צװישן די קוסטעס. צום גרויסן שרעק האט זיך דער װאגן פארהאלטן נאענט צו מײן באהעלטעניש. מיר איז שיעור די נשמה ארויסגעפלויגן ביז ס׳האט זיך ארויס־געװיזן אז דאס זענען מײנע װעגװײזער פון דער פארמע. מיט זײער װאגן האבן זײ מיר צוגעפירט צו א פאמיליע פון אַ ײדישן דאקטאר, װאס האט געװוינט אין װאלד. א מאנאט האב איך זיך אויפגעהאלטן בײ זײ. באנאכט פלעגן מיר גײן איבער די גױישע הײזער בעטלען עסן, אדער כאטש א טרוקן שטיקל ברויט. די בוימער האבן אונדז געדינט פאר א באהעלטעניש באנאכט.

אײנע א גויע האט מיר פײן באהאנדלט און אײנגעלאדן אײנמאל אין דער װאך צו איר. דארט האב איך געװאשן דעם קאפ, און זי האט מיר אויך געשענקט א טאפ צום קאכן און אַ ביסל זאלץ — אזאך װאס איז דאן געװען א יקר המציאות.

צװײ זענען געװען די מעלות פון טאפ. אײנס — עסן װארעמע און געקאכטע נאך לאנגע װאכן פון װאנדערן אין דער קעלט פון װאלד. און די הויפטזאך — די קארטאפל װאס פלעגן בראטנדיק זיך העלפט פארברענט װערן, יעצט װעל איך געניסן פון זײ גענצליך אָן קײן אפפאל.

אן אנדער גויע האט מיר באהאלטן אין װאלד װען די דײטשן האבן זיך אמאל באװיזן, און נאכדעם האט זי מיר צוריק געבראכט צו מײנע פרײנט. אין אײנער א נאכט, װען מיר האבן זיך געװארעמט נעבן א פײער, װאס מיר האבן אנגעצונדן אין װאלד, איז פלוצלינג אנגעקומען א מאַן מיט א ביקס און זאגט: „איך בין א פארטיזאן. מיר האבן א פארװוּנדעטן״. בײ דער ליכט פון פלאם האט ער באטראכט אלע אנװעזנדע ביז ער האט זיך אפגעשטעלט נעבן מיר און מיר דורכדרינגענד באטראכט. פלוצלינג האט זיך דערהערט א שאָס מיט א געשרײ: „הויב אָן!״...

אלע האבן זיך צעלאפן, נאר געמוזט צוריקקומען אײנער נאכן אנדערן. דער דאקטאר האט אויך זײנע טעכטער צוריקגערופן, זאגנדיק אז מ׳װעט אים „דערלײדיקן״ אויב זײ װעלן ניט קומען. דערנאך האבן זײ אלע מיר געזוכט, גערופן בײם נאמען, און נאכאמאל און װידעראמאל — אבער איך בין יענע גאנצע נאכט געלעגן צװישן די קוסטעס און געשװיגן. אינדערפרי האב איך מיר אומגעקערט צו דער גרופע. דער דאקטאר האט מיר געלויבט און געזאגט: „דו האסט קלוג געטאן װאס דו האסט ניט געװאלט קומען״...

אזוי האט זיך דאס געצױגן עטלעכע מאנאטן ביז די באנדיטן — אין דער שפיץ פון זײער פירער באנדערא, װאס אויף זײן נאמען האבן זײ געהײסן „באנדעראװצעס״ — האבן אנגעהויבן כאפן ײדן. דאמאלסט האבן זיך באװיזן די פארטיזאנער. כ׳האב זיך געבעטן בײ זײ, אז זײ זאלן

מיר נעמען צו זיך, אבער זיי האבן מיר ענטזאגט. דאן האב איך זיי געזאגט: „ענדיקט מיט מיר אויב איר ווילט ניט נאכקומען מיין ווונש״.

ענדלעך זענען זיי באשטאנען אויף דעם. פון אנהויב האב איך עטלעכע מאנאט געדינט אין דער מעדיצינישער סעקציע, באגלייט די פארוווּנדעטע אין וואגנס און זיי באדינט. נאכהער, אז כ׳האב ארויסגעוויזן העלדישקייט און מוט בין איך אנגעשלאסן געווארן אין דער אינפאר־מאציאנס לייטונג. איך בין געווען פארפליכטעט גיין איבער דערפער, דערוויסן זיך די צאל דייטשישע סאלדאטן אויף יעדן פלאץ, וואס איז די צאל געווער און ווו געפינט זיך זייער קאמענדאנטור. — אז כ׳האב געבראכט גענויע איינצעלהייטן פלעגן די פארטיזאנער אטאקירן יענע פלעצער און מאכן דארט א חורבן.

אין קאלווארייסקאיא־לעסא, נעבן זשיטאמיר, איז אויסגעבויט געווארן א פלי־פלאץ, ווו ס׳האבן געלאנדעט סאוויעטישע פארבינדונגס־עראפלאנען פון דער רויטער־ארמיי, וואס האבן מיטגענומען אונזערע שווער־פארוווּנדעטע און אונז איבערגעלאזט פארזארגונג און געווער.

די עראפלאנען פלעגן קומען באנאכט, און כדי צו וויסן גענוי אונזער ארט האבן מיר אנגעצונדן פייערן, און זיי האבן געלאנדעט צווישן די פלאמען. איינמאל האט זיך געדרייט איבער אונז דעם שונא׳ס עראפלאן און מיר מיינענדיק, אז דאס איז אן אונזעריקער האבן מיר אום־שולדיק אנגעצונדן פייערן. דער עראפלאן האט פארטגעזעצט זיין פלי אין דער ריכטונג צו קיעוו, און אין עטלעכע שעה ארום איז ער צוריקגעקומען און האט אונז „באשאנקען״ מיט זיינע באמבעס.

אין איינעם פון אונדזערע איבערפאלן האבן מיר איינגענומען דעם דארף עמילטשאנא, נעבן זשיטאמיר. די אפטרעטנדע דייטשן זענען געווען זיכער אז פאר זיי שטייען זעלנער פון דער רויטער־ארמיי. אין דער צייט פון אונזער פארהאלטן זיך אויף דעם פלאץ האבן מיר געגעסן און געטרונקן אן אויפהער. מיר האבן זיך געפירט לויט דער סיסטעם: „נעם ביי דעם און גיב אוועק יענעם״... ביי איינעם האבן מיר אוועקגענומען און אים צוריק אוועקגעגעבן דאס וואס מיר האבן נאכער אוועקגענומען ביי אן אנדערן.

איינע פון מיינע אויפגאבן איז געווען אבסערוואציע. און אט איז איינמאל זיצנדיק אזוי אויף מיין פאסט האב איך ניט באמערקט אז אונזערע מענטשן האבן פארלאזט דעם ארט, און די דייטשן קומען אָן. איך בין אבער ניט איבערגעלאזן געווארן אליין. עס איז געשיקט געווארן ארייטער מיט א פערד מיר אוועקצונעמען, און עס איז אונז געלונגען אנטלויפן די לעצטע מינוט פארן ארייננמארש פון די דייטשן.

געווען איז דאס איינער פון די פילע נסים וואס זענען מיר געשען.

נאכדעם ווי מיר האבן זיך ארויסגעראטעוועט פון עמילטשאנא בין איך ווייטער געשטעלט געווארן אויף אבסערוואציע. אומגעפער א קילאמעטער פון מיר, טיף אין וואלד, זענען געשטאנען אונדזערע מענטשן מיט אן הארמאט און איך האב זיי געדארפט װארענען ווען דער פיינט דער־נענטערט זיך.

דאס פארלירן פון הארמאט איז פאר אונדז געווען פיל טראגישער ווי דאס אנווערן איינעם פון אונדזערע מענטשן, און איך בין אין דעם ניט געווען קיין אויסנאם. פלוצלינג הער איך א טופעריי פון פערדישע קאפיטעס.

„סטאָפּ!״ — האב איך באלד א געשריי געגעבן. „ווער איז דארט?״ — און א שושקע געטאן דעם פאראל. מיין לאגע איז געווען אומדערטרעגלאך, ווייל וועלכער ס׳איז ניט דורכפאל אין אויספירן די פונקציע — אפילו ווען דו ביסט אין דעם ניט שולדיק — באדייטעט... טויט. אויף מיין מזל זענען דאס געווען אונדזערע מענטשן. אלס אנערקענונג איז מיר געשענקט געווארן א מעדאל.

איינמאל באנאכט זענען מיר רייטנדיק אויף אונדזערע פערד פארבייגעפארן נעבן א באן־סטאנציע. די בעלי־חיים האבן מיר געהיט ווי אן אויג אין קאפ, ווייל זיי זענען געווען אונדזער וויכטיקסטער קאמוניקאציע מיטל. מיר האבן זיי געפיטערט ווי געהעריק, לויט אונדזערע בעסטע מעגלעכקייטן, און ווען מיר האבן געזען אז זייערע כוחות גייען אויס — האבן מיר געביטן אויף אנדערע, פרישערע און געזינטערע פון זיי, וואס מיר האבן קאנפיסקירט אין וועג.

נעבן די שיידוועגן פלעגן מיר זיך פאנאנדערטיילן און רייטן אין פארשיידענע ריכטונגען הין און צוריק, כדי צו פארפירן דעם שונא. און אט איז איינמאל ווען מיר זענען פארבייגעפארן די באן־סטאנציע האב איך זיך דערווייטערט פון מיין אפטיילונג כדי צו בייטן מיין פערד. צוריקקומענדיק איז קיינער ניט געווען. דעם פערד האב איך וואס אן אמת געביטן און כ׳האב אויך געהאט מיט זיך א ביקס, אבער געבליבן בין איך אליין.

א וואך צייט האב איך ארומגעבלאנקעט ניט זעענדיק קיין לעבעדיקן נפש. פון צופיל מידקייט איז מיר דער ביקס שטארק צו־לאסט געווען און איך האב מיך „פריינטלעך" געזעגנט מיט אים. דעם אכטן טאג בין איך געקומען אין א דארף. איך בין אריין אין איינער א כאטע און געפרעגט די איינוווינער צו האבן זיי געזען אין דער געגנט רייטער מיט פערד.

„יא, יא! געוויס האב איך געזען" — האט געענטפערט דער באלעבאס. „זיץ א ווײַלע. רו זיך אפ. איך קום באלד צוריק". — ווייזט זיך אויס אז דאס איז געווען דער סאלטיס פון דארף. כ׳האב אויסגענוצט דעם מאמענט פון זיין ארויסגיין און כ׳האב מיך אפגעטראגן פון דארט.

כ׳האב געלאזט מיין פערד און מיין גאנצע „האב־און־גוטס". נאכדעם בין איך אריין אין עטלעכע הייזער און באפוילן די איינוווינער געבן מיר עסן און ניט טאן מיר קיין בייז, אויב זיי ווילן ניט האבן צו טאן מיט די פארטיזאנער וואס גייען נאך מיר.

צום ענדע בין איך אריין אין איינער א הייזקע און ווידער געפרעגט אויב זיי האבן ניט געזען אין דער אומגעגנט פערד־רייטער. נאכדעם ווי כ׳האב זיי צוגעזאגט א געהעריקן לוין, איז די ווירטין געגאנגען מיט מיר ווייזן דעם וועג, און צום צענטן טאג פון מיינע וואנדערונגען בין איך צוריקגעקומען צו אונדזערע מענטשן.

איינמאל זענען מיר ארומגערינגלט געווארן דורך די דייטשן, און זיי האבן אונדז באשאסן פון אלע זייטן. אונזער לאגע איז געווען האפנונגסלאז, און מיר האבן זיך שוין געזעגנט איינער מיטן אנדערן. א טיל פון אונדז איז געלונגען אדורכרייסן דעם שונאס רייען און אנטלויפן איבערלאזנדיק די פארוווּנדעטע. באלד איז געגעבן געווארן א באפעל אומצוקערן זיך און ארויסראטעווען די פארוווּנדעטע. אין צעפלאקערטן שלאכט זענען א סאך געפאלן. אויך ביי בראד זענען געפאלן אסאך פון אונדזערע מענטשן און מיט זיי אויך מערער דאמבראוויצער יידן.

דער שפיאנאזש אפאראט פון שונא איז ווייזט אויס געווען זייער פארצוויגט, ווייל ניט איינמאל איז געשען, אז קומענדיק אויף א געוויסן ארט זענען מיר באמבארדירט געווארן דורך זיינע עראפלאנען. די ריכטונג פון אונזער צוריקציען זיך האבן מיר שטענדיק באשטימט לויט דער ריכטונג ווו עס זענען געפלויגן דעם שונאס עראפלאנען.

אין לעמבערג זענען מיר געקומען אין בארירונג מיט דער רויטער ארמיי. איך בין נאמינירט געווארן אלס הויפט־שוועסטער אין א טראנספארט פון פארוווּנדעטע און טיפוס־קראנקע אין הינטערלאנד. א טייל זענען געלעגן אויף דער ערד. א וואך צייט האב איך דערפילט די פונקציע אין דער רויטער ארמיי. אין דער זעלביקער וואך האבן מיר געגראבן א קבר איינעם א פארטיזאן וואס איז געראטעוועט געווארן פון א סאך קאמפן און איז געפאלן צופעליק. אויף זיין קבר האב איך געזאגט א קורצע טרויער־רעדע...

נאך דעם האב איך אנטגילטיק באשלאסן אוועקגיין פון די פארטיזאנער און טאן עפעס פאר זיך. ווען מיר האבן זיינער צייט איינגענומען עמילטשאנא האב איך מיר אינטים באפריינדעט

מיט איינער א דארפס־מיידל. איצטער, נאכדעם ווי די געגנט איז אפגערייניקט געווארן פון שונא, בין איך געגאנגען צו איר אין הויז. צו אונז זענען צוגעשטאנען עטלעכע פורמאנעס און יונגעלייט וואס אויך זיי זענען געגאנגען אין זעלבן וועג. מיין חבר׳טעס הויז איז געבליבן אויפן ארט, און איר פאמיליע איז געווען אין ארדנונג. איך בין געווען ביי זיי א קארגן מאנאט ביז כ׳האב אנגעהויבן ארבעטן אלס באמטע אין א ביורא פון א גרויסן טארטאק צום זעגן האלץ. כ׳האב געמוזט בייטן מיין וווינונג און יעדן זונטיק האב איך פארבראכט אין דער געזעלשאפט פון מיין פריינדין.

אזוי האבן זיך געצויגן עטלעכע מאנאטן, ביז ס׳איז דערגאנגען צו מיר א קלאנג, אז פינסק איז באפרייט געווארן. כ׳האב באשלאסן אומקערן זיך א היים. כ׳האב איינגעארדנט א פאספארט און געקומען קיין סארנע. כ׳האב געוואלט פארזעצן מיין וועג אין דאוויד־האראדאק, נאר באקאנטע וואס כ׳האב באגעגנט אין סארנע האבן מיר ניט געלאזט פארן ווייל — „דארט איז ניט געבליבן קיין זכר פון קיין ייד". ניט ווילנדיק בין איך פארבליבן אין סארנע און אנגענומען דעם פארשלאג צו ארבעטן אלס באאמטע ביים קאמיסאר פון שטאנד־מיליטער אין סארנע. אויך אין נ.ק.וו.ד. האט מען מיר פארגעלייגט ארבעטן, אבער כ׳האב מיך ענטזאגט. אין א קורצער צייט ארום, אז מ׳האט מיר פאראדנט גיין אויפן פראנט צוזאמען מיט מיין קאמאנדע, האב איך איינגעשטימט צושטיין צום נ.ק.וו.ד.

עס איז מיר געשאנקען געווארן אן אפיצערן ראנג און איך בין אריבער ווינען נעבן דער וווינונג פון קאמיסאר. איידער כ׳האב אנגעהויבן ארבעטן, האב איך באקומען אן אנקעטע וואס כ׳האב קיינמאל אזא לאנגע און אויספירלעכע ניט געזען. כ׳האב אנגעהאלטן ביי דער ארבעט עטלעכע מאנאט. אין יענעם פעריאד האבן נאך די באנדעראוועס געבושעוועט אין שטאט און דער אומגעגנט, געראבעוועט און פאגראמירט.

די נ.ק.וו.ד. אוניפארם האט מיר געשיצט. געראטעוועט האט מיר ניט איינמאל אויך דער פאקט, וואס איך בין פיל מאל דער׳שינען צוזאמען מיטן קאמיסאר — נאר מיר ביידע — און יעדער אזא ארויסטריט האט געלאזט א גוואלדיקן איינדרוק אויף אלעמען און, האט צוריק־געהאלטן די אלע, וועלכע האבן וואס ניט איז געפלאנט קעגן מיר.

מיט דער קראפט פון אט דער נאענטקייט צום פראקוראטאר האב איך אויך ארעסטירט עטלעכע גויים אין וועלכע כ׳האב דער׳קענט יידן־מערדער.

אין א געוויסן טאג האב איך באשלאסן פארן קיין עמילטשאנא אויף א געזעגענונגס־באזוך. ניט קענענדיק זיך דערלויבן פארן פאר מיין געהאלט, בין איך געווען געצוווּנגען פארקויפן פאפיר אויף הויכע פרייזן צו דעקן די רייזע־קאסטן. מ׳האט מיר אבער געכאפט און ארעסטירט.

אן נ.ק.וו.ד. אנגעשטעלטער, וואס מ׳האט אים ארעסטירט פאר אזא פאל ביי אן ענלעכער געשיכטע, איז באשטראפט געווארן צום אפרעכענען פינף און צוואנציק פראצענט פון זיין געהאלט ביז ער וועט ענדיקן זיין דינסט. — נאך פיל באמיאונגען בין איך באפרייט געווארן און מ׳האט איבערגעשיקט א באריכט וועגן מיר קיין סארנע.

אז איך בין אהין צוריקגעקומען האב איך ווידער גענאסן פון קאמיסאר׳ס צוטרוי און פון מיין געהאלט האט ער אפילו א גראשן ניט אפגערעכנט. די טראנספארטן פון פארזארגונג און מיליטער זענען אלע אדורך דורך סארנער סטאנציע, וועלכע האט אויך געדינט פארן מיליטער אלס לאגערונגס־ארט. און ווען א מיליטערישער צוג פלעגט זיך אפשטעלן דאן פלעג איך ארײנלייגן אין מיין רוקזאק צוויי־דריי פלעשער בראנפן און גיין צו דער סטאנציע מאכן א בייט מיט די סאלדאטן אויף קליידער, ווייל די באנען זענען געווען פול מיט אלדאס גוטס. איינמאל, ווען איך בין אהינגעקומען האבן באן־נ.ק.וו.ב.־זשאנדארמען ארומגערינגלט די באן און געמאכט אונטערזוכונגען.

איידער מ׳האט מיר באזוכט האב איך באוויזן אוועקווארפן די פלעשער בראנפן. אז מ׳האט מיר געבראכט צו מיין קאמיסאר, האב איך מיך געמאכט ניט וויסנדיק און געזאגט אז איך בין אהין געגאנגען אלס נ.ק.וו.ד. אפיצער.

אין א האלבן מאנאט ארום האב איך געבעטן מיר באפרייען פון נ.ק.וו.ד. און אן אויס־וואנדערונגס־שיין. מיין קאמיסאר האט מיר דערמאנט מיין... ארעסט. אבער צוזאמען מיט דעם האט ער מיר געשיקט מיט א בריוו — וואס זיין אינהאלט ווייס איך ניט ביז היינט — צום ראוונער קאמיסאר.

די וועכטער האבן מיר ניט געלאזט אריין צו אים, און מיר געפרווט אפריידן מיט פארשיידענע אויסריידן. איך האב מיך אבער געהאלטן ביי מיינס און אריין.

ער האט איבערגעלייענט דעם בריוו און מיר צוריקגעשיקט מיט אן אנדער געשטעמפלטן בריוו, וואס אויך זיין אינהאלט איז מיר ניט באוווסט.

כ׳האב איבערגעגעבן דעם בריוו דעם סארנער קאמיסאר, און אלע שטערונגען פון מיין וועג זענען באזייטיקט געווארן...

איך בין געפארן צו דער פרייהייט.

## גרויזאמע געטא־שחיטות אין רובליע, דאוויד־הארא־דאק און סטאלין אין אבריוו קיין דעטראיט

מיכאל נאסאנטשוק פון רובליע, גיט איבער די שוידערליכע געשעענישן אין א בריוו צו זיין ברודער בערל נאסאנטשוק פון ווינדזאָר. — דער שרייבער פון בריוו איז אַנטלאפן פון רובליע און זיך אנגעשלאָסן אן די אנטי־נאצי פארטיזאנען און שפעטער אן דער רויטער ארמיי. — איבערגעגעבן אין „פארווערטס" פון יעקב נאסאנטשוק פון דעטראיט.

**א** בריוו מיט אלע שוידערלעכע איינצעלהייטן פון די שחיטות אויף די יידן פון די שטעטלעך רובליע, דאוויד־הארא־דאק און סטאלין, מינסקער גובערניע, איז ערשט ניט לאנג אנגעקומען א בריוו פון א רובליער יונגערמאן מיטן נאמען מיכאל נאסאנטשוק צו זיין ברודער בערל נאסאנטשוק אין ווינדזאר, א קאזין פון דעם באקאנטן דעטראיטער כלל־טוער, יעקב נאסנטשוק, פון 1979 גלין קארט, איינער פון די פירער פון די טוראווער און רובליער סאסיעטיס, וועלכער האט דעם בריוו איבערגעגעבן אין „פארווערטס".

דער שרייבער פון דעם בריוו איז דער איינציקער געראטעוועטער פון זיין פאמיליע און איינער פון א הייפל געראטעוועטע יידן פון רובליע און די אנדערע דערמאנטע שטעט. ער האט זיך געראטעוועט אינמיטן די שחיטות, ווי דורך א נס, און ער איז אוועק צו די פארטיזאנען און זיך אנגעשלאסן אן זייערע רייען. שפעטער איז ער געווארן א רויט־ארמייער.

מר. יעקב נאסאנטשוק האט אונז איבערגעגעבן פאר פארעפענטליכונג צוויי בריוו. אין דעם ערשטן בריוו גיט דער רויט־ארמייער אן אלגעמיינעם איבערבליק איבער דעם וואס ער האט איבערגעלעבט אין דעם צווייטן בריוו באשרייבט ער די איינצעלהייטן פון די שוידערלעכע שחיטות.

אין דעם ערשטן בריוו שרייבט ער:

„היינט איז דער גליקלעכסטער טאג אין מיין לעבן — אזוי האב איך געפילט לייענענדיק דעם בריוו געשריבן מיט מיין ברודערס האנט. וויפיל טעג און נעכט האב איך געטראכט נאר

וועגן איין זאך — צי וועט איר כאטש וויסן פון דעם פינסטערן גורל, וואס האט אונדז געטראפן. אנטלויפנדיק פון דער פינסטערער געטא, פון דער דייטשער מערדערישער האנט, זיך ארומ־וואלגערנדיק אין אלע בלאטעס, לוזשעס, וועלדער און זומפען, איינזאם, עלנט, ערגער ווי א הונט, איז אין מיין געדאנק געווען נאר איין מחשבה — ווי גיט מען צו וויסן מיין שוועסטער און ברודער? וועט כאטש עמיצער פון אונדזער משפחה וויסן נאך מיין טויט, וואס איך האב איבער־געלעבט? ניט איינמאל האב איך געוואלט א סוף מאכן צו מיין לעבן. נאר דערמאנענדיק זיך אן אייך, האב איך זיך געשטארקט. איך האב אלץ געהאפט — אפשר, און האב מיט׳ן גרעסטן מוט אלץ איבערגעטראגען. מיין איינציגע שטרעבונג איז געווען ווען עס איז צו נעמען געווער אין האנט און נקמה נעמען. ניט גרינג איז עס מיר אנגעקומען ארייננצוגיין אין פארטיזאנישן אטריאד. פון אטריאד בין איך אריין אין דער רויטער ארמיי. געווען אין ליטע, לעטלאנד, דערנאך אויפן פראנט הינטער ווארשע, און געענדיקט אינ׳ם פינסטערן בערלין. פאר אונדזער אומשולדיק פארגאסן בלוט האב איך נקמה גענומען. נאר די גרויסע ווונד קען זיך ניט פארהיילן״.

אין דעם צווייטן בריוו געשריבן מיט פינף טעג שפעטער (דעם 15־טן יאנואר, 1946) גיט דער שרייבער די פאלגענדע איינצעלהייטן וועגן די בלוטיגע שחיטות:

„אין 1941, ארום ט״ז אב (עס איז געווען א זונטיק, געדענק איך), איז פארגעקומען די גרויזאמע שחיטה אין דאוויד־הארადאק. מיט׳ן אויסרייד, אז מען נעמט אויף ארבעט, האט מען אלעמען אויפגעקליבן און הינטער הארადאק דערשאסן.

„איך בין דאן געווען אין רובליע, נישט וויסנדיק פון גארניט. האבנדיק א ליידנשאפט צו כאפן פיש, בין איך אוועק אויפן טייך. יעקב אונדזער גאלדע׳ס, איז געזעסן אין שטוב און ארום טיש זענען געזעסן זיינע חסידים. איך האב אים גערופן גיין מיט מיר. אבער ער האט זיך גענומען וויצלען — געזאגט, אז ער וועט קומען מיט א וואגען נאך די פיש. איך בין אליין אוועק.

„ארום 5 אזייגער נאכמיטאג האב איך דערהער׳ט א שיסעריי פון ביקסן, איינס נאכן אנדערן... איך האב זיך געזעצט טיפער אין די קוסטעס און האב געווארט, ביז עמיצער וועט גיין פון דארף. דער ערשטער אנזאגער פון דער ביטערער בשורה איז געווען מארקא, דער בעז־דיעטניק... מיט א פאר שעה צוריק איז אלץ נאך געווען רואיק, יעדער איז געזעסן ביי זיין ארבעט, ווער אין קוזשניע, ווער עס האט גענייט. פלוצלינג אלע טויט. יעקב אויך. אט, ערשט האט ער חכמות געזאגט, און אט ליגט ער שוין א טויטער. פארוואס? 53 קדושים זענען דאן דערמארדעט געווארן, און חנה׳לעס פאטער און גיטלס מאן בתוכם.

„יעקב האט פארן טויט א פאר ווערטער ארויסגערעדט... מען האט זיי צוזאמענגענומען אין פאזשארנע, געבונדן אין דרייען, ארויסגעפירט אין די שייערן און דארט געשאסן... באלד איז אנגעקומען די ידיעה, אז אין הארადאק (דאוויד־הארადאק), איז שוין אויך נאך אלעמען.

„איך בין אוועק אומבאמערקטערהייט צו אודייען, זועס אין הארישע. די גזלנים האבן גלייך געזען, אז איך בין ניטא צווישן די הרוגים און זיי האבן מיך גענומען זוכען. נאר אודיי האט שוין געוווסט, ווי מיך צו באהאלטן. אין סטאלין איז נאך געווען רואיק די פינסטערע ס.ס. האבן אויסגעמיטן סטאלין. זיי האבן פארכאפט נאר דאוויד־הארადאק. אין רובליע האבן דאס געמאכט ארטיקע און האלעצער שקצים. איך האב באקומען א בריוועלע פון אונדזער משה חיימ׳ען, עליו השלום, איך זאל קומען קיין סטאלין. איך בין אהין געקומען. די רובליער און הארადאקער אומגליקלעכע ווייבער האט מען ארויסגעטריבן פון דארף (הארישע) און פאר זיי אין די אויגן האט מען געשלעפט זייער האב־און־גוטס. ביי חיה׳ן אונזער גאלדעס, האט ניקאליי פוסיקס א שגץ אראפגעשלעפט פון די פיס יעקב׳ס שטיוול (דערנאך, זייענדיק אין די פארטיזאנער, האבן מיר אים דערשאסן). די אומגליקלעכע האבן זיך דערנאך געוואלגערט אין ברעזנאיער וואלד. אין ערגעץ האט מען ניט אריינגעלאזן.

„אין סטאלין האט זיך געשאפן א קהילה און מיט פיל מאטערניש און גאלד, געפועל׳ט, אז מען זאל די אומגליקלעכע ארײנלאזן אין סטאלין.

„דעם צווייטן טאג ראש־השנה בין איך געזעסן מיט אונדזער ברודער משה חיימ׳ען. ערשט פלוצלינג האבן זיך ארײנגעריסן אין שטוב צוויי גזלנים און מען האט משה׳לען צוגענומען אויף אייביק. אין דריי טעג ארום האבן מיר זיך דערוווּסט, אז מען האט אים פארפייניגט צום טויט. מען האט אים געשטאכן מיט שטיקעס; געריסן פון אים שטיקער. דעם צווייטן טאג ראש־השנה, 1941, 12 אזייגער ביינאכט, האט ער אויסגעהויכט די הייליגע נשמה אין סטאלינער טורמע... זיין קערפער האב איך אין זעקס מאנאטן ארום געפונען און אים געבראכט צו קבורה, אין זיין טלית, ארום דער מומע גאלדע׳ס קבר.

„ליאווע, אן אבגעגאסענער מיט טרערן, האט געזאגט קדיש ביים קבר. עס איז געווען מיט מיר זעליג פישמאן. ער האט מיר געהאלפן. דער פנים פון אונזער הייליגן ברודער איז שוין געווען פארערדיגט. דאך האב איך אים דערקענט. פרומקע, גאניע, חיה און רחל זענען אויך געקומען צולויפן... מיר האבן עס געמאכט אן דעם וויסן פון די דייטשן.

„פאר מיר האבן זיך נאך משה׳לעס טויט אנגעהויבן יענע טעג. איך בין געבליבן איינער פון דער משפחה, ארומגערינגעלט מיט יתומים און אלמנות. איך פלעג א קוק טאן אויף די קינדער, איבערהויפט אויף אביבה׳לען, פלעגט שיעור מיין הארץ ניט פלאצן. די מומע גאלדע האט זיך געהאלטן גוט. פלוצלינג האט זי גענומען אויסגיין ווי א ליכט. חנוכה־צייט האט זי אויסגעהויכט איר נשמה ביי אונדז אין שטוב. אלע רובליער אלמנות האבן זי באוויינט. מיר האבן געמאכט א שטילע לויה, ווייל די דייטשן האבן פארבאטן לויות.

„נאר פון די טויטע האט מען לאנג ניט געקענט טראכטן. עס איז געפאלן אויף מיר דער גרויסער יאָך פון אלע יתומים און אלמנות. איך האב זיך געווארפן אין אלע זייטן, כדי מען זאל ניט הונגערן... ביי אונדז אין שטוב איז געווען א מנין. ד׳ער פאטער, עליו השלום, פלעגט מיט ליאוון זאגן קדיש. דער ערשטער מנין איז געווען נאך די רובליער קדושים, דערנאך נאך אונדזער ברודער, דערנאך דער מומע גאלדע. דער פאטער פלעגט וויינעק רעדן, נאר פארבייסן די ליפן און שווייגן. אפטמאל אנשרייען ווען די ווייבער פלעגן נעמען וויינען, און אליין זיך דערביי באגיסן מיט טרערן. איך האב געמוזט שפילן די ראלע פון א העלד און אליין פלעג איך זיך באגיסן מיט טרערן.

„אין גאס האט מען ניט געטארט ווייזן זיך נאך 7 א זייגער פארנאכט. מיר פלעגן זיצן ביי פארמאכטע לאדנס. אפטמאל פלעגט גאניע מיט די קינדער קומען דורכ׳ן גארטן און מיר פלעגן צוזאמען זיצן. ניט איינמאל האבן מיר וועגן אייך גערעדט: צי ווייסט איר וואס עס טוט זיך און צי וועט איר זיך ווען עס איז דערוויסן?

„אזוי זענען מיר א גאנצן ווינטער געזעסן אין שטוב אויף די פלעצער.

„ערב פסח, 1942, האט מען גאנען ארויסגעטריבן פון איר שטוב און גלייך נאך דעם אונדז. זעליג פישמאן, עליו השלום, האט אונדז דאן שטארק ארויסגעהאלפן. דאן האבן זיך גענומען פארשפרייטן קלאנגען, אז אין סטאלין ווערט א געטא. וויפיל איבערלעבענישן!? וויפיל קאנטרי־בוציעס אויף אונז! זיי האבן פון אונז געשונדן די הויט.

„ערב שבועות האט מען פארענדיגט ארומצוימען די געטא מיט א צוים פון 15 דראטן, איין סלופ פון צווייטן דריי מעטער...

„מיר האבן באקומען א באפעל זיך איבערציען אין געטא. באשרייבן דאס בילד איז אוממעגלעך. יעדערער האט געטראגן וואס ער האט געקאנט — לעבן דארף מען דאך — דער פאטער, עליו השלום, האט גענומען דעם שטעקן אין האנט און אוועק אין געטא. מיר האבן באקומען א קליין צימערל. איך, שיע גאלדעס דעם פעטער יעקב׳ס פון אסאווא, א ייגנגלע,

אויך מיכאלקע, 5 יאר אלט, און די עלטערן, גענוג מיט די קינדער נישט ווייט פון אונדז, פרומקע אויך ניט ווייט...

„אין געטא האט זיך אנגעהויבן יענער לעבן — ניט ארויסטראגן, ניט אריינטראגן. די שטערבלעכקייט איז דערגאנגען ביז 12 מאן טעגליך. מענשן זענען געווען געשוואלענע. איך פלעג קוקן אויף די עלטערנ׳ס פיס און א שוידער פלעגט מיר דורך דורכ׳ן לייב... וועגן קיין אנדער זאך האט מען ניט גערעדט, ווי נאר וועגן עסן. האבן געפונען אויסוועגן, ווי אריינצושמוגלען אין געטא עסנווארג. נאר דאָ זענען געקומען די פינסטערע ידיעות, אז מען שיסט אויס אלע יידן. עס האט זיך ניט געוואלט גלויבן. וואס הייסט? ווי אזוי? קליינע קינדער? עלטערע מענשן? עס קען ניט זיין!

„ביז עס איז געקומען דער פינסטערער טאָג, ערב ראש־השנה, 1942 — 7,000 נפשות זענען דאן געווען אין סטאלין און אלע זענען אומגעקומען. די קברים זענען געווען גרייטע. מען האט פריער אויסגעטאן אלעמען נאקעט, געלעגט לעבעדיגע אין קבר און געשאסן רייענווייז...

„די לעצטע נאכט אין געטא וועל איך קיינמאל ניט פארגעסן. איך בין געווען צוזאמען מיט די עלטערן ביז דריי אזייגער ביינאכט. מיר האבן זיך געקושט און געקושט, געוויינט און געוויינט — אייערע פאטאגראפיעס געדריקט צום הארצן און זיך געזעגנט מיט אייך — דער פאטער האט אפגעזאגט ווידוי. די מוטער האט זיך איינגעוואשן, אנגעטאן ריינע וועש, זיך געגרייט צום טויט, און מיר האט זי געטריבן פון שטוב:

„גיי אוועק פון אונדז! דו וועסט איבערלעבן. באהאלט זיך. זיץ נישט מיט אונדז! דו וועסט כאטש ווען־ניט־איז נקמה נעמען און דערציילן וועגן אונדז“.

„איך האב אין יענעם מאמענט דער מוטער׳ס ווערטער ניט געגלויבט: ווי קען איך בלייבן לעבן, אז מיר זענען ארומגערינגעלט פון אלע זייטן! איך בין אוועק נאר מיט׳ן מיין, אז די עלטערן זאל זיין גרינגער די לעצטע מינוטן, טראכטענדיק, אז איך בין געבליבן לעבן.

„אזוי בין איך אוועק פון די ליבסטע און טייערסטע אויף אייביק. טויזענטער מאל האב איך פארשאלטן די מינוט, וואס איך בין אוועק. ווי עס האט זיך מיר געוואלט ניט איינמאל ליגן מיט זיי צוזאמען ארומגענומען, ווי אלע קדושים האבן זיך ארומגענומען פאר׳ן טויט!

„איך בין אין א קעלערל מיט וועליען מאלאטשניק אבגעלעגן 18 טעג נאך דער שחיטה אין געטא. איך האב אלץ געטראכט, געזוכט פלענער, ווי זיך ארויסצורייסן. מיין הארץ האט מיר געזאגט, אז אויב איך וועל ארויס פון געטא, וועל איך שוין זיך ווי עס איז אן עצה געבן. איך האב גערופן וועליע׳ן מיט זיך. נאר זיין פרוי האט נאך דאן אויך געלעבט באהאלטן. דערצו איז נאך געבליבן לעבן ביילע מאלאטשניק, ניסעל, זייער טאכטער באשעלע און שלום דורצין מיט דער ווייב און קינד. זייער משפחה איז נאך געווען גאנץ. און איך בין שוין געווען א יתום. איך האב זיך מיט זיי געטראפן ביינאכט און געוואלט איבעררײדן זיי, זיי זאלן מיט מיר זען אן עצה ווי ארויסצוגיין. זיי האבן זיך פארלאזן אויף נסים, און פארבליבן.

„איך האב גענומען זוכען אליין אן אויסוועג. אויף דער 18־טער נאכט, נאך דער שחיטה, ארומבלאנדזשענדיק אין דער פינסטערער געטא ביינאכט, טירן, פענסטער, אלץ צעבראכן. פון אלע הייזער געווארן פוסטקייט, און עס דאכט זיך מיר, אז אט טרעף איך א טויטן קערפער פון א קדוש. די האר האבן ביי מיר געשווידערט. נאר איין געדאנק איז געווען ביי מיר — לעבן, לעבן!... — ווי גייט מען ארויס!

„אין דעם מאמענט האב איך זיך אנגעשטויסן אויף א לעבעדיקן מענשן. איך בין גלייך צוגעגאנגען. איך האב געטראכט, אז נאך אזא אומגליקלעכער ווי איך גייט ארום און זוכט אן אויסוועג, ווי ארויסצוכאפן זיך פון דאנען. נאר ווי פארוואונדערט בין איך געווארן, ווען איך

האב דערזען פאר זיך א הויכן גוי — דער גרעסטער גנב פון סטאלין (ער זיצט איצט אין טורמע), און ער האט מיך ארויסגעפירט פון געטא.

„וועליע׳ן, ביילע׳ן, ניסל׳ען, שלמה׳ן — זיי האט מען אין עטלעכע טעג נאך מיין אנטלויפן, געפונען דערשאסענע.

„דאן האבן זיך פאר מיר אנגעהויבן יענע גאלדענע טעג — אן איבעריגער מענש אויף דער וועלט — זיך ארומגעוואלגערט געגנוג. נאר א דאנק דעם סאלטיס אוודייען, כוועדאכ׳ן, לעוואנען מאלאכ׳ס מאמאנאוויטש — זיי האבן מיר ארויסגעהאלפן ביז איך בין געווארן זעלבסט־שטענדיק, דאס הייסט איך בין אריין אין פארטיזאנען אטריאד. מיינע ווייטערדיקע איבערלעבונגען וועל איך ניט שרייבן — דאס איז שוין ניט וויכטיג...

„איך גלויב, אז פון דעם וואס איך האב געשריבן, וועט איר האבן מער־וועניגער א שטיקל פארשטעלונג פון דעם, וואס ביי אונדז איז פארגעקומען.

„פון די רובליער זענען דא מיט אונדז אברהם שולמאנ״ס דעם לוי׳ס צוויי בחורים. עלנטע — זיי האבן אין ניו־יארק א מומע, אידל שולמאן און זיי האבן ניט איר אדרעס. אויב דו קענסט, טייערער ברודער, דורך די רובליער זיך דערוויסן איר אדרעס, טא גיב איר צו וויסן וועגן ביידע יינגלעך. זאל זי זיי שרייבן אויף אונדזער אדרעס״.

אהרן מאראוושטשיק

# מיין קליינע נקמה פארן גרויזאמן פארברעכן

(קאפיטלען פון מיינע מעמוארן)

מאי 1946.

**דער** טראנספארט, וועלכער פירט די רעפאטריאנטן (פוילישע בירגער וועלכע האבן די צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פארבראכט אין ראטנפארבאנד) און צווישן זיי אויך מיך, קיין פאלקס־דעמאקראטישן פוילן, האט זיך אפגעשטעלט אין קלאצקא — א שטעטעלע אין נידער־שלעזיען. דא דארפן מיר אלע אויסשטייגן און אנהויבן בויען א לעבן פונדאסניי.

זאל איך פאראנקערן דא, אדער זוכן א מער צענטראלע שטאט?

איבריקנס, וואס איז וויכטיק צי דא, צי אין א גרויס שטאט? במילא בין איך עלנט און איינזאם, אן א קרוב, א גואל און פריינט — איך באשליס אראפגיין דארט ווו דער גורל האט מיר געבראכט; איך בלייב אין דאזיקן שטעטעלע.

ס׳געפינט זיך ביי מיר די נאמענטלעכע רשימה פון די דאוויד־הארადאקער רוצחים־מיעשטשאנעס, וועלכע ס׳איז מיר געלונגען צו באקומען פארנדיק אין טראנספארט.

פון מאל צו מאל, נעם איך ארויס די רשימה און לייען דורך די נעמען פון די רוצחים, וועלכע האבן אומגעבראכט די דאוויד־הארადאקער יידן.

אט איז דער אבי־אבות הטומאה, דער הויפט שולדיקער און הויפט מערדער — דער פעלדשער איוואן מארייקא ימ״ש און נאך אים זיינע טרייע מיטהעלפער דער אדוואקאט יעווגעני יעוופלאוו מיט זיין פרוי מארוסיא, קאסארעוו מיט זיינע 3 זין, סיעמיאן קולאגא מיטן זון גריגארי, דעמיאן מארייקא, סטארייקא, הענטשעל, קרום, לעווקאווסקי, פאלוקאשקא, קאזאלאווסקי, גריצ־קעוויטש און נאך און נאך ימח שמם וזכרם.

מסתמא דרייען זיי זיך יעצט ארום, די מערדער, פראנק און פריי איבערן פאלקס־דעמאקראטישן פוילן און פארבערגנגען די צייט אין ווילטאג, פארן אנגערויבטן יידישן האב־און־גוטס.

דער געדאנק לאזט מיך ניט צורו. כ׳באשליס אז איך מוז פאר יעדן פרייז אויסגעפינען און דעמאסקירן. ס׳טאר קיין יידיש בלוט ניט זיין הפקר! איך מוז זיין דער בלוט־אויסלייזער פון מיינע דאוויד־הארადאקער ברידער און שוועסטער.

א פאר וואכן נאך מיין אנקומען קיין פוילן איז אויסגעבראכן דער קעלצער פאגראם.

א בהלה האט ארומגעכאפט די שארית־הפליטה און יידן האבן מאסנוויז אנגעהויבן פארלאזן דאס לאנד, וועמענס ערד ס׳האט איינגעזאפט בלוט פון מיליאנען יידישע אומשולדיקע קרבנות און האט זיך נאך דערמיט אלץ ניט אנגעזעטיקט.

ס׳איז געוועזן „נאטירלעך״, אז אויך איך זאל מיטגעריסן ווערן מיטן גרויסן שטראם פון דער שארית־הפליטה. מיינע פריינט האבן מיר אויך צוגערעדט דערצו. א פארבארגענער כוח האט מיך אבער ניט געלאזט זיך רירן פון ארט.

כ׳בין געבליבן זוכן די מערדער, טראץ דעם, וואס פיל פון מיינע ידידים האבן געהאלטן, אז ס׳איז א „מ ש ו ג ע ת״ פון מיין זייט.

* * *

כ׳האב באשלאסן זיך איינארדענען אויף ארבעט אין „סטאראסטווא״ ווו מ׳האט מיר פארגעלייגט א פאראנטווארטלעכן פאסטן. אין פארלויף פון א קורצער צייט, האב איך דערוואָרבן צו זיך דעם צוטרוי פון „סטאראסטא״ אליין.

דער „סטאראסטא״ איז געווען א מאן אין מיטעלן עלטער, מיט עכט פוילישע „וואנסן״ און „באקנבראדן״. ער איז געווען גלאטן און זאכלעך. יעדעס ווארט, וואס איז ארויס פון זיין מויל איז צוערשט געווען דורכגעטראכט, געוווגן און געמאסטן. זיין באנעמען זיך מיט מענטשן, ווי אויך זיין אויסערלעכער אויסזען, האבן געצוווּנגען אים צו סימפאטיזירן. א העכסט אנשטענדיקער מאן, אן איבערצייגטער קאמוניסט און אן אויסגעשפראכענער אידעאליסט איז דער מענטש געווען. זיין ריין אַרישער אויסערלעכער אויסזען, זיין עכטער פוילישער פאמיליען־נאמען, זיין ווונדערבארע פוילישע ליטעראַרישע שפּראַך און זיין ריין פוילישער אקצענט, האבן דיך איבערצייגט, אז דו שטייסט פאר א פאליאק פון דור דורות. (אינטערעסאנט צו באמערקן, אז ווען כ׳האב זיך אין א געוויסער צייט ארום געטראָפן, ביי אינגאנצן אנדערע אומשטענדן מיטן דאזיקן „עכטן פאליאק״, איז שוין דער „פוילישער סטאראסטא״ געווען א נאציאנאלער גוט־הארציקער ייד).

אין א געוויסן פרימארגן לאדט מיך איין דער סטאראסטא צו זיך אין קאבינעט און לייגט מיר פאר, אז איך זאל צוזאמען מיט א פאכמאן פאָרן קיין ווראצלאוו (ברעסלאו) כדי צו קויפן א טעקסי פארן סטאראסטווא־אמט. „כ׳ווייס״ — האט ער דיסקרעט צוגעגעבן, — „אז דו ביסט א ייד און כ׳בין זיכער, אז דו וועסט די דאזיקע שליחות אויספירן מיט דערפאלג.

כ׳האב באדאנקט דעם סטאראסטא פאר זיין צוטרוי צו מיר און גערן אנגענומען די שליחות, האפנדיק — אן א שום יסוד דערצו — צו געפינען אין דער גרויסער שטאט שפורן פון די דאוויד־האראדאקער מערדער.

* * *

כ׳האב דערפילט מיין שליחות אין ווראצלאוו, איינגעקויפט די טעקסי מיט די נויטיקע דערצו טיילן און געמוזט ווארטן נאך 3 טעג, כדי כ׳זאל דאס אלץ קאנען מיטנעמען קיין קלאצקא.

די 3 טעג, האב איך באשלאסן אויסנוצן אויף צו זוכן די שפורן פון די מערדער.

דרייענדיק זיך אויף די ווראצלאווער גאסן, האב איך צופעליק באגעגנט מיין ידיד אברהם־משה גרינבערג — א לאמזשער ייד, — וועלכער איז יעצט געווען ראש הקהל אין „אונדזער״ געמיינזאמער נייער שטעטל.

ער האט מיר דערציילט, אז זיין אויפגאבע איז צו קויפן אין ווראצלאוו עופות אויף „כפרות״ פאר די קלאצקער יידן. זיין פארשלאג איך זאל מיטגיין מיט אים און העלפן איינקויפן די עופות, האב איך מיט פארגעניגן אנגענומען און כ׳בין, אזוי־ארום געווארן א שותף צו א שליח־מצוה.

מיר זענען ארויף אויפן מארק, וועלכער איז געווען פארפולט מיט טויזנטער מענטשן און הונדערטער קיאסקן מיט „סטראגאנעס״.

ס׳זענען מיר ארויף אויפן געדאנק די צייטן, ווען מיליאנען יידן זענען נאך געווען אין פוילן און כ׳האב מיך אין מיין פאנטאזיע פארגעשטעלט דעמזעלבן מארק מיט די יידישע הענדלערס און פעדלערס, אָן וועלכע ס׳איז אוממעגלעך געווען פארצושטעלן אזא מארק־טאג. ווער וואלט געגלויבט — האב איך מיר געטראכט — אז דאס אלץ זאל פארשווינדן אזוי גיך.

גייענדיק ביים זייט פון ה׳ גרינבערג און זייענדיק פארטאן מיט די דאזיקע געדאנקען איז פלוצלינג געשען דאס אומגלויבלעכע:

א גוי, וואס איז געשטאנען ביי זיין סטראגאן און פארקויפט הערינג, האט אויף מיר

אנגעהויבן קוקן פול מיט פארוווּנדערונג, אינסטינקטיוו האבן זיך באַגעגנט אונדזערע ביידנס בליקן. מיטאמאל האט ער מיר א פרעג געטאָן אויף רוסיש: „עטא טי זיעמליאק״ (דאס ביסטו לאנדסמאן?) און אין א פאר סעקונדעס ארום האט ער צוגעגעבן: „עטא טי מוראוּוּטשיק?״ (דאס ביסטו מוראוּוּטשיק?). ווי דורך אן עלעקטרישן שטראם בין איך אויפגעציטערט געווארן, ווען כ׳האב אזוי אומדערוואַרטעט דערהערט אין א פרעמדער שטאט צווישן פרעמדע מענטשן, אין דער רוסישער שפראך מיין פאמיליע נאמען. ס׳האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז איך חלום, אדער, אז כ׳הער א שטים פון אינגאנצן אן אנדער וועלט.

צום גליק האב איך מיך ניט פארלארן און כ׳האב זיך שנעל אריענטירט, אז דער דאזיקער פארשוין האט ווארשיינלעך א שייכות צו דאווויד־האראדאק; און אפשר איז ער פון די, וועלכע איך זוך?...

„א קטא ווי טאקאי?״ (און ווער ביסטו?) — האב איך אים געפרעגט.

אנשטאט א תשובה, האט אבער דער אומבאקאנטער פארשוין זיך אנגעהויבן צוריקציען און שטאמלען: „אנטשולדיק מיר, אפשר האב איך געהאט א טעות, אפשר האב איך ניט דיר געמיינט״...

„זאג ווער דו ביסט״ — האב איך אנגעהויבן נערוועז שרייען — „אקארשט האסטו מיך ביי מיין נאמען אנגערופן, דו קאנסט מיך זיכער נאך פון פריער״.

ס׳איז געווארן א צוזאמענלויף פון מענטשן, מיין נערוועזיטעט איז געוואקסן פון מינוט צו מינוט און כ׳האב ניט אויפגעהערט צו פארלאנגען ער זאל זאגן ווער ער איז.

דער אומבאקאנטער האט געשוויגן. ער האט אונטערגעבויגן דעם קאפ און זיך געמאכט ווי ער וואלט עפעס געזוכט אויף דער ערד. ער האט פארשטאנען, אז ער האט זיך אליין פארשאטן...

„מיליץ, מיליץ!״ — האב איך אנגעהויבן שרייען מיט אן אויסטערלישער שטים, וועלכע כ׳האב אליין ניט דערקענט.

אין געציילטע מינוטן, זענען אנגעקומען 2 מיליץ־לייט. כ׳האב זיי אויפגעקלערט, אז איך בין חושד דעם דאזיקן פארשוין אין מיטארבעט מיט די דייטשישע אקופאנטן אין צייט פון קריג און אין מיטבאטייליקן זיך אין דער פארניכטונג פון די דאווויד־האראדאקער יידן.

די מיליץ האט באפוילן דעם גוי שליסן זיין סטראגאן און האט אונז ביידן מיטגענומען אין פאליציי־קאמיסאריאט. נאכן דורכקאנטראלירן זיינע דאקומענטן, האט זיך ווירקלעך ארויס־געוויזן, אז עס איז דער דאווויד־האראדאקער מיעשטשאנין, וועמענס נאמען ס׳האט פיגורירט אין דער רוצחים־רשימה.

שוין בעת דער ערשטער אויספארשונג, וועלכע איז אויפן ארט, אין מיין אנוועזנהייט דורכגעפירט געווארן, האט זיך דער מערדער צו מיר געווענדעט און געזאגט: „מוראוּוּטשיק, וועמען ארעסטירסטו? איך האב דאך פארנומען א ניט וויכטיקן ארט ביי די דייטשן. פארוואס ארעסטירסטו ניט איוואן מארייקא, וועלכער איז פאר די דייטשן געווען בירגערמייסטער פון דאווויד־האראדאק? ער האט דאך אומגעבראכט אלע דאווויד־האראדאקער יידן און טראָץ דעם זיצט ער זיך יעצט רואיק אין ווארשע?!״...

אט אזוי בין איך ארויפגעפירט געווארן אויף די שפורן פונם הויפט־מערדער מארייקא און כ׳האב פארשטאנען, אז דער אנהויב וועט סוף־כל־סוף דערפירן צום ארעסט פון אלע איבעריקע מערדער, וועלכע געפינען זיך אויף דער פוילישער ערד.

איך איבערטרייב איבערהויפט ניט מיט דער פעסטשטעלונג, אז דער טאג איז געווען דער גליקלעכסטער אין מיין לעבן זייט דעם אנהויב פון קריג אין יאר 1939.

כ׳האב דערלעבט צו זען פרוכט פון מיין הייליקער ארבעט. כ׳בין געווען שטאלץ דערמיט,

טראץ דעם, וואס כ׳האב געוווסט, אז די נקמה אן די רוצחים וועט ניט צוריק אויפלעבן מיינע זייערע דאוויד־האראדאקער ברידער און שוועסטער.

גלייכצייטיק, האָב איך זיך אפגעגעבן א דין־וחשבון, אז די עיקר ארבעט דארף ערשט געמאכט ווערן און, אז ניט אזוי לייכט וועט דאס אנקומען.

מיין באשלוס צו דערפירן די הייליקע ארבעט ביז צום סוף, איז אבער פיל פעסטער געווארן און דער אנהויב האט מיר צוגעגעבן מוט, כוח און אויסדויער קראפט, ווייטער פארט־זעצן מיינע באמיאונגען אויסצוגעפינען די איבעריקע מערד׳ער.

* * *

דער פעלדשער איוואן מארייקא, וועלכער האט געהאט זייער א גרויסע יידישע קליענטעלע, האט זיך גלייך געשטעלט אין דינסט פון די דייטשן און איז דורך זיי באשטימט געווארן אלס שטאט בירגערמייסטער.

פון ערשטן טאג אָן איז איינגעפירט געווארן אין שטאט א טעראר־רעזשים לגבי דער יידישער באפעלקערונג.

דער געשעצטער אין שטאט צאָן־דאקטאר יצחק עדעל מיט זיין זון גדליהו, זענען דעמזעלבן טאג דערשאסן געווארן.

אהרן סלאמיאנסקי, א חשובער חסיד׳ישער ייד, איז לעבעדיקערהייט פון בריק אין טייך הארין אריינגעווארפן געווארן.

שמחה מישאלאוו און מאטל קוויעטני, האבן זיך אויסבאהאלטןביים „גוטן פריינט“ איוואן מארייקא, וועלכער האט ביי זיי דערפאר געגומען גאלד און זילבער. אין א פאר טעג ארום האט זיי מארייקא ארויסגעטריבן פון באהעלטעניש, באפוילנדיק די „מיעשטשאנעס“ זיי צו דערמארדן. שמחה מישאלאוו איז דערהרגעט געווארן ביי זיין אייגן הויז אין אנוועזנהייט פון זיין פרוי מיט די קינדער.

די משפחה פינקעלשטיין, וועלכע איז געוועזן געשעצט אויך דורך די „מיעשטשאנעס“ און איבערהויפט דורך די קריסטלעכע שוסטערס, איז דערמארדעט געווארן צוגלייך מיט אלע איבעריקע יידן, טראץ דעם וואס זיי האבן איינגעצאלט ריזן סכומים אלס אויסקויף־געלט און טראץ דער באמיאונג פון די קריסטלעכע שוסטערס ביי דער מאכט, אז מ׳זאל זיי לאזן לעבן אלס „גוטע יידן“.

דער רב ר׳ משה׳לע זצ״ל האט ארויסגעוויזן אומגעווייִנלעכען שטאלץ און איבערגעגעבנהייט צו זיין עדה. טאג־טעגלעך פלעגט ער קומען צום רוצח איוואן מארייקא און זיך משתדל זיין אפצושרייען די גזירות אויף די יידן. צום סוף איז ער צוזאמען מיט אלע מענער פון שטאט געפירט געווארן צו דער שחיטה. איינגעוויקלט אין טלית און תפילין האט ער, פאר די צום טויט פארמשפטע יידן, געהאלטן א דרשה און איז צוזאמען מיט זיי אומגעקומען.

ברוך־יוסף קאצמאן מיט זיינע זין איז געלונגען אויסצומיידן די עקזעקוציע אדאנק דעם וואס זיי האבן זיך באהאלטן אין א שטאל. זיי האבן זיך באזארגט מיט עסן אויף 2 וואכן און געהאפט אנטלויפן אין די וועלדער.

אין 2 וואכן ארום, ווען ס׳האט זיך געענדיקט זייער שפייז, זענען זיי ארויס פון באהעלטעניש און מורא האבנדיק זיך ווענדן צו די מיעשטשאנעס נאך הילף, האבן זיי זיך געמאלדן דירעקט אין דייטשישן שטאב, וועלכער איז צו יענער צייט געוועזן אין יודאוויטשעס הויז.

זיי האבן דערציילט די דייטשן וויאזוי ס׳האט זיך זיי איינגעגעבן אויסצובאהאלטן און זיך געבעטן ביי די דייטשן זיי זאלן זיי שענקען דאס לעבן.

צו זייער גרויסער איבערראשונג, האבן זיי פון די דייטשן באקומען פאלגנדע תשובה, וועלכע איז, אגב, כאראקטעריסטיש פאר דער דייטשישער „פינקטלעכקייט״:

„מיר האבן באקומען א באפעל אומצוברענגען די יידן דעם 10־טן אויגוסט. היות דער טערמין איז שוין דורכגעגאנגען און קיין אנדער באפעל האבן מיר ניט, וועלן מיר אייך קיין שלעכטס ניט טאן און איר זייט פריי״.

ווי נאר די קאצמאנס זענען אר״ס פון דייטשישן שטאב, האט זיי אויפן גאס געטראפן דער שיכור און רוצח איליא סטאווראַ (סטאדניק) וועלכער האט זיי מיט אייזנס אויפן ארט דערמארדעט.

אינטערעסאנט, אז אין דער זעלבער נאכט נאכן מארד, איז ער פון געוויסנסביסן משוגע געווארן, אונטערגעצינדן זיין אייגן הויז און זיך לעבעדיקערהייט פארברענט.

עזרא סאלאמיאניק האט זיך אויך אויסבאהאלטן פון דער שחיטה. אין א פאר טעג ארום, האט אים אבער זיין שכן יעסיפ דובאק (מאטוסיעוויטש) אנטדעקט און דערמארדעט.

* * *

די „וויכטיקסטע ארבעט״ פון מערדער מארייקא איז געווען זיין פראוואקאציע קעגן די דאוויד־הארא־דאקער יידן, ד.ה. קעגן זיינע פאציענטן פון וועלכע ער האט די גאנצע יארן געלעבט און געמאכט א פארמעגן.

ער האט צוזאמען מיט זיינע מיטהעלפער באהאלטן אין גרויסן בית־מדרש שטאבעס אייזן, העק און עטלעכע רעוואלווערן, און דערנאך געמאלדן דעם דייטשישן שטאב אין לוניניעץ, אז מ׳האט „אנטדעקט״ אין בית־מדרש א געווער־לאגער, מיט וועלכן די יידן גרייטן זיך צו מאכן אן אויפשטאנד קעגן דער דייטשישער מאכט.

די דייטשן האבן אויפן סמך פון דער פראוואקאציע ארויסגעגעבן א באפעל צו דערמארדן אלע יידישע מענער פון דאוויד־הארא־דאק.

איבער 3000 יידן — מענער אין עלטער פון איבער 14 יאר, — זענען דעם 10־טן אויגוסט 1941 דערמארדעט און באגראבן געווארן אין גרויסע מאסן־קברים, וועלכע זענען נאך פריער צוגעגרייט געווארן אויפן וועג צווישן חינאוווסק און אלשאן.

אין לעצטן מאמענט פאר דער גרויזאמער שחיטה, האט מארייקא כלומרשט אנגעהויבן פארמיטלען און צוזויסן געטאן, אז ער האט געפועלט ביי די דייטשן צו געבן יידן א מעגלעכקייט זיך אויסקויפן פון טויט פאר געלט אדער ווערט־זאכן.

די אומגליקלעכע קרבנות האבן אים געגלויבט און געפירט די רוצחים אין די ערטער, ווו ס׳איז געווען אויסבאהאלטן גאלד, זילבער, און אנדערע ווערטפולע זאכן.

נאכן אנקלייבן עטלעכע קאסטנס מיט יידישן האב־און־גוטס, זענען די יידן צוריקגעפירט געווארן צום עקזעקוציע פלאץ און צוזאמען מיט אלע איבעריקע אומגעבראכט געווארן.

מארייקא האט זיך פערזענלעך באטייליקט אין מארד, שיסנדיק די יידן פון א רעוואלווער.

מ׳דערציילט, אז די געשרייען פון די אומגליקלעכע קרבנות האבן זיך געהערט א פאר קילאמעטער ווייט. 3 טעג האט זיך דערנאך געהויבן די ערד פון די פארשאטענע מאסן־קברים, ווייל פיל פון די יידן זענען באגראבן געווארן לעבעדיקערהייט.

די פארבליבענע אין שטאט פרויען און קינדער, האבן די רוצחים אינמיטן דער נאכט נאכן מאסן־מארד ארויסגעטריבן פון שטאט ניט דערלויבנדיק זיי מיטנעמען קיין איין זאך. ס׳זענען געווען פאלן ווען פרויען זענען ארויסגעטריבן געווארן פון די הייזער אין בלויזע נאכט־העמדער.

נאכן ארויסטרייבן די פרויען און קינדער, האבן די מיעשטשאנעס און די פויערים פון די ארומיקע דערפער בארויבט דאס גאנצע איבערגעבליבענע יידיש האב־און־גוטס.

ס'איז ניט געווען קיין איין דאוויד־הארארקער מיעשטשאנין, וועלכער זאל ניט האבן אנטיילגענומען אין דאזיקן רויב.

* * *

דער ארעסטירטער דאוויד־הארארקער מיעשטשאנין, האט „ניט געוווסט" דעם גענויעם אדרעס פון איוואן מארייקא אין ווארשע. אויסגעפינען אים איז ניט געווען פון די לייכטע אויפגאבעס. עטלעכע מאל בין איך ספעציעל געפארן אין ווארשע אים זוכן, לײדער, זענען מיינע באמיאונגען ניט געקרוינט געווארן מיט דערפאלג. כ'האב שוין כמעט רעזיגנירט פון געפינען אים. דער גליקלעכער צופאל האט, אבער, געוואלט אז כ'זאל מיך אין איינער פון מיינע רייזעס קיין ווארשע, באקענען אין צוג מיט א יידישן געהיים־אגענט (יהודה ספיוואק־זינגער — יעצט אין ישראל), וועלכער האט דערוו'סנדיק זיך וועגן מיין רייזע־ציל, גענומען אויף זיך די אויפגאבע צו געפינען מארייקאן.

נאך לאנגע באמיאונגען און זוכענישן האט ער ענדלעך אים געפונען אין א קליין שטעטעלע ביי ווארשע, ווו ער האט געארבעט, אויפן סמך פון א געפעלשטן דיפלאם אלס דאקטאר. מארייקא האט אויך געהאט פארלאזן א בארד, כדי מ'זאל אים ניט דערקענען.

צו מיין שמחה איז קיין גרענעץ ניט געווען, ווען כ'האב באקומען פון ספיוואק־זינגער א טעלעגראמע מיט דער פריילעכער ידיעה וועגן מארייקאס ארעסט.

אין א קורצער צייט נאכדעם, איז זיין פרוי דאריא געקומען צו מיר אין קלאצקא (עד היום איז פאר מיר א רעטעניש וויאזוי זי האט מיין אדרעס באקומען), כדי צו בעטן רחמים, אנטשול־דיקונג און מחילה.

די באגעגעניש מיט איר איז געווען רייך מיט דראמאטישע מאמענטן:

„ארויס מערדערין פון שטוב, כ'וויל דיך ניט זען און איך וויל ניט הערן וועגן דיין מאן" — האב איך צו איר געזאגט, אנשפייענדיק איר אין פנים.

„כ'באליידיק מיך איבערהויפט ניט, ווייל איך בין גרייט געווען אויף אזא קבלת־פנים" — האט זי מיר געענטפערט, צוגעבנדיק גלייכצייטיק, אז ס'איז דאך כדאי כ'זאל איר אויסהערן...

אין דעם מאמענט איז מיר דורכגעלאפן א געדאנק, אז אפשר איז טאקע כדאי, צוליב דער טובה פון דער זאך, זיך באהערשן, דערשטיקן אויף א ווײלע אין זיך דעם עקל, וואס כ'פיל צו דער מערדערין און אויסהערן איר, כדי אויף אזא וועג צו באקומען פון איר אדרעסן פון די איבעריקע רוצחים.

כ'האב איר געהייסן אראפגיין אוןווארטן אויפן גאס (אין מיין וווינונג האב איך ניט געוואלט האבן די טומאה) ביז כ'וועל אראפקומען.

איר גאנצער ריידן איז, פארשטענדלעך, געווען א פרווו ריינצוואשן איר מאן פון אלע זינד און דורכדעם ווירקן אויף מיר, אז כ'זאל רעזיגנירן פון מיינע באשולדיקונגען קעגן אים.

זי האט מיר, צווישן אנדערע, דערציילט, אז איר זון מישא איז נאך דער מלחמה צוריק־געקומען פון ענגלאנד קיין פוילן (ער איז אין דער פויליש־דייטשישער מלחמה געווען אפיציר אויף דער פוילישער שיף „פילסודסקי", וועלכע איז אין צייט פון קריג דערטרונקען געווארן) און האט מיט זיך מיטגעבראכט פון דארטן א יידישע זייער סימפאטישע פרוי, מיט וועלכער ער האט נאך אין ענגלאנד חתונה געהאט און וועלכער זי — דאריא — האט ליב ווי אן אייגענע טאכטער (ווי כ'האב דערנאך פעסטגעשטעלט, איז לײדער ריכטיק געווען די ידיעה, אז א יידישע פרוי האט, חתונה געהאט מיטן זון פון מערדער און אומברענגער פון די דאוויד־הארארקער יידן).

איר מאַן, האָט זי געטענה'ט, האָט „נעבאַך" קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט אָננעמען דעם פאַרגעלייגטן אים, דורך די דייטשן, אַמט פון דאַוויד־האָראַדאָקער שטאָט־בירגערמייסטער.

אַמטירנדיק אַלס בירגערמייסטער האָט ער „פאַרשטענדלעך" געזוכט עצות און וועגן ווי־אַזוי אָפּצושרייען גזירות קעגן יידן.

בכלל איז ער — איוואַן מאַרייקאַ — געווען „גאָט די נשמה שולדיק", ווייל ער האָט געמוזט אויספירן די באַפעלן פון יעוווגעני יעוופלאַוו, וואָס איז דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן אַלס „געביטס־קאָמיסאַר".

מיין געדולדיקער אויסהערן האָט איר צוגעגעבן מוט און זי האָט אין פאַרלויף פון געשפּרעך געגעבן מיר אָנצוהערן, אַז זי ווייסט, אַז כ'געפין מיך אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע און אַלס אַלטע ידידים זענען זיי גרייט מיר צו העלפן...

איר חוצפה'דיקער פאָרשלאָג האָט מיך אַזוי אויפגערעגט, אַז כ'האָב אָנגעהויבן שרייען און אָנשפּייענדיק איר ווידער אין פּרצוף אַריין גענומען צוריקגיין אין וווינונג.

זי האָט אָנגעהויבן נאָכלויפן נאָך מיר און זיך אַנטשולדיקן, בעטנדיק איך זאָל איר ווייטער אויסהערן.

אינצווישן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דעם הויפּט־צוועק פון מיין געשפּרעך האָב איך נאָך ניט דערגרייכט — כ'האָב נאָך קיין איין אַדרעס ניט פון די איבעריקע מערדער — און כ'בין ווידער געבליבן איר אויסהערן.

זעקס שעה נאָכאַנאַנד האָט געדויערט דער געשפּרעך. זעקס פּיינפולע פאַר מיר שעה, ווייל כ'האָב אויף קיין איין סעקונדע ניט פאַרגעסן, אַז איך פיר אַ געשפּרעך מיט אַ חיה אין געשטאַלט פון אַ מענטש, וועמענס הענט ס'זענען איינגעטונקט אין בלוט פון טויזנטער פון מיינע טייערע ברידער און שוועסטער און צווישן זיי אויך מיין ליבע פרוי און מיינע טייערע 4 קינדערלאַך הי"ד.

און דאָך איז כדאי געווען די גאַנצע אָנשטרענגונג, ווייל כ'בין אַרויס פון געשפּרעך מיט אַ ידיעה וועגן וווין־אָרט פון יעוווגעני יעוופלאַוו מיט זיין סאַדיסטישער פאַרברעכערין מאַרוסיאַ.

* * *

דער רוצח יעוווגעני יעוופלאַוו, איז זיינער־צייט (איידער די סאָוויעטיש־דייטשישע מלחמה האָט אויסגעבראָכן) אַרעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער מאַכט פאַר זיין ווייסגוואַרדיי־אישער פאַרגאַנגענהייט און איז איינגעזעצט געוואָרן אין בריסקער תפיסה.

ווען די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך אָנגעהויבן און די רוסן האָבן עוואַקואירט אין ספּעציעלע עשאַלאָנען די אַרעסטאַנטן קיין טיף רוסלאַנד, איז ער צוזאַמען מיט לייזער ראַנקין אַנטלאָפן פון עשאַלאָן (אין אַ פּאָר טעג אַרום, נאָכן אָנקומען קיין דאַוויד־האָראַדאָק איז לויטן באַפעל פון דעמזעלבן יעוופלאַוו דערמאָרדעט געוואָרן דורך „מיעשטשאַנעס" זיין תפיסה־חבר לייזער ראַנקין הי"ד).

יעוופלאַוו האָט, אָנקומענדיק קיין דאַוויד־האָראַדאָק, זיך גלייך געשטעלט אין דינסט פון די דייטשן, באַשטימט ווערנדיק דורך זיי אַלס „געביטס־קאָמיסאַר".

אַלס נקמה דערפאַר, וואָס פאַר די סאָוויעטן האָט אים צופעליק אַרעסטירט אַ יידישער נ.ק.וו.ד.־אָפיציר, האָט ער באַשטימט אומברענגען אַלע יידן פון שטאָט. זיין פרוי, די סאַדיסטישע מערדערין מאַרוסיאַ, האָט גלייך נאָכן אַרעסט פון איר מאַן דורך די סאָוויעטן, זיך אויסגעדריקט אין מיין אָנוועזנהייט, אַז „ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען כ'וועל נקמה נעמען אָן די יידן, דערפאַר וואָס אַ ייד האָט אַרעסטירט מיין מאַן".

ביידע, הן יעווּפּלאַוו און הן זיין פרוי מאַרוסיאַ, האָבן דערפילט זייער צוזאָג.

אין בריוו, וואָס פרוי מיכלע סטאַלמאַן־רוסמאַן און איר טאָכטער נינאַ פון דעטראָיט האָבן מיר צוגעשיקט קיין פוילן, איז דאָ א געגויע שילדערונג פון די אַכזריות'דיקע מעשים פון איוואַן מאַרייקאַ, יעווגעני יעווּפּלאַוו און זיין פרוי מאַרוסיאַ.

באַזונדערס האָט זיך „אויסגעצייכנט" מיט איר סאַדיזם מאַרוסיאַ, וועלכע האָט אַליין דערמאָרדעט יעקב גערצולין, ווען זי האָט געטראָפן אים א באַהעלטעניש. זי האָט לעבעדיקערהיט געוואָרפן יידישע קינדער אין טייך האָרין אַריין.

אויך דער אַרעסט פון די יעווּפּלאַווס האָט זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן.

דערפילנדיק, אַז די ערד ברענט אונטער זייערע פיס, האָבן זיי פאַרלאָזן די שטאָט זיעלאָנאַ־גוראַ, אין וועלכער זיי האָבן געוווינט, און זיך וואָכן־לאַנג אויסבאַהאַלטן אַלס פישער אין א קליין פאַרוואָרפן דערפל.

געהיים־אַגענטן פון „אור־בע" האָבן זיי טאָג און נאַכט אָפּגעהיט ביי זייער הויז אין זיעלאָנאַ־גוראַ און סוף־סוף זיי אַרעסטירט.

בעת דער אונטערזוכונג איז ביי זיי געפונען און קאָנפיסקירט געוואָרן אַן אוצר פון גאָלד, זילבער און ווערטפולע שמוק־זאַכן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ איז געווען אָנגערויבט ביי די דאַווידהאָראָדאָקער יידן. צווישן אַנדערע איז אויך געפונען געוואָרן ביי זיי א בילד פון מיינע צוויי קינדערלעך שרה'לה און יצחק'ל הי"ד מיט א פוילישער אויפשריפט. דאָס האָט מיין טאָכטערל אויפגעשריבן מיט איר קינדערישן האַנטשריפט פאַר זייער טאָכטערל זאָסיאַ, מיט וועמען זי האָט זיך אין די פאַר־מלחמה יאָרן געחברט. (אין פאַרלויף פון 7 יאָר, איידער ס'איז אויסגעבראָכן די 2־טע וועלט־מלחמה, האָב איך מיט יעווּפּלאַוון געהאַט שותפות א ביוראָ פאַר ביטעס, איבערזעצונגען און אַנדערע ביוראָ־אַרבעטן).

די מערדערין מאַרוסיאַ, האָט געוואָלט אויסנוצן דאָס בילד, כדי איבערצייגן מיך וואָסערע גוטע ידידים מיר זענען געווען (א סימן אַז זי האָט געהאַלטן ביי זיך דאָס בילד די גאַנצע צייט און עס ניט פאַרניכטעט) און אַזוי אַרום האָט זי געוואָלט ווירקן אויף מיר, אַז כ'זאָל רעזיגנירן פון זייער אַרעסט.

זי האָט מיר אויך דערציילט, אַז זי האָט געוווּסט, אַז די קריסטין אַלעקסאַנדראַ אַגראַדזינסקאַ האָט ביי זיך אויסבאַהאַלטן א יידיש מיידל און דאָך האָט זי איר ניט געמסרט פאַר דער מאַכט.

ווען כ'האָב אָבער אַרויסגענומען דעם מאַטעריאַל, וועלכן כ'האָב מיט זיך געהאַט און פאָרגעלייענט איר וועגן אירע און איר מאַנס „שיינע מעשים", האָט די מערדערין קיין וואָרט מער ניט אויסגערעדט. זי האָט געשוויגן... און איך? איך האָב מיך אָנגעהויבן איינקוקן אין בילד און ניט געקענט די אויגן אָפּרייסן פון מיינע טייערע קינדער. כ'האָב מיך דערמאָנט אָן מיין גאַנצער משפחה, אָן מיין פרוי, מיינע 4 קינדערלאַך, מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, אָן דער גאַנצער יידישער עדה פון מיין היימשטאָט, אָן דעם אַלעמען, וואָס איז געווען און אַזוי טראַגיש אומגעקומען — כ'האָב געקוקט און געוויינט, געוויינט און געקוקט — א קוואַל פון טרערן האָט זיך געגאָסן אָן אויפהער פון מיינע אויגן...

אין א צייט אַרום האָב איך מיך דערוווּסט, אַז דער מערדערין מאַרוסיאַ איז געלונגען אָפּצונאַרן דעם אויספאָרשונגס־ריכטער פאַרשטעלענדיק זיך פאַר א געפערלעך קראַנקער, באַקומענדיק דורך דעם א געזונדהייטס־באַפרייאונג.

כ'בין גלייך אוועקגעפאָרן אין זיעלאָנאַ־גוראַ און באַוויזן דעם פּראָקוראָר דעם בריוו פון פרוי מיכלע סטאַלמאַן־רוסמאַן און איר טאָכטער נינאַ און וועלכן ס'איז גענוי געשילדערט דאָס סאַדיסטישע פאַרהאַלטן זיך פון דער מערדערין מאַרוסיאַ יעווּפּלאַוו.

דער פראקוראר איז געווען אזוי איבערגענומען און גערירט, אז ער האט אין מיין אנוועזנהייט באפוילן צו ארעסטירן דער „קראנקער" מארוסיא דערקלערנדיק, אז ס'איז ניטא קיין אָרט אויף דער פרײַ פאר אזעלכע מנוולים אין פאלקס־דעמאקראַטישן פוילן.

אין פארלויף פון דער אויספארשונג, האבן די יעוופלאווס אויסגעגעבן דעם וווין־אָרט פון מערדער לעוווקאווסקי פון דארף סעמיהאסטיטש.

ווען כ'בין געקומען קיין זגאזשעלעץ און זיך געווענדעט אין „או.בע." וועגן אַרעסט פון לעווקאווסקי, איז דער „או.בע." קאמענדאנט — צופעליק א ייד — געווען אויף אורלויב. ווען ער האט זיך טעלעפאניש דערוווסט וועגן צוועק פון מיין קומען, האט ער איבערגעריסן זיין אורלויב און ספעציעל געקומען, כדי פערזענלעך צו פארשנעלערן און העלפן מיר אין מיין אױפגאבע.

אט אזוי האט איין רוצח אריינגעצויגן דעם צווייטן און אין א קורצער צייט ארום זענען ארעסטירט געווארן קרים און זיעמיאן מארייקא, באַבקא און אנד.

פארשטענדלעך, אז יעדער אַרעסט באזונדער איז א קאפיטל פאר זיך, וואס איז רייך מיט דראַמאטישע מאמענטן, מיט אומגעהויערער אנשטרענגונג, מיט זוכענישן און ארומרייזן און אפילו מיט סכנת נפשות.

אינטערעסאנט צו באמערקן, אז די פוילישע זיכערהייטס־פאליציי האט מיך געווארנט איך זאל זיין פארזיכטיק, ווייל עס דראט מיר א לעבנס־סכנה. זיי האבן מיך געראטן כ'זאל אין די אָוונטן ניט גיין איינער אליין אין גאס, כ'זאל ניט עפענען די טיר פון מיין וווינונג כל זמן כ'וויס ניט אויף זיכער ווער ס'געפינט זך הינטערן טיר, כ'זאל אויסמיידן צוזאמענטרעפן מיט אומבאקאנטע פאר מיר מענטשן א.א.וו.

איך האב אבער ניט אכטונג געגעבן אויף די ווארנונגען און ענערגיש פארטגעזעצט מײַן הייליקע ארבעט.

די פוילישע זיכערהייטס־פאליציי, האט ווי געהעריק אפגעשאצט מיין אויפטו און אלס דאנקבארקייטס־אויסברוך האט זי מיר געשיקט אן אנערקענונגס־בריוו, וועלכער דינט מיר ווי א טיילווייזע מאראלישע סאטיספאקציע פאר מיין אומדערמידלעכער הייליקער ארבעט. פאר־שטענדלעך אז מיין הויפט סאטיספאקציע איז דער ארעסט פון די מערדער אליין.

לויט ניט אפיציעלע ידיעות איז מיר באוווסט, אז אין א צייט ארום איז ארעסטירט געווארן מארייקאס טאכטער אלא, וועלכע האט מיטגעארבעט מיט די דייטשן אלס איבערזעצערין, זיינע 2 איידעמס וואיטאוויטש און וויעלאווייסקי, וועלכע זענען געווען אפיצירן אין פארמלחמה'דיקן פוילישן מיליטער, ווי אויך זיין זון מישא מיט דער יידישער פרוי, וועלכע זענען געקומען פון ענגלאנד. מישא האט פארנומען אין פוילישן זיכערהייטס־מיניסטעריום א הויכן אמט.

* * *

ס'איז אנגעקומען מיין ריי עולה זיין קיין ישראל. מער האב איך, ליידער, ניט געקענט אפשלעפן מיין עליה.

מיט א ווייטיק אין הארץ האב איך געמוזט איבעררייסן דאס פערזענלעכע פארנעמען זיך מיטן ענין און איבערלאזן צו פארענדיקן די ארבעט די פוילישע זיכערהייטס־ און רעכטס־ארגאנען.

אידער כ'האב פארלאזן פוילן, האב איך באזוכט איןווארשאווער „או.בע.", ווו מ'האט מיך אינפארמירט, אז אלע ארעסטירטע רוצחים זיצן און אז אין איינקלאנג מיטן אינטער־נאציאנאלן „עקסטראַדיציע־געזעץ" וועלן זיי ארויסגעפירט ווערן קיין דאוויד־האראדאק (דאוויד־האראדאק געהערט יעצט צום ראטן־פארבאנד), ווו ס'וועט אַייפן ארט פון זייערע באגאנגענע פארברעכנס פארקומען זייער פראצעס.


Telegram

godz. m.

przewód nr

podpis

Odtelegrafowano

godz. m.

przewód nr

do

podpis

ZATRZYMANY

דער אויספארשונגס־ריכטער מאיאר פיאנטקאווסקי, וועלכער האט געפירט די אויס־
פארשונג פון די רוצחים, האט מיר פארגעלייגט אריינצופירן אין תפיסה, אדער ברענגען דעם
רוצח איוואן מארייקא אין זיין קאבינעט, כדי כ׳זאל אים קאנען זען. כ׳האב ניט אויסגענוצט די
דאזיקע געלעגנהייט און ניט געוואלט אנקוקן דעם מערדערישן פרצוף. דעם אמת געזאגט,
פארדריסט מיר צייטנווייז, וואס כ׳האב ניט אויסגענוצט די געלעגנהייט און ניט געזען דעם
מערדער אין א צושטאנד פון אפקומען א שטראף פאר זיינע מערדערישע זינד.

ביים זעלבן באזוך, מיינעם אין ווארשע, האב איך אפגעשטאט א וויזיט אין דער סאוויע־
טישער אמבאסאדע, און אויך זיי האבן מיר צוגעזאגט די פולע אונטערשטיצונג אין פארטזעצן
דעם ענין.

ביי דער געלעגנהייט, וויל איך באזונדער אונטערשטרייכן די אויסערגעוויינלעכע פאר־
אינטערעסירונג מיט דעם ענין מצד דעם צענטראל־קאמיטעט פון די פוילישע יידן אין ווארשע
און דערמאנען וועגן זייער יורידישער (זיי האבן געשטעלט 2 אדוואקאטן צו הילף) און פינאנסיעלער
אונטערשטיצונג.

כ׳מיין, אז ס׳איז וויכטיק צו ברענגען אין דער עפנטלעכקייט, א פאקט, וואס דינט ווי
א ליכט־שטראל אין דער גרויסער פינסטערניש, וואס האט געהערשט דאן אין דאוויד־האראדאק:

א קריסטן מיט א איידעלער נשמה — אלעקסאנדרא אגראדזינסקא — האט די איינציקע
אין שטאט אויסבאהלטן ביי זיך — איינשטעלנדיק דאס לעבן — אין פארלויף פון דער גאנצער
דייטשישער אקופאציע־צייט א יידיש מיידל מיטן נאמען גאלדע קוזניעץ (יעצט אין חיפה).

דעם פאקט איז באזונדערס וויכטיק צו אונטערשטרייכן, ווייל אלע אָן אויסנאם קריסטן

פון דאוויד־האראדאק זענען אין באצוג צו יידן געווען מער מערדעריש פון די דייטשן. זי — אלעקסאנדרא אגראדזינסקא — איז דער איינציקער ליכטיקער פונקט אויפן גרויסן שווארצן פלעק פון דער דאמאלסדיקער טראגישער דאוויד־הארארדאקער ווירקלעכקייט.

זאל ביי דער דאזיקער געלעגנהייט איר אויסגעדריקט ווערן אונזער אויפריכטיקע אנערקענונג און יישר־כוח.

די פרוי אגראדזינסקא לעבט יעצט אין פוילן. אלס דאנקבארקייטס אויסדרוק, האב איך איר שוין פון ישראל געשיקט אלס מתנה א קעסטל מאראנצן.

* * *

נאך מיין אנקומען אין ישראל, האב איך פארטגעזעצט צו אינטערעסירן זיך מיטן ענין. כ׳האב מיך פארבונדן מיט דער פוילישער אמבאסאדע אין תל־אביב און כ׳האב פון זיי באקומען מונדלעכע און שריפטלעכע אויפקלערונגען. (3 בריוו פון דער פוילישער אמבאסאדע פונם: 19.12.51, 22.8.52 און 14.1.54).



KONSULAT GENERALNY
POLSKIEJ RZECZYPOSPOLITEJ LUDOWEJ
W TEL-AWIWIE

CONSULATE GENERAL
OF THE POLISH PEOPLE'S REPUBLIC
IN TEL-AVIV

No. 6958/54

Tel-Aviv
95 Allenby Str.

14.I.1954

Pan Aharon Murewczyk
H a d o r - J o s e f
Beit 164/5

W odpowiedzi na list Pana z dnia 3.I.54 r., Konsulat Generalny PRL w Tel-Avivie komunikuje, że sprawa karna zarówno przeciwko Janowi Marejko jak i Eugieniuszowi i Marii Jewpłowom jest w dalszym ciągu w toku załatwienia.

KIEROWNIK KONSULATU GENERALNEGO

Zygfryd Wolniak
Konsul

אויף מיין פארלאנג, האט די ווארשאווער פראקוראטור איבערגעשיקט א טייל פון די באשולדיקונקס־אקטן אין תל־אביבער פרידנס־געריכט, כדי צו דערגענצן זיי מיט דערקלערונגען פון עדות, וועלכע געפינען זיך יעצט אין ישראל. אין יאר 1953 האט מען אין תל־אביב אויסגעהערט די עדות און דערנאך צוריקגעשיקט די דאקומענטן קיין ווארשע.

אין אוגוסט מאנאט 1954, האב איך ווידער באזוכט אין דער פוילישער אמבאסאדע. אויף מיינע פראגן האב איך באקומען ענטפערס, וועלכע כ׳געפין פאר נויטיק איבערגעבן מיינע לאנדסלייט.

„אלע ארעסטי׳רטע פארברעכערס“ — איז מיר געזאגט געווארן מונדלעך —
„זיצן. וויפיל מערדערס ס׳זענען ארעסטירט, ווו זיי זיצן און צי איז שוין פארגעקומען זייער פראצעס — וועגן דעם קאנען מיר דערווייל ניט צוּוויסן געבן...“
אלס פארגי׳טיקונג פאר די דאזיקע אויסמיידנדע (און ניט פארשטענדלעכע .פאר מיר) ענטפערס, האב איך באקומען פאלגענדן צוזאג:
„געדולד, מיין הער, ס׳וועט קומען א טאג און דו וועסט וועגן אלץ וויסן“.
ביזן שרייבן די דאזיקע שורות, איז נאך, ליידער, דער צוזאג ניט אויסגעפירט געווארן...

# צביה קראוס (ציפארין) ז״ל

(צו שבעה)

אין יאר 1923, האב איך און אפאר פאראינטערעסירטע עלטערן און ארטיקע ציוניסטישע עסקנים אנטייל גענומען אין דער גרינדונג (שפעטער אויך אין דער לייטונג) פון דער „תרבות״־שול אין דאוויד־הארדאק.

געדענק איך זייער גענוי, ווי ביי דער תלמידים־רעגיסטראציע איז דערשינען אן הויך־געוואקסיג יונגע מיידל, ספק, אליין אקאנדידאטין פאר דער שול אדער צו פארשרייבן עמיצן, יינגער פון זיך. שעמעוודיק האט זי אנגעגעבן די געפאדערטע איינצלהייטן — צביה ציפארין, 11 יאר אלט...

צוערשט איז דער לערער פערסאנאל געווען מיט דער מיינונג, אז איר הויך (מיט וועלכן זי האט איבערגעשטיגן אלע תלמידים) שטערט איר און דאס איז די סבה פון איר שעמעוודיקער צוריקגעהאלטנקייט. אבער שוין ביי אירע ערשטע טריט אין שול, האבן מיר באקומען דעם איינדרוק אז דאס איז אירע א פאזיטיווע און נאטירלעכע אייגנשאפט.

די און פיל אנדערע מעלות, מיט וועלכע צביה איז געווען געבענטשט, האבן מיטגעהאלפן אז זי זאל שנעל דערוווערבן א זיכערע פאזיציע אין דעם לעבן פון שול און ווערן באליבט ביי אירע חבר׳טעס, חברים און לערער. זייענדיק שטענדיק פלייסיק, זויבער, פינקטלעך, קארעקט און פאראנטווארטליך, איז איר ניט שווער געווען צו געפינען חן ביי אנדערע און אנהאלטן ביי זיי אווארעמען און אנגענעמען אנדענק.

צוליב דער ניט־שטענדיק באפרידעגענדער מאטעריעלער לאגע אין הויז, איז איר, ליידער, ניט באשערט געווען צו לערנען רואיק און אומגעשטערט. ס׳איז איר פארשאפט געווארן אסך עגמת־נפש. אבער אירע פאזיטיווע כאראקטער שטריכן זענען געבליבן אומדערשיטערט; פארקערט, זיי זענען געווארן פעסטער און געלייטערטער און באקומען, מיט די יארן, נאך מער חן...

שפעטער, ווען זי האט אין דער זעלבער שול דערפילט די פונקציע פון א געהילפס־גננת, האט איר צערטליכקייט און זארג פאר די קינדער ארויסגערופן ביי זיי צוגעבונדענקייט, אנזען און דאנקבארקייט ביי די עלטערן און אפאזיטיווע אפשאצונג ביי דער פארוואלטונג.

ווען כ׳האב, מיט יארן שפעטער, געטראפן צביהן אין ארץ־ישראל, אלס פרוי קראוס, האב איך מיט צופרידנהייט געקענט פעסטשטעלן די אמאליקע ריכטיקע אפשאצונג און באוואונדערן די אומענדלאכע צערטלעכקייט, דאגה און ליבע מיט וועלכע זי האט ארומגע־רינגעלט איר מאן און אירע שוואכע עלטערן. זי האט קיינמאל קיינעם ניט פארגעסן. שטענדיק געדענקט יעדע טובה וואס עמיצער האט איר געטאן.

אנ׳האלבע ארבעט האט צביה ניט ליב געהאט. אויב טאן עפעס, איז ווי ס׳באדארף צו זיין... אויב העלפן — איז מיט לייב און לעבן...

ווער וויס אויב ניט אט די, דורך אלעמען געשעצטע, אייגנשאפטן, האבן איר געזונט אונטערגעגראבן, ביז דעם ביטערן סוף, וועלכער איז — פאר איר און פאר אונז אלעמען — אזוי פריצייטיק און פלוצלונג געקומען.

און אויף אייביק איז אויסגעלאשן געווארן דאס העל־שטראלענדע ליכט פון די טונקעלע אויגן.

ת. נ. צ. ב. ה. ראובן מישאלאוו

חיפה, ו׳ אדר א׳, תשי״ז (7.2.57)

באמערקונג: צוליב דעם וואס דער העברייאישער טייל פון בוך איז שוין געווען געשלאסן, זענען די אנדעקונגס־ווערטער געשריבן אין יידיש.

# התוכן



## הווי



## מוסדות וארגונים



## התנועה הציונית

## בית־הספר „תרבות״



## מפי זקנים



## אישים

א. קדושים וטהורים הי״ד (נפלו בידי הנאצים)



ב. מן הדור הישן (וגם החדש)

נפטרו לעולמם בארץ



## ה ש ו א ה



## פ ר ט י ז נ י ם



## אחרי השואה

## הקהלה הקטנה (רובליה)



## יזכור

## אידישער טייל



## פון די קינדער יארן



## רביים און כלל טוער



## ערב מלחמה



## די לעצטע טעג און לעצטע שעה׳ן



## פארטיזאנער דערציילן

# תקוני טעויות

| עמוד | | שורה | נדפס | צ״ל |
|---|---|---|---|---|
| 26 | 6 | מלמטה | לחבה | בְּכָבָהּ |
| 27 | 7 | מלמעלה | לחבה | לכבה |
| 44 | 1 | מלמעלה | מחרבת | מחברת |
| 58 | 9 | מלמטה | אידל | איצל |
| 87 | 4 | מלמעלה | במהירות | בבהירות |
| 109 | 4 | מלמטה | צאטלוביצני | דיטלוביצקי |
| 116 | 4 | מלמעלה | צעדו | צערו |
| 126 | 5 | מלמטה | מאיר״ | מאידי |
| 136 | 5 | מלמטה | מדולפין | מאנלפין |
| 158 | 19/21 | מלמעלה | אוכלי | אורלי |
| 170 | 16 | מלמעלה | הסער | השער |
| 173 | 15 | מלמטה | בקהלה | בקהל |
| 179 | 7 | מלמטה | לשלשים | לשלושים |
| 204 | 16 | מלמטה | רבינו | ראינו |
| 218 | 7 | מלמעלה | אונישו | אוניושקו |
| 221 | 5 | מלמטה | רעתי | רעותי |
| 227 | 1 | מלמעלה | קרבצוק | קרבציק |
| 228 | 13 | מלמעלה | ארע | אירע |
| 231 | 1 | מלמעלה | נקמתו | נקמתי |
| 261 | 16 | מלמעלה | הצטמן | הצטיין |
| 322 | | תמונות | שׂרמוק ישראל | פייוויל |
| 350 | 7 | מלמעלה | ד. הארדאק | ד. הארדאקער |
| 356 | 22 | מלמעלה | פאוגיו | פאווק |
| 357 | 19 | מלמעלה | מופיע | פעמים |
| 409 | | אחרונה | הארדאקעד | הארדאקער |
| 411 | 3 | מלמטה | שוארא | שאזורא |
| 423 | 10 | מלמעלה | שאלקאוועד | זשאלקאווער |
| 430 | 5 | מלמעלה | קלויז | קליין |